# אַלע ווערק

פון

# פרץ הירשביין

ווילנע — 1929

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין

געווידמעט אסתר שומיאַטשער

# גאַרבן פון שטילשווייגן

ד י כ ט ע ר : וואָס הערט זיך דרויסן, מיין פריינט?

פ ו י ע ר : די לבנה נעמט צונויף די גאַרבן פון שטילשווייגן, מיין פריינט.

# קיין אינדיע

שוין צוויי יאָר, אַז איך צי קיין אינדיע, דאָס לאַנד, וואָס איז אַזוי פֿאַרנעפּלט פֿאַר דעם באַגריף פֿון מערבֿ־מענטשן, כאָטש איך האָב פֿאַר דער צייט געלעבט אין אויפֿגעוואַכטן יאַפּאַן, אין דער אַפּיקורסישער און איצטער רעוואָלוציאָנערער כינע — נאָר צו דער חסידיש־מיסטישער אינדיע האָט עס מיך צום שטאַרקסטן געצויגן.

אינדיע — דאָס לאַנד, וואו טויזנטער יאָרן לעבט אַ גרויס פֿאָלק ביים ליכט פֿון אָוונטשטערן און וואַרט נאָך אַלץ, אַז דער מאָרגנשטערן זאָל נאָך אויפֿגיין איבערן לעבן.

אינדיע — דאָס לאַנד, וואו פֿעלקער האָבן פֿון די אוראַלטע צייטן אַראָפּגעבראַכט ביז צו אונזערע טעג לעבן און שטייגער און וואו מען האָדעוועט נאָך אַלע געטער און אָפּגעטער, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין דמיון פֿון אַמאָליקע דורות.

אין אינדיע גייען נאָך אום מענטשן מיט נביאישן גלויבן און שיקן גייסטיקע שליחותן צו דער וועלט. און אינדיע איז אויך דאָס לאַנד, וואו פֿאַקירן קענען טרעטן איבער ברענענדיקע קוילן און פֿאַרברענען ניט זייערע טריט; שטעכן מיט שפּיזן דאָס לייב און פֿאַרוואונדיקן ניט דאָס לייב.

אינדיע — וואו עס לעבט אַ פֿאָלק פֿון דריי הונדערט מיליאָן און פֿונדעסטוועגן איז אין לאַנד נאָך פֿאַרהאַנען אָרט פֿאַר דזשאָנגל, וואו העלפֿאַנט, טיגער און לעמפּערט לעבן זייער לעבן. און אין אינדיע גייען אום אין די גאַסן פֿון לעבן פּרושים און בטלנים, וואָס שפּרייטן הייליקייט אינאיינעם מיט שפּלות; אינדיע, וואו מען טרעט ניט שווער אויף קיין גראָז, כדי אים ניט צו ווייטאָגן, און וואו מען ברענגט נאָך אויך קרבנות צו ניט־געשטויגענע געטער.

אינדיע — וואו עס איז די גרעסטע קלאַסן־צעטיילונג, אָדער קאַסטן־סיסטעמע, וואו די מענטשלעכע געזעלשאַפט איז צעקעסטלט און צעטיילט לויט מדרגה און שאַטירונג, וואו אַ מענטש פון אַ נידעריקער מדרגה באַדאַרף שטיין צען טריט אָפּגעטראָטן, ווען ער רעדט צו אַ מענטשן פון אַ העכערער מדרגה.

דאָ און דאָרטן, אַז איך האָב באַגעגנט אינדוסן, די געבילדעטע פון זיי, האָבן זיי שטענדיק גערעדט מיט מיר פון נשמה־ענינים, פון וועלטן, וואָס זיינען פול מיט רוחניות.

די אויסדערווײלטע פון דער מערב־וועלט, אין צייט פון יאוש, אין רגע פון איבערגעזעטיקטקייט און גייסטיקן באַנקראָט, האָבן אָפט אויפגעהויבן די אויגן צו מזרח, צו אינדיע און געהערט, וואָס זאָגט מען דאָרטן. דאָרטן רעדט מען פון רחמנות, דאָרטן דערציילט מען, אַז אין יעדן גרעזעלע לעבט אַ לעבן; אין אַ גרעזעלע קען אָפטמאָל מגולגל ווערן אַ נשמה פון אַ מענטשן, וואָס האָט נאָך אינגאַנצן ניט אויסגעלעבט דאָס לעבן און מוז בייטן דעם גוף — פון מענטשן אין אַ גראָז אַריין...

אינדיע, וואו דאָס פאָלק באַנוגנט זיך מיט גאָרניט; קען לעבן פון תעניתים און זיך דורכרעדן מיט די שטערן. דאָרטן האָט אַ דיכטער פאַרן איינשלאָפן געפרעגט ביי אַ פויער:

— זאָג מיר, פריינד, וואָס הערט זיך דרויסן?

האָט געענטפערט דער פויער:

— די לבנה נעמט צונויף די גאַרבן פון שטילשווייגן, מיין פריינד.

עמעצער קלייבט די גאַרבן פון שטילשווייגן אין אינדיע און דעריבער האָט אַ וויס פאָלק געקענט אַזוי גרינג באַהערשן דאָס גאַנצע לאַנד. ענגלאַנד באַהערשט אינדיע, און דאָס גאַנצע פאָלק, ווי אַ גרויסע אָווערע אין ברעגעס איינגעשלאָסן, צאַפּלט זיך, צאַפּלט זיך און בלייבט אין די ברעגעס איינגעקלאַמערט. און מען חידושט זיך, ווי אַזאַ גרויס פאָלק מיט אַ הויכער קולטור און וואָס ציט די היסטאָריע פון צוריק מיט טויזנטער און טויזנטער יאָרן — ווי אַזוי קען איין האַנט האַלטן אַ גאַנצן וואַלד אין קלעם?

מאַהאַטמאַ גאַנדהי האָט דאָס אינדישע פאָלק אויף איין רגע אויפגעוועקט און האָט עס געפירט, פיזיש אַנטקעגן דעם פרעמדן

אין לאַנד און גייסטיק — אַנטקעגן דער מערב־וועלט. איז זיין גייסט געווען, ווי דער שטורעמווינט, וואָס טראָגט זיך איבער אַ וואַלד און דערנענטערט בוים מיט בוים; איז עס געווען ווי דער ציקלאָן, וואָס נעמט צונויף דעם שטויב פון מדבר אין איין מעכטיקן זייל; וואָס נעמט צונויף די וואַסערן פון אָקעאַן אין איין זייל און שפּאַרט אונטער די וואָלקן — — — גייט דער שטורעם אַריבער און די ביימער דערווייטערן זיך. פאַלט דער ציקלאָן און מיט אים — דער שטויב־זייל.

ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע, דער גרויסער אינדישער דיכטער, האָט מיט זיין פּאָעזיע אויפגעעפנט אַ פענסטער צו זיין לאַנד. ערשט איצטער שפּירט מען, אַז דער פענסטער איז אַ פאַרנאַכטיק ראָזער און דורכקוקן דורך אים, מיינט, צו קוקן אין אַ אָוונט אַריין. אַ לאַמטעדיגע באַדאַרף מען האָבן צו לאָזן זיך אויף דעם שטעג, וואָס ער ווייזט אָן.

אויגן אינדישע זיינען אַ מיסטעריע. זייער בליק — אַ רעטעניש, זייער פייער — ווי פון אַ פייערשטיין, זיי גליען און ווילן שווייגנדיק פון זיך דערציילן.

---

צו מיר קומט צו אַן ענגלענדער, וואָס האָט די גאַנצע דריי וואָכן אויפן שיף מיט מיר ניט גערעדט, כאָטש מיר וואוינען אויף איין קאָרידאָר. איצטער האָט ער מיך דערזעען און זיך געווענדט:

— צום ערשטן מאָל קיין אינדיע?

— יאָ, צום ערשט מאָל. און דו?

— איך בין געבוירן געוואָרן אין אינדיע און איינמאָל אין דריי יאָר פאָר איך אַהיים קיין ענגלאַנד, זיך גוט אַרומוואַשן און אַרויפציען אויף זיך אַ קולטורעלע הויט.

— איז איצטער רויק אין אינדיע? — פרעג איך אים.

— וואָס הייסט ביי דיר רויק? אַז ענגלאַנד פירט ביים האַנט, איז דאָס קינד רויק. אַלע פעלקער פון מזרח זיינען געגליכנט צו קליינע קינדער, איינס שטיפט מער, דאָס אַנדערע ווינציקער — פירן מוז מען זיי. קינדער ברעכן שויבן, קינדער קריכן אין די אויגן

אַריין אויך — ווער נאָך ווי ענגלאַנד וואָלט געקענט האַלטן אַ פאָלק פון דריי הונדערט מיליאָן?

איך באַמערק, ווי די אינדוסן, וואָס פאָרן אויפן שיף, רודערן זיך, באַהאַלטן ניט זייער אויפרעגונג, ווען די שיף איז אַריין אין די היימישע וואַסערן אַריין. איך האָב אויך באַמערקט, אַז אין אָנהייב פון דער רייזע האָבן זיך די ענגלענדער אויפן שיף געהאַלטן מיט די אינדוסן, ווי מיט זייער גלייכן; זיך באַגריסט און פון צייט צו צייט זיך דורכגעוואָרפן מיט עטלעכע ווערטער, און איצטער, זינט מען איז אַריין אין די אינדישע וואַסערן אַריין — צווויי באַזונדערע וועלטן: מען קוקט פון אויבן אַראָפּ צום קינד, וואָס צו זיין לאַנד דערנענטערט מען זיך איצטער.

האָב איך אַ פרעג געטאָן מיין ענגלענדער:

— וואָס איז די מעשה, וואָס די לעצטע פאָר טעג האָבן אַיערע זיך אַזוי דערווייטערט פון די אינדישע פאַסאַזשירן?

— איר, אַמעריקאַנער, זייט צו דעמאָקראַטיש. מיר טאָרן דאָס ניט באַווייזן. אויסער די אינדישע וואַסערן זיינען מיר גלייכע בירגער. דאָ איז זיין היים, באַדאַרף דער אינדוס וויסן, אַז ער איז דער באַזיגטער.

איצטער, מיט ענגלאַנדס דערלויבעניש, ציי איך קיין אינדיע. אויף אַן ענגלישער שיף פאָר איך. פאָרן מיט מיר אינדוסן, וואָס ענגלאַנד האָט „דערלויבט" צו פאָרן קיין אינדיע. די שיף איז שוין אין די אינדישע וואַסערן און די אינדוסן זיצן צונויפגעקאָרטשעט. אין זייערע אייגענע וואַסערן פאַרפרעמדט געוואָרן.

דאָ איז דער בענגאַלישער ים־אויסגוס. דאָ פילט מען שוין דעם ווינט, וואָס קומט אָן מיט די וואַסערן פון אינדיעס גרויסע און הייליקע טייכן און, אינאיינעם מיט דעם ווינט, קומט פון ברעג די מיסטעריע פון צייטן. איך ציי פון אַ לאַנד, וואָס ציילט פיר הונדערט מיליאָן נפשות און קום צו אַ לאַנד, וואָס ציילט דריי הונדערט מיליאָן נפשות.

---

מיר דערנענטערן זיך צום מויל פון הוגלי טייך, אַ צווייג פון גאַנגעס — דער הייליקסטער פון אַלע טייכן. עס איז פונקט

זונפאַרגאַנג, ווען די מויל פון טייך באַווייזט זיך און אַ גאַנצע נאַכט וועט די שיף שניידן די הייליקע וואַסערן. קופּער-רויטלעך פאַרבט דער פאַרנאַכט דעם שטראָם. די בליקן זוכן אין שטראָם, פון אים וויל איך עפּעס דערגיין איידער איך וועל אָנקומען צום אומבאַקאַנטן לאַנד. דער פאַרנאַכט איז אַ פייכט-הייסער און די זון ווערט צערונען ביים מערב-ראַנד און גיסט איר פורפור-וואַרעמקייט אויף אַ ברעג, אין רעכטן זייט, וואָס איז געדיכט באַוועלדערט מיט קאָקאָנוס-פּאַלמען. דער שטראָם קומט אָן מיט אַ לייכטןווינטל. אַ פישער-שיפל — מיט דער גאַנצער פאַמיליע אויפן שיפל. מאַן און ווייב, געוויקלט אין גרוי-ברודיקע ליילעכער, פּאַטשן מיט די רודערס אין וואַסער און שניידן די ברייט פון טייך. די שוואַרצע בליקן צילן צום שיף אַרויף. קינדער ציען די העלזלעך און קוקן אַרויף. ניטאָ קיין איין וואַרעמער שטריך אין די פּנימער. פאַרגליווערטער אָוונט אויף די פּנימער.

איך קוק צו שטראָם און איידער עס ווערט נאַכט, וויל איך זען, וואָס טראָגט דער הייליקער טייך צום ים אַרויס. דאָס וואַסער האָט ניט קיין זויבערן אויסזען. עס האָט מיך ניט באַאומרויקט די אַמאַזאָנע, די גרעסטע פון די טייכן, ווען איך בין צו איר מויל צוגעקומען. אַ סך גרויסע טייכן קען איך, ווען זיי ברענגען זייערע וואַסערן צום ים אַרויס. נאָר דאָ, ביים טויער פון אינדיע, פאַר קאַלקוטע, דער שוועל פון בענגאַליע — איז דער פאַרנאַכט צו פליצלונג אָנגעקומען.

אָט שווימט אַ קעמפּע מיט אַ פּאָר באַמבוק-ביימלעך, וואָס וואַקסן אויף איר: פון ערגעץ האָט זי דער שטראָם אָפּגעריסן און טראָגט זי צום ים. שווימען קלעצער, ברעטער, שפּענער און — אָט קומט אָן מיטן וואַסער צו שווימען אַ מענטש! ער ליגט מיטן פּנים אַרויף אויסגעצויגן אויף דריי באַמבוק-שטאַנגען, אין אַ לאַנגן דרייעק צונויפגעבונדן. דאָס וואַסער טראָגט אים צום ים.

נאָך גאָר ניט-לאַנג האָט מען כסדר געוואָרפן מתים אין הייליקן טייך אַריין און איין מת האָט דעם אַנדערן באַגלייט אין דעם וואַנדער-וועג. איצטער איז דאָס פאַרווערט. נאָר ווי פאַרשטעלט מען דעם וועג דעם פאַנאַטיזם? ווי פאַרצאַמט מען דעם וועג פאַר די הונ-

דערטער מיליאָנען, וואָס אָטעמען מיט די נשמות פון זייערע הייליקע טייכן? אין דער שטיל לאָזט מען נאָך איצטער אויך אַוועק אַ מת שווימען מיטן הייליקן וואַסער. אויך אים האָט מען געוויס בגנבה אַרויסגעלאָזן אויפן טייך, נאָענטע האָבן אים נאָכגעזונגען:

„אָ, דו, וואָס ביסט היימלאָז סיי אויף דער ערד
„און סיי אויף די וואַסערן —
„זוך ניט מער קיין בגד פון פלייש און בלוט,
„גיי מיט דיין שוויגשטע אַהין,
„וואו די געטער וואַרטן צו שפּילן פאַר דיר,
„אויף דער פלייט פון שטילשווייגן."

עס ווערט אומעטיק פון אַזאַ באַגעגעניש און פון אַזאַ פאַרנאַכט. עס איז דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט. און דאָרט, וואו דו וואַרטסט צו באַגעגענען דאָס לעבן, וואָס זאָל אַרויסקומען אַנטקעגן דיר מיט פּייקלעך און מיט טענץ, קומט גאָר אַרויס יענער טויטער שטילשווייגן, וואָס וויל איבערשרייען אַלע רעיונות.

אימפּעריאַליסטישע מלוכות האָבן צוגעקלערט אַ פּחד פאַרן מזרח, כדי זיך צו קענען באַוואָפענען. שרעקט מען כסדר, אַז אַ צייט וועט קומען, ווען די פעלקער פון מזרח וועלן אויפוואַכן און וועלן זיך אַלע איינאייגעם אַוועקלאָזן און נעמען נקמה פון ווייסן מענטשן אין מערב-לאַנד — דעריבער איז נייטיק צו האַלטן דעם מזרח אונטערדריקט ווי ווייט מעגלעך לענגער.

און עס קלערט זיך:

— ווי ווייט איז דער מהלך פון מערב ביז מזרח? ווי ווייט איז דער מהלך פון זייער האַרץ ביז צום ווייסן מענטשנס האַרץ, אַז די קלעפּ פון הארצן זאָלן זיך צונויפגיסן?

אין יאַפּאַן האָט עס מיר אויסגעזען זייער ווייט. דווקא אין כינע, אין ליכט פון דער רעוואָלוציע, האָט מיר אויסגעוויזן, אַז נאָר אַ דין ווענטל טיילט פונאַנדער מזרח פון מערב. און דאָ, ביים שוועל פון אינדיע, קומט מיר אַנטקעגן אַ מיסטעריעזע וואַנט פון הייליקן טייך אַרויס. איך קוק נאָך דעם מענטשן, וואָס שווימט צום ים מיטן פּנים אַרויף, און איך פרעג ווידער ביי זיך:

— ווי ווייט איז מזרח פון מערב?

אין דרום־אַפריקע, אַמאָל, אַז איך האָב זיך דערווייטערט פון ישוב, איז מיר געקומען אַנטקעגן אַ מחנה גרויסע מאַלפּעס. אַ רגע האָבן זיי מיך אָנגעקוקט און, מיט אַן אויסגעשריי, אַנטלאָפן געוואָרן. יעמאָלט האָט אויף מיר אַ בלאָז געטאָן מיט פרימאָרגן; מיט דעם אָנהייב פון מענטשנס טריט. איך האָב געוואָלט יענע מאַלפּעס נאָכשרייען, זיי זאָלן פאַר מיר ניט האָבן קיין מורא. אַדרבא, איך וויל זיך מיט זיי באַקענען, ווייל איך, ווי זיי, האָב ליב די ליכטיקע זון. און דאָ, פאַרנאַכט, האָט זיך דערטראָגן אַ מיסטעריע צו מיר, וואָס איך האָב דערווייל קיין באַשייד צו איר ניט געקענט געפינען.

ביי קיין שום פאָלק איז די שטילקייט ניט געוואָרן אַזאַ קולט, ווי ביי די אינדוסן. מעגלעך, אַז אין לעבן וועל איך זיי גאָר געפינען אַזוי שרייעדיק ווי די אַלע אַנדערע קינדער פון וויטן מזרח, וואָס מיר האָבן אָנגענומען פאַר גרויסע שווייגערס. נאָר קיין שום פאָלק האָט דורך איר פּאָעזיע אַזוי ניט געזשאָנגלירט מיט שטילשווייגן, ווי עס טוען די אינדישע פּאָעטן.

וואָס קען איך אַרויסנעמען פון פאַרנאַכט אַרויס, וואָס איז מיר געקומען באַגעגענען מיט אַזאַ מעלאַנכאָליע איבערן טייך און איבער די באַבוימערטע ברעגעס, וואָס באַווייזן זיך פון ביידע זייטן?

---

די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן טייך. איך הער דעם גערויש פון דער קייט, וואָס האַלט דעם אַנקער. מען פאַראַנקערט זיך אינמיטן טייך אויף אַ גאַנצער נאַכט: אַ סכנה. דער שטראָם טראָגט אָן זאַמד־בענק און די שיף קען ביינאַכט דעם וועג ניט געפינען. עס וועט אויסקומען צו נעכטיקן אינמיטן טייך. ערשט באַגינען וועט מען זיך לאָזן צום ראַנד פון לאַנד.

איז מיר פאַרבליבן נאָכצוקוקן דעם פאַרגייענדיקן טאָג און דעם אונטשטערן, וואָס האָט זיך באַוויזן אין מערב־זייט.

---

# קאַלקוטע און די הייליקע קו

1

אין אַ זוניקן און הייסן פרימאָרגן האָט זיך מיין שיף צוגעשטעלט צום וואַנט פון קאַלקוטער האַפן און זיך אָנגעשפּאַרט אין אינדישן לעבן. די אָרעמקייט, וואָס קומט אַרויס צום שיף פאַרדינען, איז אַ שרייעדיקע, אַ האַלב־נאַקעטע און אויסגעהונגערטע.

אַ באַקאַנטער אינדוס האָט מיר אַמאָל געזאָגט: — „גאַנץ אינדיע גייט אום מיט אַ ליידיקן מאָגן".

איך האָב אים גלייך דערזען, אָט דעם מענטשן מיטן ליידיקן מאָגן. ווי ים־פייגל, וואָס וואַרפן זיך איינס איבערן אַנדערן בשעת עס באַווייזט זיך אַ שטיקל שפּייז אויפן וואַסער, אַזוי האָט זיך דער עולם אָפּגעריסענע אינדוסן אַ לאָז געטאָן צום שיף. איינער זעט ניט דעם אַנדערן, איינער אַכט ניט דעם אַנדערן, איינס איבערן אַנדערן איז מען געלאָפן. אַן עלטערער, וואָס האַלט אָרדענונג, פּאַקט מיט אַ שטעקן איבער דעם קנויל מענטשן, ער פאַרלאַנגט, זיי זאָלן זיך האַלטן אין אַ סדר, ער פּאַקט מיטן שטעקן און דערלאַנגט ניט. אין זיין פּנים מיט דער שיינער שוואַרצער באָרד ליגט אַ סך גוטסקייט גאָר, און דער שטעקן איז אים איבעריק. דאָ זע איך צום ערשטן מאָל אויפן ווייטן מזרח, אַז מיר, אַחינו־בני־ישראל, האָבן אויך אַמאָל אין מזרח געוואָרעמט די הויט. איינער זעט מיר אויס אינגאַנצן ווי מיין אַמאָליקער רבי, און דער אַנדערער — אַ גאַנצער רב, ווען נאָר ניט זיין הילוך, זיין אָנהויזנדיקייט און דער ליילעך אַרום די היפטן, וואָס לאָזט די פיס נאַקעט אָפּגעדעקט.

די אָרעמקייט האָט דאָ יושר אויך. עס פאַרנעמט ניט אַ טרעגער מער ווי איין פּעקל, זאָל עס זיין גרויס ווי אַ פּעקל שוועבעלעך. האָט איר פינף פּעקלעך — טראָגן עס פינף מענטשן. יע־

דערער באַקומט אַ קליינע מטבע. מיט דעם באַנוגנט מען זיך און מען איז רויק. און אַזוי בין איך אויך מיט מיינע באַגלייטער, פינף אינדוסן, וואָס האָבן געטראָגן מיינע פינף באַשיידענע פעקלעך, אַראָפּ אין גאַס, אין דער שטויביקער גאַס און אין דעם הוי־האַ פון אַזאַ מין לעבן, וואָס רופט אַרויס פאַרדרוס, מיטלייד און באַוואונדערונג.

די שטאָט קאַלקוטע איז געבויט ווי אונזערע אַ שטאָט. ברייטע אָדער שמאָלע געברוקירטע גאַסן, אַספאַלט־טראָטואַרן און אויף דעם אַלעמען האָט זיך אויסגעלייגט אינדיע. אַ סך מענטשן. געדיכט. אַ סך נאַקעטקייט, כאָטש אַ שיינע נאַקעטקייט. גלייך און שלאַנק איז דער אינדוס. דינע פיס ווי צום שטענדיקן לויפן, אָדער צום אייביקן שפּרייזן. זיינע הענט און פינגער איידעלע, דינע. און אויגן — ניטאָ אַזעלכע אויגן איבער גאָר דער וועלט. דאַכט מיר, אַז דער אינדוס ווייסט עס, ער פילט די צוויי שוואַרצע קוילן, וואָס ברענען אין שטערן. ער קאָקעטירט מיט זיינע אויגן.

דאָס לעבן וואַלגערט זיך אויף די טראָטואַרן. ניט פאַ־האַוועט, ניט פאַרשמייעט, ווי אין כינע. דאָ האָט מען צייט. גלייך זע איך, אַז איך בין אומגעלומפּערט מיט מיינע האַסטיקע טריט. אויך מיין ווייסהויטיקייט פּאַסט זיך ניט אַריין. זי האָט זיך אַריינגעפּאַסט צווישן די געלע ראַסן, נאָר דאָ, צווישן די ברוין־הויטיקע, פיל איך, אַז די זון דעקט מיך צופיל אָפּ. דער דורכשניטלעכער אינדוס איז מיט פיינע שטריכן אין פּנים, צומאָל פיינער פון אונזערע. אָרעמקייט האָט עס ניט אַוועקגעהרגעט. הונגער אויך ניט. רוחניות ליגט אויף יעדנס פּנים, מיט אַ צוגאָב פון פאַנאַטיזם.

ביים מענער־עולם איז דאָס פּנים געצייכנט און צוגעפאַרבן, לויט דער קאַסטע און לויט דער רעליגיעזער סעקטע, צו וועלכער ער באַלאַנגט. ביי איינעם איז מיט רויטע און געלע פאַרב צעטיילט דער שטערן אין קוואַדראַטן, ביים אַנדערן איז אַראָפּגעצייכנט אַ רויטער פּאַס פון שטערן אַראָפּ ביז צום שפּיץ נאָז. געל, בלוי, רויט און גרין רעפלעקטירט אויפן פּנים. אַנדערע האָבן רייז־קערנער אָנגעקלעפּט אויפן שטערן. אַש־קאָלירענע צייכנס אויף די באַקן. און ווע־ בלויז מיט איין רויט פּינטעלע אויפן שטערן, העכער איבער די אויגן.

די פיינע שטריכן פון פנים ווערן דעריבער צעבראָכן און עס ווירקט משונהדיק. דאָס זיינען ניט קיין איינצלנע אַזוי געצייכנט און געפאַרבט — די ברייטע מאַסן אין די גאַסן האָבן זיך אַזוי פילקאָלירעדיק געצייכנט. אויף די טיכלעך, וואָס וויקלען אַרום דעם קאָפּ ביי די מענער, זיינען פאַרשיידן אין קאָליר: ראָז, געל, ווייס. געווים שטרייכט עס אונטער דעם פאַך. נאָך דעם אופן, ווי די טוך איז אויסגעוויקלט, דערקענט מען צו וואָס פאַר אַ קאַסט איינער געהערט. זיי דערקענען איינס דעם אַנדערן. זיי ווייסן שוין, ווי איינער פאַרן אַנדערן צו שטיין.

אין דער טרוקענער גרויקייט, וואָס די גרויסע שטאָט ליינט אָן אויף אינדיעס האַלב־הונגעריקער מאַסע, גייען אום די אויסדערוויילטע, די אויפגעקלערטע און פאַרטראַכטע, גייען מיט אַריסטאָקראַטישער ווערדע. גלייך דער קאָפּ. אַרום די אַקסלען אַ געקאָלירטע טוך. אַרום די היפטן און פיס אַרומגעוויקלט מיט אַ זויבערווייסן ליילעך. דער קאָפּ איז אָפּגעדעקט צו דער זון. טריט געציילטע, געמאָסטענע.

— זיינען דאָס די קינדער פון אינדיע, פון דעם אונטערדריקטן פאָלק, וועגן וועלכע מיר רעדן און באַוואונדערן זייער רוחניות, איידלקייט?

אַ סך, אַ סך אַזעלכע פאַרמאָגט די גאַס און זיי זיינען דער גרויסער דיסאָנאַנס אין דעם אַלגעמיינעם בילד. שפּרייזן זיך פאַמעלעך מיטן טראָטואַר און ניט זיי גייט אָן די אָרעמקייט, וואָס ליגט אויסגעשפּרייזט אויפן גאַנצן וועג זייערן.

איך ווייס, אַז אינדיע האָט אירע מיליאָנען אויסדערוויילטע. איינער פּוצט זיך מיט זיין עשירות און דער אַנדערער מיט זיין גייסטיקייט. זיי גייען כמעט דאָ אין גאַס איינס מיטן אַנדערן ניט אָן. איך האָב נאָך דערווייל ניט געזען אינערגעץ אַזאַ געדיכטעניש פון האַר און קנעכט. יעדער איינער, וואָס קען נאָר העכער האַלטן דעם קאָפּ, שלעפּט זיך נאָך אים נאָך אַ קנעכט. איינער גייט און נאָך אים — דער קנעכט מיט אַ אָפענעם שירעם צו באַשיצן אים פון דער זון. איינער גייט אין פּאָסט און דער קנעכט טראָגט אים נאָך דעם בריוו, וואָס ער

באַדאַרף אַריינוואַרפן. איינער פאָרט רייטנדיק און הינטן לויפט אים נאָך דער קנעכט, טראָגט נאָך דעם מאַנטל און שטעקן. ענגלאַנד, וואָס באַהערשט אינדיע, וואַרפט זיך ניט אין די אויגן. אינדיע באַהערשט אינדיע לויט דעם ענגלישן היפּנאָז. אינדיע באַהערשט אינדיע פאַר ענגלאַנדס וועגן.

די בליקן פאַלן דערווײַלע צום יאָגי, צום אַסקעט, דער בטלן, וואָס האָט זיך אינגאַנצן אויסגעטאָן פון דער וועלט און פונדעסטוועגן דרייט ער זיך אַרום אין גאַס, איינגעפאַרבט דאָס פנים מיט געלע, רויטע, בלויע פלעקן; האָר לאַנג און צעפּאַטלט. דאָס פאָלק פאַרגעטערט זיי.

אָט איז זי, די פרוי אַליין, די אונטערטעניקסטע פון אַלע פרויען אויף דער וועלט. גייט אום איינגעוויקלט אין איר סאַרי פון קאָפּ ביז די פיס. זי איז אַ דראָבנע און דער אויסזען איז אַ ברוידיקער (איך רייד פון דער אָרעמקייט, וואָס איז די מערהייט און באַבאַהערשט די גאַס. פינגערלעך אויף די פינגער פון די באָרוועסע פיס, שווערע זילבערנע רינגען אויף ביידע פיס אַרום קנעכל. אויירינגלעך אַרום גאַנצן אויער, און ווענטל פון נאָז — אַ שפּילקע דורכגענומען, אָדער אונטן, ביי די נאָזלעכער דורכגעלעכערט און אַ נאָזבאַנד דורכגענומען. די אָרעמקייט האָט איר צוגעגעבן אַ ציגיינערישן חן. ווייבעלעך צעניאָריקע, צוועלפיאָריקע, שוין מיט קינדערלעך ווי מייזעלעך אויפן פלייצע, גייען זייער וועג באַזונדער, האָבן גאָר קיין שייכות ניט מיט דער מענערישער וועלט. חידושט זיך: ווען גייען זיי זיך צוזאַמען? און ווען טרעפן זיי זיך, ער זאָל איר, דעם קינד, אָנהענגען אַ קינד אויפן האַלז? אַזוי פריקרע צו זען צעניאָריקע קינדער מיט בליקן פון פרויען „ווייסערקעס“, —וואָס ווייסן שוין אַלץ. אַ פרעמדער פייער ברענט אין די אויגן פון אַזעלכע קינדער־מאַמעס. גייט אַן אַנדערע מיט אַ קינד אויפן פלייצע, אַ קינד ביים האַנט און מיט אַ קינד אין בויך און, זי אַליין — אַוודאי פערצן יאָר אַלט!

פאַלט ווידער דיין בליק און געדאַנק אויף די אויסדערווײלטע, וואָס שפּרייזן דורך דער גאַס מיט דער פאַרקלערטקייט און מיט דעם רינג פון הייליקייט אַרום זיך. און וואו הייליקייט — דאָרטן איז

פֿאַרהאַן די אומהיילקייט, די אומריינקייט. און דאָרטן ברענגט דער ריינער דעם אומריינעם פֿאַר אַ קרבן. שוין זע איך אויפֿן ערשטן טריט ווער דער קרבן איז אין דער געדיכטעניש פֿון מענטשן־וואַלד.

אין די ערשטע עטלעכע שעה האָב איך צייט געהאַט צו באַמערקן, אַז דעם ווייסן מענטשן האָט מען ניט ליב. איך ווייס, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען די פֿרייהייטס־באַוועגונג איז געווען שטאַרק, האָט מען דעם ענגלענדער פּשוט אַראָפּגעשטויסן פֿון טראָטואַר און בײַ אַ געלעגנהייט געשפּיגן אין פּנים. איצטער איז מען מילדער. אָבער שפּײַען איז געבליבן באַלד צווייטע נאַטור. עס איז דאָך די גרעסטע פֿאַרשוועכונג אין אינדיע אַ שפּײַ צו טאָן אין שטוב, אָדער פֿאַר אַ צווייטן אין די אויגן, און עטלעכע מאָל האָט געטראָפֿן, אַז מען האָט פֿאַר מײַנע אויגן דעם פֿאַראַכטונגס־שפּײַ געטאָן. און די טיפֿע פֿאַרחלומטע אויגן האָבן אַ גלי געטאָן און באַגלייט דעם „ווייסן“ מענטשן מיט פֿאַראַכטונג. איצטער איז מיר דער בליק באַקאַנט. בײַ געוויסע חיות אונטערטעניקע קען מען עס באַמערקן. אַ פֿאַרטײַעטער בליק, און אונטער דעם בליק ליגט דער גאַנצער אינהאַלט פֿון אַ לעבן, וואָס טראָגט שנאה צום אונטערדריקער.

דאָך קויפֿן אונטער די בנעימותדיקע טריט און די באַזאַכטקייט. דער יאַפּאַנעזער איז פֿאַרהאַוועט; לויפֿט ווי אַ גוטער סוחר אָדער קרעמער. דער כינעזער — ווי אַ בעל־מלאכה, וואָס אײַלט זיך אָפּטראָגן זײַן אַרבעט. דער אינדוס האָט צײַט. אינגאַנצן אין זיך אַרײַנגעטאָן. זײַן קרעמל איז קיין קרעמל ניט. ער מיטן ביסל סחורה קער זיך גאָר ניט אָן. און אַזוי זע איך אים, ווי ער עסט זײַן ביסל רײַז באַגאָסן מיט אַ געלער פֿעפֿערדיקער „קאָרי“. ער עסט מיט די הענט, נאָר איידל. די הענט וואַשט ער פֿריער. צו עסן מיט אַ לעפֿל איז אומריין. לויט זײַן באַגריף איז דער מויל אַ אומריינער אָרט אין מענטשנס גוף און דעריבער, ווען מען טוט איינמאָל אַ לעפֿל אַרײַן אין מויל, ווערט זי אומריין. באַדאַרף מען זי אַוועקוואַרפֿן. שוין צום גלײַכסטן צו עסן מיט די הענט, ניט אָנרירנדיק זיי אָן מויל. יעדער אינדוס טראָגט מיט זיך אַ מעשן קריגעלע מיט וואַסער און גאַנץ אָפֿט זעט מען אים וואַשנדיק זײַן מויל.

וויפֿיל אָרט באַדאַרף ער האָבן פֿאַר זײַן אָפּרו! אָט ליגן זיך די צופֿרידענע און באַפֿרידיקטע אויסגעצויגן אויפֿן טראָטואַר מיטן פּנים אַרויף, די הענט אונטערגעלייגט אונטערן קאָפּ. צי שלאָפֿט ער? צי חלומט ער? דעם מאָגן ווי עס איז אָפּגענאַרט, אַ דראָבנעם פֿאַרדינסטעלע געהאַט — זאָל שוין בעסער די זון באַקן די גלידער. די שטיינער פֿון טראָטואַר זײַנען אים ווייך.

דער יאַפּאַנעזער גייט אין הילצערנע סאַנדאַלן, דער כינעזער — אין ווייכע שיכעלעך. דער אינדוס איז אַ באָרוועסער. נאַקעטע פֿאָלקעס. און דאַכט מיר, אַז אַפֿילו די אָרעמקייט בײַ די אויבנדערמאָנטע פֿעלקער איז אַ שטאָלצערע. די אינדישע אָרעמקייט, וואָס קומט אַנטקעגן, ברייט און לאַנג, איז אַ אַנידערגעשלאָגענע, צומאָל הינטיש אָרעם און חיהש אונטערטעניק.

גלײַך פֿון אויבנאויף דערקענט מען די ווירקונג פֿון דער קלאַסן־צעטיילונג, אָדער קאַסט־סיסטעמע, וואָס האָט די ברייטע מאַסן פֿון אינדיע דערנידעריקט ביז צום שטויב.

2

איך האָב געוואוסט, אַז אין אינדיע פֿאַרהייליקט מען און מען פֿאַרערט די קו. פֿונדעסטוועגן, ביז מען קריגט אַליין ניט אָפּגעטראָטן די פֿיס פֿון אַ קו אויפֿן טראָטואַר, אין קאַלקוטע, די גרעסטע שטאָט אין אינדיע, ביז יעמאָלט באַגרײַפֿט מען ניט, וואָס דאָס מיינט אַ פֿאָלק, וואָס וויקלט אויך דעם העלן טאָג אין אַ מיסטעריע אײַן. פֿאַרהייליקט האָט מען דעם אָקס בײַ די אַמאָליקע עגיפּטער און די קו און דער אָקס זײַנען הייליק אין אינדיע ביז הײַנטיקן טאָג. צו טויטן אַ קו איז איצטער נאָך פֿאַררעכנט פֿאַר אַ זינד, ווי צו טויטן אַ בראַמינער.

אין קאַלקוטע האָב איך געטראָפֿן די קו גאָר פֿון אויבנאָן, צי אין די הויפּט־גאַסן, אָדער זײַטיקע געסלעך. זיי זײַנען בירגער פֿון דער גאַס און דאָס פֿאָלק היט זיי ווי אַן אויג אין קאָפּ. הונדערטער, הונדערטער פֿאַרמאָגט זיי קאַלקוטע אין אירע גאַסן און

אויך זיי האָבן זיך איינגעשלאָסן אין דעם אַלגעמיינעם לעבנסבילד. זילבער-גרויע קו, אָן הערנער, מיט שווערע גוידערס. דאָ אין גאַס באַגעגנט מען אויך דעם הייליקן אָקס מיט זיין אויפגעטורעמטן פעסטן קאַרק און שווערן גוידער. צוליב זיין זכות פאַרמערט מען זיך אין גאַס און די קו געבערן זייערע קעלבעלעך אין גאַס.

געוויס האָט דאָס פאָלק אַ סך צאַרטע באַציונגען צום לעבעדיקן וועזן בכלל. אויב דער אינדוס עסט ניט קיין פלייש, און זיינע הענט זיינען ריין פון בלוט-פאַרגיסונג — איז דאָך עס אַ סימן פון אַ געליייטערטן אַרט דענקען. אַזוי וויל עס אויך גאַנדהי באַגרינדן. אַזוי וויל אויך גאַנדהי באַגרינדן די גרויסע טייכן אין אינדיע און זייער הייליקייט איז צוליב דעם, וואָס די טייכן דינען געטריי דאָס פאָלק, העלפן דעם פויער צו קריגן זיין שפע פון פעלד. גאַנדהי פאַרענטפערט אויך די ליבשאַפט צו דער קו, וואָס האָט טיפע וואָרצלען אין לעבן פון אָרעמען פאָלק.

די קו גיט מילך דעם אָרעמען פויער. די מילך איז זיין איינציקער חיונה-קוואַל. די קו גיט איר מיסט צו באַמיסטיקן און באַפרוכפערן דאָס אָרעמע שטיקל פעלד. ווער נאָך דינט אַזוי איבערגעגעבן און טריי דעם אָרעמען פויער ווי די קו? איז קיין חידוש ניט, וואָס דער אינדוס, וואָס איז דאַנקבאַר דער נאַטור פאַר אירע חסדים, וואָס זי טוט דעם מענטשן, דער עיקר, דעם פויער, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַריבער אַכציק פּראָצענט פון אינדישן פאָלק — איז דען אַ חידוש, וואָס אַזויפיל כבוד טוט דאָס פאָלקן אָן דער קו?

איצטער איז דאָך די קו דער גרויסער שטרויכלשטיין אין לעבן פון גאַנצן פאָלק. צוויי הונדערט און דרייסיק מיליאָן אינדוסן, וואָס פאַרהייליקן די קו, און ביי זיבעציק מיליאָן מאַכמעדאַנער, וואָס שעכטן די קו און אין זייערע גאַסן, אין די יאַטקעס הענגען אַרויסגעהאַנגען זייטן פלייש. פאַר יום-טובים, ווען די מאַכמעדאַנער שלאַכטן אַ קו עפנטלעך, אין יענער צייט ברעכן אויס אמתע מלחמות צווישן די אינדוסן און די מאַכמעדאַנער. און דער תהום, וואָס עקסיסטירט נאָך ביי היינטיקן טאָג צווישן די מאַכמעדאַנער און אינדוסן, איז

אַ גאָר טיפער. אויף דעם דאָזיקן תהום בויט די אימפּעריאַליסטישע ענגלאַנד איר בריק, אויף וועלכן זי פירט אירע אַמביציעס דורך אין אינדיע. דו קען איז די סיבה פון דעם גרויסן פירוד=לבבות אין אַ לאַנד, וואָס וויל זיך באַפרייען פון אַ פרעמדן יאָך.

— צי ווייסן דאָס די מחנות קו, וואָס מאַכן פול די גאַסן פון קאַלקוטע?

און וויפיל צערטלעכקייט די באַפעלקערונג באַווייזט אַ־ויס צו זיי! אין גאַס וואַקסט ניט קיין גראָז פאַר זיי. אין גאַס זיינען ניט פאַרהאַנען קיין שטאַלן פאַר זיי. די גאַס אַליין איז זייער היים. די גאַס אַליין איז זייער פיטער=פּלאַץ. די קו האָט איר צוטריט, וואו זי וויל. פאַר איר זיינען אָפן די קלייטן. פאַר איר זיינען אָפן די שפּייז=קראָמען. וואו עס שטייען אָפענע זעקלעך מיט תבואה — דאָרטן האָבן די קו אַ צוטריט. עס זעט אויס, און אפשר איז עס אַזוי, אַז דער קרעמער זיצט אין זיין געוועלב מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרט, אַז אַ קו אָדער טאַקע ער אַליין, אָדער אַ קעלבעלע זאָלן באַוויליקן אַריבערטרעטן זיין שוועל און פאַרזוכן פון זיין תבואה אָדער גרויפּן. ער רייבט זיך די הענט און אויף זיין פּנים איז אויסגעגאָסן צופרידנקייט. די קו האָט אויך איר אויסרעכענונג אין יושר. זי נעמט אָן אַ מויל תבואה און גייט אַרויס צוריק אויפן טראָטואַר. זי באַדאַרף גאָרניט בדלות שטעלן איין אָרעמען קרע־מער. די צווייטע מיר — נאָך אַ קרעמל, אַן אַנדער מין תבואה. מען באַדאַרף ביי אַלעמען פאַרזוכן צוביסלעך.

אויף די געמערקן, וואו מען פאַרקויפט גרינצייג, דאָרטן זיינען די קו די הויפּט=מחותנים, טרעטן ממש אָפּ די פיס. פון איין גע־שטעל אַרויסגעצויגן אַ פאָר מערעלעך און פון אַנדערן אַ הויפּטל קרויט; דאָ קעפּל סאַלאַט, און אַ באַנאַנע=בלאַט איז אויך אַ מאכל. קענטיק אויף די קו, אַז זיי ליידן ניט קיין הונגער. אויף די יונ־גערע, געזינטערע גלאַנצט די פעל, פעט, אויסגערונדיקט.

שלעפּן זיך אויך אַרום אַלטע, פאַרזאָרגטע קו מיט קנייטשן אויבן שטערן. שטעלן מיט ווערדע די טריט, וואַרפן דערפאַרענע בליקן אויף אַלע זייטן. די קו אײַלן זיך ניט. דער אַוטאָמאָביל, צי דער

טראַמוויי מאַכט אויף זיי ניט קיין אײַנדרוק. גלויבן געוויס, ווי אַלע גלויביקע אינדוסן, אַז שוין מיט צען טויזנט יאָר צוריק האָט אינדיע פאַרמאָגט אַווטאָמאָבילן און טראַמווייען; נאָך מיט צען טויזנט יאָר צוריק האָט אינדיע געהאַט אַעראָפלאַנען, טעלעגראַף און טעלעפאָנען און אַפילו ראַדיאָ אויך.

אַז אַ קו שטייט אַ פאַרטראַכטע אינמיטן גאַס און דער אַווטאָמאָביל טרובעט און וואָרנט — העלפט עס ניט. דער שאָפער מוז במחילה אַרויסגיין פון זיין אַווטאָמאָביל און גאַנץ העפלעך אַראָפפירן די קו פון מיטן גאַס אויפן טראָטואַר אַרויף. און אַזוי טרעפט עס גאַנץ אָפט מיטן טראַמוואַי, אַז אַ קו שטעלט זיך אַנידער מעלה־גירה־זיין צווישן די רעלסן, רירט זיך פון אָרט ניט. דער קאָנדוקטאָר שטעלט דעם טראַמוואַי אָפ, פירט די פריצטע אַרויף אויפן טראָטואַר, גלעטנדיק איר גוידער. פאַרשטייט זיך, אַז אויף די טראָטואַרן פאַרנעמען זיי דעם אויבנאָן. ווען אָפגעגעסן צו זאַט, ווען אַ ביסל מידלעך, לייגט מען זיך צו ביים וואַנט פון אַ הויז, ביים זייט פון די מאַסן, וואָס כאַפן אַ דרעמל אַזוי אויף דער ערד — און אַזוי גייט דאָס לעבן.

ביינאַכט, אַז איר גייט אין גאַס, באַדאַרפט איר זיך היטן ניט אָנצוטרעטן אויף די קי און קעלבלעך, וואָס ליגן גאַנץ שווער אויסגעלייגט אויף די טראָטואַרן. אין די קילערע נעכט האָבן די איינוואוינער זיי אין זינען און, וואו אַ קעלבל, וואו אַ שוואַכע קו, קומט אַ שכן אַרויס פון שטוב און דעקט אַריבער די קו, אָדער קעלבל, וואָס האָט באַוויליקט זיך לייגן אָפרוען לעבן זיין טיר.

די קי מיסטיקן די גאַסן, מיסטיקן די טראָטואַרן. זיינען ניט שטאַרק איבערקלייבעריש. נאָר קו־מיסט איז אַ וויכטיקער אַרטיקל אין אינדיע. מיט קו־מיסט שמירט מען אויס דאָס הויז גאַנץ אָפט, כדי צו „רייניקן" עס. און בכלל נאָך יעדער רייניקונג, ווען, למשל, עמעצער איז געשטאָרבן אין אַ הויז, שמירט מען אינעווייניק דאָס גאַנצע הויז אויס מיט מיסט. גייען טאַקע אום די פרויען אין די גאַסן און קלייבן גאַנץ פאָרזיכטיק אויף די מיסט, מען קנעט עס אויפן טראָטואַר אין פלעצלעך אויס און טאַקע דאָ טריקנט זיך עס אין דער זון.

אַ קעלבעלע, אַ אַש־גרויינקע האָט מיך אַזוי אַרומגעשמעקט לעבן דער גרויסער קאַלקוטער פּאָסט און דווקא מיך באַגלייט אין סאַמע פּאָסט אַריין. וואָס האָט זיך דאָס קעלבל אַזוי צוגעבונדן צו מיר? און צי האָט זי באַגריפן, אַז צווישן די אָנגעקומענע געסט קיין אינדיע געפינען זיך אַזעלכע, וואָס ווינטשן דעם אינדישן פאָלק און אויך די קו אין די גאַסן פון לעבן קיין בייז ניט?

אויף צו שלעפן שווערע משאות און אויך פאַר דעם רייכן מאַן צו ברענגען פאַר אַ קרבן פאַר דער געטין קאַלי, אָט דאָס פאַלט שוין אויס אויפן גורל פון בופלאָקס: אַ אומעטיקע, ברוין־שוואַרצע באַשעפעניש, מיט שווערע הערנער אויף די זייטן פאַרוואָרפן, די פעל אויסגעקראָכן מיט אַ ברודנעם אויסזען — אַ פאַריער אַליין פאַר זיך. אָט די דאָזיקע בופלאָקסן האָט מען אין אינדיע פאַר־משפט צו שווערער אַרבעט. און עס האָט מיר געחידושט, ווי אַזוי דער אינדוס, וואָס האָט אַזויפיל צערטלעכע געפילן צו דער קו און איר אָפּגעגעבן דעם סאַמע אויבנאָן אין לעבן — כוואָשטשעט מיט דער בייטש אַזוי שווער און טעמפּ דעם בופלאָקס, פאַר די אויגן פון די הייליקע קו און קעלבלעך, וואָס ליגן זיך איינגעלייגט אויף די טראָטואַרן. אָבער דאָס איז מסתמא לאָגיש אין אַ לאַנד, וואו די מענטשלעכע געזעלשאַפט איז אַזוי קרום פונאַנדערגעטיילט; וואו די אָרעמקייט פון די ברייטע מאַסן איז אַן אָנגעצייכנטע פון די געטער אַליין.

איך האָב נאָר געטראַכט: וואָס אַזוינס שפּירן די יחסנטעס און יחסנים, וואָס ליגן זיך אויף די טראָטואַרן און זיינען מעלה־גירה? וואָס טראַכטן די דאָזיקע, וועמעס מיסט עס איז הייליק, ווען עס ציט אַ בופלאָקס דורך דער גאַס געשפּאַנט אין אַ שווערער משא און דער יאָך פאַרדעוועט זיין אָפּגעריבענעם קאַרק?

אין אַ גאַנץ פרעמדן לעבנסשטייגער בין איך אַריינגעפאַלן גלייך פון שיף אַראָפּ. צייטנווייז האָט מיר אויסגעוויזן, אַז איך אַליין בין ערשט נעכטן געבוירן געוואָרן מיט מיינע באַגריפן, און צייטנווייז האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז די אינדוסן זיינען נאָך די גאָר יונגע קינדער, וואָס עקשנען זיך מיט אַ קינדערשער עקשנות צו פאַרלייקענען אונזער פאָרגעשריטנקייט.

ווען איך בין אַרויס פון פּאָסט, איז דאָס קעלבל מיר נאָכגעגאַנגען. די לעבעדיקע גאַס האָט אַנגעקוואָלן פון דעם און איך האָב געשפּירט, אַז דאָס קעלבלס אָנערקענונג האָט מיך געמאַכט גליק אין די אויגן פון דער גאַס.

---

# ביי יונג־אינדיע

## 1

אין מיינע רייזעס איבער לענדער, וואו דער „ווייסער מענטש" איז פאַר די איינוואוינער פון לאַנד אַ בייזע רעטעניש, אין אַזוינע לענדער האָב איך געהאַט פון צייט צו צייט פאַרשיידענע איבערלעבונגען. ביים גאָר פּרימיטיוון מענטשן, ווי ביים מאַאָרי, אין נייזעעלאַנד, ביים פּאַפּואַנער, פון אויסטראַליע, אָדער צווישן די נעגער־שבטים אין אַפריקע — דאָרטן האָב איך באַמערקט, אַז אונזערער אַ מענטש רופט אַרויס חוזק און מורא; ביידע זאַכן אינאיינעם.

מיר איז פיל מאָל אויסגעקומען איבערצוטראָגן דעם שוימיקן געלעכטער פון אַ נאַקעטן קאַפיר־בחור אָדער מיידל אין אַפריקע. איך האָב זיי אויסגעזען קאָמיש און, וויבאַלד נאָר זיי האָבן דערשפּירט, אַז איך בין זיי ניט געפערלעך, האָט זיך אויף אַ נאַטירלעכן אופן ביי זיי אַרויסגעריסן אַ געלעכטער פון יעדן וואָרט מיינעם, וואָס איך האָב געזאָגט.

צייטנווייז איז דער געלעכטער געווען אַ קינדישער, פונקט ווי עס צעלאַכט זיך אַ קינד פון אַ באַוועגונג, וואָס אַ דערוואַקסענער מאַכט און וואָס דעם קינד זעט עס אויס אומגעלומפּערט. אין אַזעלכע פאַלן האָב איך זיך גוט אַמוזירט מיט זייער געלעכטער. אָפט האָב איך אין געלעכטער געשפּירט אַ גוטמוטיקע צופרידנקייט, ווייל קיין אַנדערן אויסדרוק האָט דער פּרימיטיווער מענטש ניט געפונען און מיט זיין גוטמוטיקן געלעכטער האָט ער עס געוואָלט אויסדריקן.

אַנדערש אָבער זיינען די געפילן, ווען דו באַגעגנסט זיך מיט פאַרשטייער פון די אַזיאַטישע פעלקער, גרויסהאַלטער, וואָס דענקען, אַז קולטורעל זיינען זיי העכער פון די אייראָפּעער. און דערביי קומט נאָך צו דער פולער באַוואוסטזיין זייערער, אַז דער אייראָפּעער איז די

הונגעריקסטע חיה אויף דער ערד, וואָס נישטערט און זוכט אין יעדן פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל אויף דער ערד! סיי אין ריינעם און סיי אין אומריינעם, וועט ער זיינע הענט אַריינשטעקן, עפּעס פֿון דאָרט אַרויסצושלעפּן. עס איז ניט קיין חידוש דעריבער, וואָס צייטנווייז האָב איך מיר אַליין געפֿילט אומבאַקוועם מיט מיין אייראָפּעיִשן אויסזען, איבערהויפּט צווישן די פֿעלקער און ראַסן, וואָס זיינען אַליין ניט אַגרעסיוו, און וואָס טראָגן דעם יאָך פֿון אייראָפּעער, מיט אויגן אין דער ערד באַגראָבן.

דער יאַפּאַנעזער האָט שוין טיילווייז אָפּגעדעקט דעם צינישן שמייכל אין זיינע קרומע אויגן בשעת ער רעדט מיט אַייך. קענסט אָפּטמאָל אַראָפּלייענען פֿון זיינע ליפּן די ווערטער:

„טייוול, דו ווייסער, דיר האָט זיך געגלוסט אַריינשטעקן דיינע נעגל אין אונזער לייב אַריין אויך, נאָר דיר איז דאָס ניט געלונגען. איצטער ווייס, אַז ביי אונז באַדאַרף אַזאַ איינער ווי דו אַרומגיין אויף די שפּיץ פֿינגער, אַז ער קומט צו גאַסט“.

דעם כינעזער איז דער קאָפּ פֿאַרשלאָגן און בכלל איז ער ווי יענע פֿיל־פּיסיקע באַשעפֿעניש, אַז מען רייסט אָפּ אַ פֿוס — שאַדט אויך ניט. וואַקסט אַן אַנדער פֿוס אויס, אָדער אָן דער פֿוס באַוועגט מען זיך אויך. נאָר אָפּטמאָל האָב איך ביים כינעזער אויך געקענט אַראָפּלייענען דעם שמייכל פֿון קיילעכדיקן פּנים:

„מירן דיך איבערלעבן; רייס וויפֿיל דו קענסט — וועסט זיך מיט דעם דערוואַרגן. מיר האָבן איינגעשלונגען די טאָטערן, מיר האָבן איינגעשלונגען די מאַנדזשוס — וועט מען אויך אַייך איבערלעבן“.

אַ גאַנץ פֿרעמדער געפֿיל האָט מיך אַרומגעכאַפּט, אַז איך בין אָנגעקומען קיין אינדיע. אַ ראַסע פֿון ריינע אַריער, אַזוי פֿאַראיידלט זיינען די געזיכטצוגן. אַזאַ באַהאַלטענער פֿייער און דורותדיקע דערפֿאַרונג אין די אויגן און דו ווייסט דעריבער, אַז פֿון דעם ריין עסטעטישן שטאַנדפּונקט מיאוסט זיך דער אינדוס צו שטיין אין דיינע ד׳ אַמות. דו ווייסט, אַז ווען דו וועסט טרינקען וואַסער פֿון זיין גלאָז, האָסטו אים די גלאָז אומריין געמאַכט. און דאָך ביסטו דער הערשער איבער אים. דו, וואָס דו ביסט דער חזיר

אין דיינע אויגן, הערשט איבער אים, דעם פיינעם אַנטילאָפּ פון דזשאָנגל, וואָס דערנערט זיך מיט גראָז.

איך בין צוליב דעם די ערשטע טעג אַרומגעגאַנגען אַ שוויגנדיקער אין די גאַסן פון קאַלקוטע. איך האָב פיל געטראַכט פון מיינעם אַ גוטן פריינט אין שיקאַגאָ, אַ אינדישער דיכטער און דענקער, פּראָפעסאָר מיזראָ, וואָס זייער אָפט האָב איך מיט אים פאַרבראַכט און ער האָט מיר מיט אַ באַהאַלטענער ליידנשאַפט דערציילט פון זיין לאַנד: פון זיין בענגאַליע. ער אַליין האָט זיך געקליידט אין אייראָפּעישע קליידער, געשטודירט אין אָקספאָרד-אוניווערסיטעט. און איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין, צוליב וואָס ער האָט זיך צוגעבונדן צו אַמעריקע און נאָך צו דער ווינטיקער און ביז צום שוואַרץ ווערן, פאַררויכערטער שטאָט.

אויך ער האָט יעמאָלט גערעדט פון דעםווייסן מענטשנס קולטור, וואָס איז בעצם קיין קולטור ניט; עס איז ניט מער ווי אַ ברוטאַלע מאַטעריאַליסטישע ציוויליזאַציע. ער אַליין, אַ בראַמינער, האָט גאַנץ אָפט באַדויערט, וואָס ביי אים אין לאַנד עקסיסטירט אַ קאַסט-סיסטעמע, וואָס צעטיילט אַזוי דאָס פאָלק; דערציילט פון די פּאַריער, וואָס זיינען גאָר אינגאַנצן אַרויסגעשמיצט פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

— אַז דו וועסט זיין אין אינדיע, האָט ער צו מיר געזאָגט, וועסטו זיך שפּירן ווי אַ נאָבלמאַן, אויב דו וועסט האָבן דיין אייגענע דירה. ווייל מיט איין דינער וועסטו ניט אויסקומען. צום ווינציקסטן וועסטו באַדאַרפן האַלטן אַ פיר, פינף מענטשן.

— וואָס הייסט?

— אַזוי גייט עס שוין ביי אונז; איין דינער טוט ניט אַלץ פאַר דיר. איינער ראַמט איינעווייניק דיין שטוב, דער אַנדערער האַלט ריין דרויסן. איינער קאָכט און דערלאַנגט צום טיש און אַן אַנדערער גרייט צו און וואַשט די כלים. און בכלל וועסטו באַדאַרפן האָבן דיין פּערזענלעכן באַדינער.

איצטער בין איך אין לאַנד, וואו איך באַדאַרף מיר „שפּירן, ווי אַ נאָבלמאַן". און עס קומט אויס גאָר קאַפּריז, אַז כדי פינף מענטשן זאָלן אַרום מיר ניט אַרומטאַנצן — ווילט זיך מיר זיי-

אַלעמען אַרויסיאָגן און אַליין טאָן אַלץ פאַר זיך. און אפשר טאַקע איז דאָס מיין פריינט, דעם דיכטער, אַזוי פריקרע געוואָרן די מנהגים פון זיין פאָטערלאַנד און דעריבער האָט ער זיך באַזעצט אין אַ לאַנד, וואו מען דאַרף זיך אַליין באַדינען.

איך האָב אָנגעהויבן חושד זיין, אַז יעמאָלט האָט ער דאָס גע־חוזקט פון מיר אויף אַ פאַרבאָרגענעם אופן, געחוזקט פון דעם „ווייסן מענטשן", ווייל קיין בעסערן ביישפיל ווי ענגלאַנד האָט ער ביי זיך אין לאַנד ניט געהאַט; און דער ענגלענדער איז דאָך דער נאָבלמאַן, וואָס הויבט זיין רוט מיט אַ באַזונדערן טעם איבער די קעפ פון די מחנות קנעכט אין אַלע אירע אינטערטעניקע לענדער.

יאָ, איך האָב אַ סך געטראַכט פון אים און עס וואָלט באמת גוט געווען, ווען איך באַגעגן אים דאָ איצטער, אין זיין לאַנד, אין זיין שטאָט. אַ סך, אַ סך וואָלט איך אים איצטער געהאַט צו פרעגן. און ווי אַזוי וואָלט ער מיר אויסגעזען בכלל צווישן די מחנות מענטשן, איינגעוויקלטע אין ליילעכער און אין פאַנאַטיזם? ווי וואָלטן אים געפעלן געווען די באָרוועסע מריט, וואָס זיינען שטענדיק גרייט אָפּצוטרעטן דעם צווייטן דעם וועג?

איך מוז זאָגן, אַז אין ערגעץ האָב איך ניט באַמערקט אַזוי־פיל פאַרטייעטע בליקן, וואָס זאָלן מיך נאָכקוקן. אין אינדיע, פון ערשטן טאָג אָן, האָב איך דערשפירט, אַז פון אַהינטער שטוב־ווינקלען אַרויס, אָדער פון מענטשן, וואָס זיינען געלעגן אויפן טראָ־טואַר און געדרעמלט — ווען איך האָב מיר פלוצלינג אומגעווענדט, האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אין בליקן, וואָס מיט אַ אומבאַקאַנטן גלי האָבן זיי מיר נאָכגעקוקט.

דאָס מאָל בין איך אַרויסגעגאַנגען פון דער קאַלקוטער צענטראַלער ביבליאָטעק און זיך אַראָפּגעלאָזן מיט די אַלטע טרעפּ צום ברייטן אַרויסגאַנג אין קילן געמויערטן הויף, פונוואַנען עס האָט געטראָגן אַ ריח פון פאַרעלטערטקייט.

איך האָב דערהערט אַהינטער זיך טריט, וואָס ווילן מיך אָנ־יאָגן. ווען איך האָב זיך אומגעקוקט צו זען, ווער עס גייט אַהינ־טער מיר, האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אין אַ פּאָר גליענדיקע, שוואַרצע בליקן פון אַ יונגן אינדוס. מיר זיינען ביידע געבליבן וואַרטן. ער

האט אפנים געווארט, אז איך זאל אים עפעס זאגן. א שלאנקער, א יונגער. אין אים איז געווען עפעס ענלעכס אויף מיין פריינט, דעם דיכטער, וואס איך האב געלאזן אין אמעריקע. בלויז וואס יענער איז געקליידעט איירָאפעיש און מיין באקאנטער — אין א ווייסן ליילעך ארום די היפטן, אין א לייכטן, פורפורנעם ליילעך ארום די אקסלען, סאנדאלן אויף די באָרוועסע פיס און אן אפגעדעקטער קאפ. די בלוי שווארצע האר אויף אהינטער פארקעמט.

— דאכט מיר, איך קען דיך, סיר, האט ער שטיל א זאג געטאן אויף א ריינעם ענגליש, און האט אראפגעלאזן די ברעמען.

— דאכט מיר, אז איך קען דיך אויך, האב איך פון מיין זייט אפגעענטפערט.

— ניין, איך האב דיך קיינמאל ניט געזען, — האט ער נאך שטילער געזאגט — נאר איך האב באמערקט, ווי דו האסט אין ביבליאטעק געלעזן א בוך פון אונזער גרויסן דיכטער ראבינדראנאט טאגארע. און א מענטש, וואס שפירט זיין פאעזיע, דער איז אונז נאענט. ווייסט דאך, אז מיר, אינדוסן, זיינען מענטשן מער פון גייסט: אונזערע נשמות האבן א ווייטן גאנג נאך ביים לעבן.

איך האב גאר אליין ניט באמערקט, ווי ער האט אריינגענומען מיין האנט אין זיין ווייכער, אויסגעצערטלטער האנט.

געוויס האט ער ניט אויסגעזען פון די פאריער, פון די אויס־געווארפענע פון דער געזעלשאפט, וואס מיאוסן זיך ניט צו דער־נענטערן צום ווייסן מענטשן. ער איז געווען פון דער העכערער געזעל־שאפט. ווי איך האב מיר שפעטער דערוואוסט, איז ער געווען א בראמינער. נאר דאס איז שוין דער נייער פרייער גייסט, וואס קומט אין אינדיע אויך פון אויבן.

— פיר מיך אין ערגעצן צו דיינע לייט; איך וואלט גערן פאר־בראכט א פאר שעה אין א הויז מיט דער איצטיקער יוגנט.

אזוי האב איך מיר געווענדט צו אים.

ער האט איצטער דרייסטער אריינגעקוקט אין מיין פנים און האט צוגעשטימט. אינאווונט איז ער געקומען מיך נעמען. געקומען איז ער ווי צו אן אלטן באקאנטן.

2

אין הויז, געמעבלירט אויפן אייראָפּעישן שטייגער, האָט געהערשט אַ געדריבענע שטימונג, ווען איך בין אָנגעקומען. בײַ זעקס יונגעלײַט פון סטודענטישן עלטער און צוויי יונגע פרויען זײַנען געזעסן אַרום אַ טיש, אויף וועלכן עס איז געווען געסערווירט זיסע שפּײַזן. די יונגע פרויען זײַנען געווען מיט זייערע מענער.

מען האָט מיך תחילת באַגעגנט, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן. יעדער איינער פון די מענער האָט וואַרעם און לאַנג געדריקט מײַן האַנט. די פרויען, אַ ביסל פאָרזיכטיקער, גלײַך מײַן האַנט וואָלט זיי געבריט, און האָבן די ברעמען אַראָפּגעלאָזן. איך האָב באַמערקט, אַז אין דער ברוינלעכער הויט פון פּנים איז קאָליר צוגעקומען. נאָכן באַגריסן זיך און נאָכדעם, ווי אַלע בליקן האָבן זיך אין מיר אײַנגעקלעבערט, איז אָנגעשטאַנען אַ שטילקייט, וואָס איז נייטיק געווען איבערצורײַסן.

איך האָב אַ פרעג געטאָן:

— בין איך איצטער בײַ „יונג אינדיע“ צו גאַסט?

דאָס איז זיי געפעלן געוואָרן. בכלל ווירקט דאָס וואָרט „יונג“, ווי אַ גוטער ווײַן אין דער געזעלשאַפט פון אוראַלטע פעלקער. יונג מיינט דאָ רעוואָלוציע. דאָ איז יונג אַ רעוועראַנס צו דער צוקונפט. יונג מיינט אַ בליק טאָן צו אייראָפּע. און דאָ איז אָנגעשטאַנען אַ צײַט, וואָס דער באַגריף אייראָפּע איז אַלט געוואָרן. ווער עס באַטראַכט אייראָפּע פאַר אַן אַלטן לײַב און ווער — פאַר אַן אַלטער היענע, וואָס רופט אַרויס גיכער עקל, ווי רחמנות. „יונג־אינדיע“ איז אַ געפליגלטער באַגריף. דערוואַכונג, צערײַסן קייטן פון ענגלישן אימפּעריאַליזם. אַ באַגריף פון אַ פאַראייניקטער אינדיע מיט אַ דריי הונדערט מיליאָניקער באַפעלקערונג. און נאָך עפּעס: יונג־אינדיע, מיינט ניט אַ פאַרייניגערונג דורך אייראָפּעישע מעטאָדן.

— מאַכט איר אַן אונטערשייד צווישן אייראָפּעער און אייראָפּעער, לאָמיר זאָגן, צווישן ענגלענדער און דײַטש, צווישן דײַטש און אַמעריקאַנער?

מײַן פראַגע איז געווען אומדערוואַרט. עס איז ווידער אָנגעשטאַנען אַ שטילשווײַגן. אויף דער פראַגע איז ניט אַזוי באַקוועם

צו ענטפערן אָפּנהאַרציק. דער כינעזער האָט אַלע אייראָפּעער פאַראַלגעמיינט אונטער דעם נאָמען: „דער ווייסער טייוול“. אין דער טיפעניש ביים אַזיאַט קען אפשר זיין אַ קלערערער באַגריף ווי „ווייסער טייוול“. איך האָב שוין אין אַפריקע געהערט, ווי מען פאַרגלייכט דעם ווייסן מענטשן צו ווייסע מוראַשקעס, וואָס פרעסן אויף אין צעשטערן אַלץ, וואָס זיי מאַכט זיך אין וועג. דער עיקר טראָגן, פאַר דעם אַזיאַט, דעם אייראָפּעערס מעשים מער אַ צעשטערנדיקן כאַראַקטער. די גאַנצע טעכניק אונזערע האָט בלויז איין ציל: צעשטערן און צעשטערן.

פונדעסטוועגן האָט זיך איינער איבערגעזעצט אויף אַן אַנדער אָרט, האָט זיך באַפרייט פון אַ שלאָס, וואָס איז אים געלעגן אויפן מויל און האָט אָנגעהויבן:

— דערווייל זיינען מיר ניט בכוח דורכצוקלייבן זיך און מאַכן אַ אונטערשייד צווישן ווייס און ווייס, ווי עס איז שווער דורכצופירן אַ ליניע צווישן שלעכט און שלעכט. אונז טיילן פונאַנדער אַ סך דורות און נאָך מער פון אַלץ — מזרח און מערב; איר זייט דער מערב. אויף יענער זייט מערב לאָזט זיך אַראָפּ די נאַכט.

— דו האָסט דעם עיקר אַרויסגעלאָזן, — האָט איצטער גאַנץ פריי באַמערקט אַ צווייטער — וואָלסט אַזוי באַדאַרפט פונאַנדערטיילן: „בעת זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אויף אַלערליי וועגן זוכן פאַרגעניגנס צו באַפרידיקן דעם גוף, זיינען מיר נאָך אַלץ דערטריבן צוליב אונזער נשמה, וואָס אין איר שפיגלען מיר אונזער לעבן“.

— ביי אַייך ווייסט איר ניט פון צאַמען די אינסטינקטן און דאָס אינדישע פאָלק האָט פון אַלע צייטן געשטרעבט צו אַזאַ שלמות, זיך אַליין צו קענען באַפעלן; שטאַרקן דעם גייסט אויפן חשבון פון גוף, און איר שטאַרקט דעם גוף אויפן חשבון פון גייסט.

איך האָב פון אַ זייט אַ בליק געוואָרפן צו די צוויי יונגע פרויען, וואָס זיינען געזעסן איינס צום אַנדערן צוגעדריקט, מיט דעם אויסדרוק פון פאַרוואונדערונג אויף דער דרייסטקייט פון די מענער.

מיר איז גאָרניט אײנגעפֿאַלן איצטער זײ איבערצושלאָגן. געוואוסט, פֿונוואַנען עס נעמט זיך בײ זײ די פֿאַרביטערטע באַציִונג. כאָטש בלויז עטלעכע טעג בין איך אויף אינדיעס ערד און אַליין, וואָס איך האָב געזען ביז איצטער אין די גאַסן פֿון זײער לעבן, קען איך ניט אָפּשײדן פֿון דעם אַלגעמײנעם לעבן. בפֿרט, ווען אין די גאַסן שפּרײטן זיך די ברײטע מאַסן, בײ וועמען דער קאָפּ איז פֿאַרקלאַפּט, גאָרניט צו טראַכטן פֿון דער אײגענער, ביז צום שטויב הערנידעריקטער לאַגע. דערווײלע, אין די גאַסן, אַז איך גײ אום און באַטראַכט דעם עולם, זע איך, אַז זײער גורל ליגט גאָרניט אין די הענט פֿון ווײסן מענטשן, ווער עס זאָל ניט זײן— ענגלאַנד, פֿראַנקרײך, דײטשלאַנד אָדער אַמעריקע, — וואָס איז באמת דער חילוק, ווער עס באַפֿעלט מיסט צו טראָגן, אַן אײגענער, צי אַ פֿרעמדער? און אויב דעם פּאַריע איז ליבער צו פֿאַרנעמען אַ זידל=וואָרט, צי אַ קלאַפּ פֿון אַן אײגענעם, איז דאָך עס אַ באַווײז, אַז קנעכטשאַפֿט און אונטערטעניקײט האָט נאָך אויך איר פֿאַלשע פֿילאָסאָפֿיע.

איך האָב פֿיל מאָל געהערט אין פֿאָלק זאָגנדיק: „פֿון אַן אײגענעם איז מען מחויב צו לײדן, אָבער פֿון אַ פֿרעמדן — אַזוי נידעריק בין איך נאָך ניט געפֿאַלן!“

דאָס האָט דער אײגענער אונטערדריקער אַרומגערינגלט זײנע מעשים מיט אַ שלײער פֿון אַ געווײסער טוגנד און אַזױ גײט עס נאָך יאָרן אין לעבן. מיר איז גאָרניט אײנגעפֿאַלן צו פֿאַרטײדיקן דעם אײראָפּעער, וואָרעם אויף וויפֿיל דער מזרח=מענטש באַטראַכט דעם אײראָפּעער נאָר אין דעם „ליכט“, וואָס דער אײראָפּעער צינדט אָן אין אַזיע — האָט ער אויף דעם די פֿולע רעכט.

איך האָב געזאָגט:

— בײ אונז קען מען אײער מאַהאַטמאַ גאַנדהי און דעם אופֿן, ווי ער וויל באַפֿרײען דאָס אינדישע פֿאָלק. און מיר קענען אויך די ווערק פֿון ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע. איך גלויב, אַז דער לעצטער שטײט נענטער צו דער ווירקלעכקײט, ווען ער זוכט אַ בריק, וואָס זאָל פֿאַראײניקן דעם מזרח מיטן מערב, און ווײל ער דענקט, אַז די מדרגה פֿון קולטור, וואָס די מערב=פֿעלקער האָבן דערגרײכט, איז

ניט צו פאַרלייקענען. און דער עיקר, גלויב איך, אַז דעם מוט, מיט וועלכן איר קעמפט אַנטקעגן אייערע אונטערדריקער — האָט איר אויסגעבאָרגט ביי די אייראָפּעישע קעמפער.

זיי האָבן זיך אַלע דורכגעוואָרפן מיט בליקן. עס איז צו פשוט געווען. ענטפערן איז געווען שווער, ווייל ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע איז באַליבט אין בענגאַליע און עס וואָלט ניט געווען טאַקטיש אים צו פאַרלייקענען אין די אויגן פון אַ פרעמדן.

מיר האָט זיך געוואָלט הערן אַ פּאָר ווערטער פון די פרויען. איך האָב געפרעגט דער עלטערער, כאָטש מער ווי צוואַנציק יאָר איז זי ניט געווען אַלט (אַגב האָב איך באַמערקט דעם רויטן וועָרמיליאַן־צייכן אויפן שטערן, איבער די אויגן):

— איך זע, אַז איר שטאַמט פון בראַמינער און, ווי שטימט עס מיט אייער איבערצייגונג צו פאַרברענגען מיט אַן אייראָפּעער און עסן מיט אים ביי איין טיש?

האָבן זיך אַ שאָט געטאָן ענטפערס:

— מיר גייען אַנטקעגן דעם שטראָם איצטער; עס גייען די מענער און עס גייען די פרויען.

— אונזערע טאַטעס וועלן זיך אונטערגעבן.

— ווייל אין אונזער אַרבעט ליגט די באַפרייונג און זיי, גלייך מיט אונז, ווילן זיין נאַציאָנאַל באַפרייט. אָהאָ, זיי וועלן זיך אונטערגעבן.

— איצטער זעען זיי, אַז די יוגנט איז גערעכט.

און איינער, דער לעצטער, האָט גאָר ניט ווילנדיק אַרויסגעזאָגט:

— איך קען מיט מיין טאַטן ביי איין טיש ניט זיצן, ער האָט מיך דערקלערט פאַר אומרייך.

דאָ האָבן זיי זיך אַ ביסל פאַרפלאָנטערט. און ווענדיק פאַרבעסערן דעם איינדרוק, האָט איינער פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל פאַר מיר באַווייזן אַ ביישפּיל פון שטאַרקן ווילן. עס האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש דער קלענסטער און, וואָס האָט מיר אויסגעזען דער שוואַכסטער. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט און געהייסן זיינע חברים, מען זאָל זי אים אַראָפּפּויגן. זיין האַנט איז געבליבן

ווי אַ שטאָלענע שטאַבע גלייך אויסגעשטרעקט. פינף האָבן זיך אָן דער האַנט אָנגעהאַנגען און ער איז געבליבן שטיין גלייך צו דער ערד צוגעשמידט.

— דאָס איז אונזער ווילן און ניט — דער ריינער פּיזישער כּוח. פאַרהאַן ביי אונז אַזוינע, וואָס קענען איינהאַלטן אַן אַווטאָ־מאָביל פון צוואַנציק פערד קראַפט און ניט לאָזן אים זיך רירן פון אָרט. פאַרהאַן ביי אונז אַזוינע, וואָס לייגן זיך אַנידער, דער קאָפּ אויף איין קלעצל און די פיס אויף אַן אַנדערן, און דער גאַנצער גוף בלייבט אין לופטן. מען לייגט אַוועק אויף אים אַ שווערן שטיין פון אַ טויזנט פונט און פיר מענטשן צעהאַקן אויף זיין קערפּער מיט שווערע האַמערס דעם שטיין.

ביי די יונגע פרויען האָט זיך בשעת־מעשה אָנגעצונדן אַ פייער אין פּנים, ווען דער פּריינט זייער האָט פאַרן פרעמדן באַ־וויזן דעם שטאַרקן ווילן.

— און וואָס וועט זיין, ווען דאָס גאַנצע אינדישע פאָלק וועט אַזוי פאַרשטאַרקן דעם ווילן און וועט אויך קענען באַפעלן זיין ווילן?

— אָ, יעמאָלט, וואָלטן מיר באַהערשט די גאַנצע וועלט.

איך האָב אַ שמייכל געטאָן און עס האָט זיך פון מויל אַרויס־געכאַפּט:

— איך ווינטש אייך ניט דאָס גרויסע גליק, צו באַהערשן די גאַנצע וועלט.

— אָ, ניין. מיר וואָלטן ניט געהערשט ווי דער אייראָפּעער, מיט זיין בייזן ווילן, מיט זיין ברוטאַלן ווילן. מיר וואָלטן יעמאָלט אַנט־וויקלט ביי דער וועלט דעם גוטן ווילן, וואָס דירט ניט אָן קיין פליג אויפן וואַנט; דער גוטער ווילן, וואָס האָט ביי אונז אין לאַנד דער־קן אָפּגעגעבן אַזאַ אָרט אין לעבן און באַהאַנדלט זי, ווי עס באַ־האַנדלען גוטע עלטערן זייערע ציטעריקע קינדער.

מיר איז געקומען אויפן זינען ראַבינדראַנאַט טאַגאָרעס אַ פּאָר שורות, וואו ער זאָגט, אַז: „די מיסטעריע פון לעבן איז אַזוי גרויס, ווי דער שאָטן פון דער נאַכט, און די אילוזיע פון ווייסן איז ווי דער נעפּל פון פרימאָרגן”. און איך האָב געטראַכט, אַז אַפילו

יעמאָלט, ווען זיי רייסן אַראָפּ דעם שלייער פון זייער ווירקלעכקייט, בלייבט נאָך אַלץ איבער דער נעפּל פון פרימאָרגן. איך האָב גיט געגלויבט פריער, ווי ווייט די שאָטנס פון דער נאַכט ליגן נאָך אין אינדיע איבערן לעבן אויסגעשפּרייט.

זיי האָבן מיר שפּעטער געזונגען לידער פון טאַגאָרעס גיטאַנדזשעלי. איך האָב געגלויבט דעם גוטן ווילן זייערן. און באמת איז דאָס געווען אַ פרידלעך בילד און אַ רעוואָלוציאָנער בילד פון זייער שטאַנדפּונקט, צו קענען זיך אַרויסרייסן פון טאַטנס הויז און ווענדן די בליקן מער צום ווייסן, ווי צו די שטערן.

די גאָר אומגעריכטע באַגעגעניש האָט אין די ערשטע טעג פון מיין זיין אין קאַלקוטע אויפגעעפנט אַ פאָרהאַנג פון דער נאַכט אַרויס צום פרימאָרגנדיקן לעבן.

---

# גאָט, מענטש און פאַרזעניש

די לעצטע דורות ווייסט ניט די וועלט פון אַזאַ קלאַסן־צעטיילונג אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט ווי די, וואָס הערשט פון טויזנטער יאָרן אין אינדיע.

די קאַסט־סיסטעמע.

אַ פולע פאַרקריפלונג דורך אומגעלומפטער אָרדענונג. צעשניטן איז די געזעלשאַפט לענג און ברייט. צעטיילט אויף קאָפּ, הענט און פיס. אויף אָפּפאַל און מיסט, אויף גאָט, מענטש און פאַרזעניש. און שטרענג איז די מחיצה צווישן קאַסטע און קאַסטע, מיט אַ פייערדיקער וואַנט איז די צעטיילונג. ניט אַרויס און ניט אַריין.

לאָמיר אָנרופן די פיר הויפּט־קאַסטעס:

צום ערשטן קומען די בראַמינער. די גאָר אויסדערוויילטע, פּריסטער, האַלבע געטער אין מענטשן־געשטאַלט, וואָס אין דער אייגענער צייט האַלטן זיי דאָס פאָלק אין פינסטערניש. דערנאָך קומען די קשאַטריער, די אַנשי־מלחמה, די קריגער. אויפן דריטן פּלאַץ שטייען די וואַסיער, די לאַנד־אייגנטימער און סוחרים. אויפן פערטן פּלאַץ קומען די סודראַס, וואָס שליסן איין אַלע האַנטווערקער; אַלע, וואָס באַאַרבעטן יענעמס ערד, בעל־מלאכות און קונסט־טוער.

כאָטש די אַלע, וואָס גייען אַריין אין די פיר אויבנדערמאָנטע קאַסטעס, זיינען לויט טראַדיציע געבוירן געוואָרן צו צוויי מאָל, אַלע די אייגענע יחסנים, פונדעסטוועגן זיינען די בראַמינער די קרוין פון דער געזעלשאַפט. לויט דער טראַדיציע זיינען די בראַמינער געבוירן געוואָרן פון דעם גרויסן גאָט, בראַמאַס מויל. די קשאַטריער קומען אַרויס פון בראַמאַס אָרעמס, די וואַסיער — פון זיינע היפטן און די סודראַס קומען אַרויס פון בראַמאַס פיס. נידעריק

גענוג. דאָס וואָלט נאָך ניט אויסגעמאַכט, ווען אינדיע פאַרמאָגט נאָר ניט די מיליאָנען גוֹיִר אַרויסגעשליידערטע אויסער יעדער קאַסטע: פּאַרִיער!

די טמאים, די אומריינע, און זיי, די אַרויסגעשליידערטע, זיינען די אייביקע קנעכט ביי דער געזעלשאַפט.

אין גרונט איז נאָך יעדע קאַסטע באַזונדער צעטיילט אויף אַלערליי סעקטעס מיט אַ באַזונדערער רעליגיעזער שאַטירונג, וואָס דאָס באַשאַפט אַ גאַנץ שאַרפע פונאַנדערטיילונג. די סודראַס אַליין זיינען צעטיילט אויף אַריבער הונדערט סעקטעס. דאָס איז אַ רע־ליגיעזע צעטיילונג. נאָר יעדער פאַך און יעדע מלאכה ליגט איר שטעמפּל אויפן מענטשן פון אַלטע דורות אָן און ער קען זיך פון דעם שטעמפל ניט אָפּזאַגן. און ניט נאָר איז די קאַסט־צעטיילונג אַ רעליגיעזע — די צעטיילונג צווישן די פאַכן אין יעדער קאַסטע באַ־זונדער איז אַ רעליגיעזע.

עס קען זיך קיינער ניט באַשעפטיקן מיט צוויי באַזונדערע מלאכות און ער קען זיך פון זיין צעך קיינמאָל ניט אָפּזאָגן און טאָן עפעס אַנדערש. קינדער, וואָס ווערן געבוירן פון קופּערשמידן, מוזן בלייבן אין זייער פאַך. קינדער פון סטאָליאַרעס וועלן שוין זיין סטאָליערס. קינדער פון שניידער, שוסטער און פון יעדן פאַך באַזונדער קענען זיך ניט אַרויסרייסן פון דעם פאַך, וואָס זייערע טאַטעס האָבן שוין אָנגעהאַלטן. אַזוי גייט עס שוין מער ווי דריי טויזנט יאָר. אַ פאַרפישופטער קרייז, ניט אַרויס פון אים. עס איז געגאַנגען פיל ווייטער דער אַבסורד: איין מלאכה איז מער יחוס און די אַנדערע — ווינציקער. די אַלע, וואָס אַרבעטן ביי לעדער, גאַר־בערס, שוסטערס א. ד. ג. — זיי געהערן צו איינער פון די נידעריקסטע קאַטעגאָריעס. וועשערס שטייען נאָך נידעריקער. שע־רער — נאָך נידעריקער. דערנאָך קומען די פּאַריער, די אַרויסגע־שליידערטע פון דער געזעלשאַפט, וואָס זיינען פאַרמשפט אויף אייביק צו בלייבן די מיסטפּירערס, די גאַסן־ריניקער און די אונטער־ראַמערס פון דער געזעלשאַפט.

יעדע קאַסטע, ווי יעדער פאַך, טראָגט איר צייכן, האָט איר שפּראַך, איר באַנעמונג, און ווי צו דעם, וואָס וויל אַרײַס פון זיין

קאַסטע אָדער אויפגעבן זיין פאַך. יעמאָלט ווערט ער אינגאַנצן אַרויס=
געוואָרפן פון דער געזעלשאַפט. יעמאָלט איז ער אין חרם און עס
בלייבט פאַר אים צו גיין אויפן מיסטבאַרג. בעטלען איז אויך פּראָ=
פעסיאָנעל אין אינדיע. פאַרהאַן אַ בעטלער=קאַסטע. און אויך גנבים
האָבן זייער פּראָפעסיאָנעלע קאַסטע.

קיין אַנשי=מלחמה האָט נישט אינדיע בײַ היינטיקע צייטן. דע=
ריבער איז פון זיי ניטאָ וואָס צו ריידן. נאָר די סודראַס און די
פּאַריער, די מחוץ=למחניקעס, זיי זיינען אפשר אַכט צענטל פון
דער געזעלשאַפט, און פונדעסטוועגן זיינען זיי בנוגע דעם בראַמינער
טמאים אַלע. און די בראַמינער זיינען די, וואָס האָבן אין פינסטער=
ניש אײַנגעוויקלט די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג. זיי זיינען
מיליאָנען אין אינדיע. מיליאָנען מענטשן=געטער, וואָס פּראַווען חסידות
און דיקטירן נאָך עד=היום דאָס גאַנצע לעבן. די בראַמינער האָבן
דעם פּאַטענט אויף די הייליקע וועדאַס, די אוראַלטע שריפטן,
הימנעס צו דער נאַטור און צו די געטער, וואָס מען האָט געדינט.
די בראַמינער האָבן אין די וועדאַס אַ״יינגעטייטשט אַלע תורות פון דער
וועלט. אין די וועדאַס, ווי עס ווילן האָבן די בראַמינער, האָט זיך
שוין מיט טויזנטער יאָרן צוריק געפונען דער סוד פון אַעראָפּלאַנען
און אײַזנבאַנען — אַלע חכמות און דערפינדונגען. און די אַלע סודות
פון דער וועלט ליגן אין די הענט פון די בראַמינער. אַלע פּאָ=
פּולעטע טראַדיציעס לעבן דורך די וועדאַס זייער לעבן צוליב די
בראַמינער. דאָס פאָלק דינט צו זיי אונטערטעניק און יעדער בראַ=
מינער אַליין גלויבט, אַז ער פאַרקערפּערט אין זיך אַלע געטער,
וואָס האָבן זיך צוגעבונדן צום גרויסן גייסט און באַשעפער בראַמאַ.
אַז דער בראַמינער ברענגט קרבנות, איז דאָס צום גאָט, וואָס זיצט
אין אים אַליין.

די בראַמינער האָבן קיינמאָל ניט דערלאָזן, אַז מענטשן, וואָס
געהערן צו די אַלע אַנדערע קאַסטעס, זאָלן זיך קענען דערנענטערן
צום קוואַל פון וויסנשאַפט. פאַר זיי איז געלערנטקייט געווען פאַר=
באָטן. אַפילו בעת מען האָט מקריב געווען קרבנות צו די געטער,
האָבן זיך די סודראַס באַדאַרפט האַלטן פונדערווייטנס. צום בראַ=
מינער אין שטוב אַריין טאָר ניט אַריינקומען אַ מענטש פון אַ ני=

דעריקער קאַסטע, ווייל ער איז מטמא דאָס הויז. ווען דער וועשער ברענגט אָפּ די וועש, וואַשט מען עס נאָך אַמאָל. דעם שערער וואַרפט מען צו דאָס געלט אין האַנט און דערנאָך באָדט מען זיך אַליין, ווייל דער שערער האָט מטמא געמאַכט. צען טריט אָפּגעטראָטן שטייט אַ מענטש פון אַ נידעריקער קאַסטע, בעת ער רעדט מיט איינעם פון אַן העכערער מדרגה. און ווען אַ סודרא, למשל, זאָל באַדאַרפן רעדן, אָדער אָנקומען צו אַ בראַמינער, ציט ער זיך אויס מיט זיין גאַנצער לענג אויף דער ערד, אונטערטעניק, איידער ער איז זוכה נאָר צו ווייזן זיך פאַר אים.

שוין איבער דריי טויזנט יאָר, אַז די בראַמינער דיקטירן דאָס לעבן ווי זיי געפעלט און ווי זיי לוינט, און האָבן אָפּגעחתמעט אין נאָמען פון די געטער יעדע פונאַנדערטיילונג פון דער געזעלשאַפט.

עס טאָרן זיך ניט משדך זיין צווישן זיך מענטשן פון פאַרשיידענע קאַסטעס און פאַרשיידענע פאַכן. אַ שניידער קען זיך ניט משדך זיין מיט קיין שוסטער, אַ סטאָליער קען זיך ניט משדך זיין מיט קיין שלאָסער, יעדער מוז בלייבן אין זיין קרייז. כסדר פאַראומרייניקט איינער דעם אַנדערן. מען עסט ניט צוזאַמען, מען זיצט ניט אינאיינעם ביי איין טיש, ווען מען איז ניט פון דער אייגענער מדרגה. ווען אַ סודרא מאַכט אַ יום-טוב פאַר אַ בראַמינער, טאָר דער באַלעבאָס ניט זיין דערביי, טאָר ניט עסן אינאיינעם מיטן גאַסט.

צווישן די בראַמינער געפינען זיך אַ סך פּראָצענטניקעס. זיי זיינען אויך פעיקע קרעמער, כאָטש לויט טראַדיציע טאָרן זיי ניט האַנדלען מיט אַלצדינג. זייער איינציקער זכות, וואָס זיי זיינען וועגעטאַריער, דער גרעסטער טייל פון זיי עסט ניט קיין פלייש, אָבער צאַפּן דאָס בלוט ביי די נידעריקע קאַסטעס — דאָס מעג מען.

וואָס פאַר אַ צרות עס האָט אויסגעשטיין דער יונגער דור, וואָס וויל זיך באַפרייען פון די דאָזיקע טראַדיציאָנעלע שטריק, וואָס בינדן זייערע טריט! עס איז דאָך גענוג, אַז אַ קינד פון אַ בראַמינער האָט געגעסן מיט אַ מענטשן פון ניט זיין מדרגה, — ווען מען דערוויסט זיך פון דעם, ווערט ער אויסגעשלאָסן פון טאַטע-מאַמעס שטוב. ער פאַראומרייניקט די שטוב, ווען ער קומט אַריין און מוז דעריבער עסן דרויסן איינער אַליין. און דער ווייטער מענטש, דער

אייראָפּעער, איז גאָר אַ טמא זאַך. קיין בראַמינער וועט מיט אים ניט עסן ביי איין טיש. ער וועט ניט איינלאַדן דעם וויסן מענטשן צו זיך אין שטוב אַריין. טאָמער האָט מען געמוזט עפענען די שטוב פאַר אַ וויסן מענטשן, רייניקט מען דערנאָכדעם די שטוב און מען שמירט די פאָדלאָגע מיט קו־מיסט. דער דורכשניטלעכער אינדוס טרינקט ניט פון קיין גלאָז, וואָס אַ ווייסער מענטש האָט באַנוצט. דער ווייסער מענטש אין אינדיע מוז אָנקומען צו די פּאַריער, אויב ער וויל מען זאָל אים באַדינען.

אַז מען טראַכט זיך אַריין אין דעם ענין, איז דאָך עס אַ אומגלויבלעכער קאָשמאַר. מען קען צייטנווייז געפינען אַ שטיקל זכות אויף דעם, וואָס איין מענטש טאָר ניט טאָן צוויי מלאכות, כּדי עס זאָל זיין פאַר נאָך אַ מענטשן וואָס צו טאָן. אָבער פאַרוואָס טאָר אַ מענטש ניט בייטן זיין פאַך? און פאַרוואָס קען איינער זיך ניט אַרויסרייסן צו עפּעס בעסערס, אויב ער האָט ענערגיע און פאַלאַנג? עס ווערט דער מיסטקערער געבוירן מיטן בעזים אין האַנט, דער שערער — מיט דער שער אין האַנט. עס האָבן ביז איצטער נאָר קינדער פון בראַמינער געקענט שטודירן. עס איז געווען פאַרווערט צו לערנען קינדער פון אַ נידעריקער קאַסטע. די דאָזיקע מיסטקערער אין די גאַסן, אָנהייבנדיק פון אַכט־יאָריקע קינדער און עלטער, זיינען די, וואָס רעדן פון זייער אייגענער פאַרמשפּטקייט און פון דעם גאַנצן לעבן, וואָס איז פאַרמשפּט דורכן טייוול.

ווען ענגלאַנד האָט אין לעצטן יאָרהונדערט איינגעשלאָסן אינדיע אין איר קיניגרייך, האָט זי אָפּגעמאַכט מיט אינדיע ניט צו מישן זיך אין רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן, ניט צו שטערן דעם לעבנסשטייגער און דער עיקר, ניט אָנצורירן די קאַסט־סיסטעמע. ווער איז דען געווען די „אינדיע“, מיט וועמען ענגלאַנד האָט אָפּגעמאַכט? דאָס זיינען דאָך געווען די פריערדיקע הערשער, די פּרינצן, די ראַזשאַס און מאַהאַראַזשאַס. סיי פאַר די אַלטע הערשער און סיי פאַר די איצטיקע הערשער איז דאָך נייטיק, אַז עס זאָל בלייבן ביים אַלטן — ביי גאָט, מענטש און פאַרזעעניש. איצטער איז דאָך דאָס גאַנצע אינדישע לעבן געגליכן צו אַ שטייג עופות און אַלע זיינען געבונדן אונטער די פליגל. טוסט מיט זיי, וואָס דו ווילסט. קענסט

מיט זיי ברוקירן די גאַסן, פאַרשטאָפּן רינשטאָקן און וואַרפן אין פייער אַריין.

אויב איינער מיטן אַנדערן עסט ניט ביי איין טיש צוליב דעם, וואָס דער נידעריקער איז מטמא די הויז, אָדער, ווען אַ סודראַ, למשל, קומט אַריין אין קיך פון אַ בראַמינער, באַדאַרף מען צעברעכן די ליימענע כלים, ווייל ער האָט מיט זיין בליק אומריין געמאַכט; אַז אויב אַ בראַמינער איז געגאַנגען פון זיין באָד און אַנטקעגן אים איז אָנגעקומען אַ פּאַריער, אָדער אַן אַלמנה איז אים געקומען אַנטקעגן, איז ער צוריק אומריין געוואָרן; און אויב אַפילו סעקטן באַזונדערע, כאָטש זיי געהערן צו דער אייגענער קאַסטע, טאָרן זיך ניט משדך זיין צווישן זיך — איז ווי אַזוי קען מען פאַראייניקן דאָס פאָלק אין צייט פון נויט? אין צייט פון אומגליק? ווי אַזוי קען מען אַלעמען אַוועקשטעלן מיטן פּנים צו מזרח און אָנווייזן: זע, דער מאָרגנשטערן גייט אויף?

און די גרויסע שנאה, וואָס הערשט צווישן די איבער צוויי הונדערט מיליאָן אינדוסן און די אַכט-און-זעכציק מיליאָן מאַכמעדאַנער, זייערע אַמאָליקע הערשער — דאָס איז דער גרויסער פּירוד-לבבות, וואָס הערשט איבער דער דראָבנער און גהינומדיקער פּינאַנדערטיילונג. איצטער איז קלאָר, פאַרוואָס די „יונגע ווינטן", וואָס בלאָזן דאָ אין לאַנד, טראָגן אויף אַזויפיל שטויב, וואָס פאַרשיט די אויגן פון די באַפרייער. פונוויטן מיינט מען, אַז אינדיע צאַפּלט זיך בלויז אין די נעגל פון זייערע פרעמדע אונטערדריקער — פון ענגלאַנד. ניין, ענגלאַנד איז דער פרעמדער כוח, וואָס בראָט קאַשטאַנעס אין אַ פרעמדן פייער, און בלאָזט אויף דעם פייער און וואַכט איבער אים, ער זאָל זיך ניט אויסלעשן אַזוי גיך.

אינדיע איז אַ לאַנד, וואו דאָס פאָלק שלאָפט מיט וואַכע נערוון און איז היימיש, ווי אַ נאַכט-וואַנדלער איז וואַך. עס וואָלט גאָר קיין שום דרויסנדיקער כוח ניט געקענט פאַרוואַלטיקן אַ פאָלק פון דריי הונדערט מיליאָן, ווי צעריסן עס וואָלט ניט געווען דער אינערלעכער בונד. מיר האָבן איצט פאַר זיך אַ ביישפּיל כינע. אַלע ווייסע נאַציעס האָבן נאָר שטיקלעך געפּליקט פון כינעס ברעגעס. און איצטער זעט מען, ווי איינקייט קוועלט ביים פאָלק. ווייל אין כינע קען

איך פון דער אָרעמקייט אויפקומען אַ פירער. דאָרטן איז יעדערער פריי צו דערהייבן זיך. ווער גערעאָטן, ווער מיט מאַרך, האָט געקענט אַפילו ווערן אַ מאַנדאַרין. און דאָ, אין אינדיע, איז די ליניע האַנט מטמא די רעכטע. פון צווישן שניידער טאָר ניט אַרויסקומען קיין אַרכיטעקט, פון שוסטער קען ניט אַרויסקומען קיין רופא. דאָ דינט מען נאָך צו אַלע געטער, וואָס דער פאַנאַטיזם האָט דורך אַלע דורות באַשאַפן, דאָ ברענגט מען נאָך עפּענטלעך לעבעדיקע קרבנות צו די געטער. און איבער דעם — די בראַמינער, די האַלבע געטער, וואָס האַלטן דעם סוד פון לעבן אין זייערע הענט און פאַרפינסטערן די מוחות פון די הונדערטער מיליאָנען.

ווי שוידערלעך פאַרפלאָנטערט איז דאָס לעבן דאָ, אַז מען באַטראַכט עס פון נאָענטן. שוין ניט רעדנדיק, ווי גרויס עס איז דער טרויער, צו זען אַזאַ גרויס פאָלק אונטערטעניק און כמעט אין קנעכטשאַפט ביי אַ דרויסנדיקער מלוכה. אין דור־דורותדיקער פינסטערניש לעבט נאָך דער גרעסטער טייל פון אינדישן פאָלק. און די, וואָס ווילן באַפרייען דאָס פאָלק, בלאָנדזשען אום ווי איין־און־איינציקע ליכטער אין דער דאָיקער פינסטערניש.

# אַ טאָג אין גאַס

(בלעטער פון מיין טאָגבוך)

קאַלקוטע, 15 דעצעמבער.

## 1. אַ טראָפּן האָניק.

...היינט בין איך אַרויס פון שטוב פּונקט אין דער צייט, ווען די זון איז אויפגעגאַנגען. דאָס ערשטע פרימאָרגן־ליכט איז מיט העלע פלעקן געפאַלן אויף אַ הייליקער קו, וואָס איז געשטאַנען אויפן טראָטואַר, און אויף אַ קעלבעלע, נאָך מיט ציטעריקע פיס, ווייזט אויס, ביינאַכט געבוירן געוואָרן, וואָס איז געשטאַנען און געזויגט מילך ביי דער מאַמעס אייטער. פאַרבייגייענדיק, האָב איך דאָס קעלבעלע אַ גלעט געטאָן. האָט די מאַמע־קו אָפּגעווענדט דעם קאָפּ אויף מיין זייט און געוואָרפן אַ בליק אויף מיין האַנט, וואָס האָט געגלעט איר קינד.

אַ ביסל ווייטער זיינען געזעסן, אַראָפּגעבויגן אויף די שפּיץ־פינגער, פיר אינדוסן איינגעוויקלט אין ווייסע „דאָטיס", איבערגעבויגן פון טראָטואַר צום גאַס. אין דער לינקער האַנט אַ ביסל אַש און מיט דער רעכטער האַנט, מיט אַ ווייך העלצל, האָבן זיי געריבן און געשמאַק געשייערט די ווייסע ציינער; לאַנג געשייערט, מיט כוונה און דערנאָך געשווענקט דאָס מויל מיט וואַסער, וואָס זיי האָבן גענאָסן אין האַנט פון אַ ריין, אויסגעשייערטן מעשענעם קריגעלע. אַז איך בין פאַרבייגעגאַנגען, האָבן אַלע פיר פון דער זייט געווענדט צו מיר זייערע בליקן. איך האָב זיי צוגעוואָרפן אַ „גוט מאָרגן", האָבן זיך אַלע צעשמייכלט, בלאַנקענדיק מיט די אַלבאַסטער־ווייסע, אויסגעוואַשענע ציינער.

אַזוי קען זיך אָנהייבן אַ טאָג אין אַ גרויסער שטאָט נאָר אין אינדיע. פריידלעכע אַסאָציאַציעס קומען שפּעטער איינס נאָכן אַנ-

דערן, ווי עס קומען אָן פון צווישן גראָזן אַרויס שמעטערלינגען צו פליען, — ווען דער טאָג צעוואַרעמט זיך. מיר האָט זיך דעריבער אויסגעוויזן, אַז צו שווער טרעט איך היינט די ערד און, אַז עס וואָלט צייט געווען אָפּצוגעוויינען מיינע טריט פון דער האַסטיקייט, צו וועלכער עס האָבן מיך צוגעוויינט ניו־יאָרק, לאָנדאָן, פּאַריז און די אַלע אַנדערע, היינטוועלטיקע שטעט און זייערע אַיינוואוינער, וואָס האָבן אין מיר אַריינגעגאָסן די קוועקזילבער פון היינטיקן יאָרהונדערט.

פאַרהאַן ביי די אינדוסן אַ מעשה, צו פאַרזיסן דעם שווערן לעבן:

„אַ מענטש האָט אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט אין אַ געדיכטן וואַלד, ניט ווייסנדיק וואו אַיין און וואו אויס. די נאַכט איז צוגעפאַלן און, כדי זיך אויסצובאַהאַלטן פון ווילדע חיות, איז ער אַרויף אויף אַ הויכן בוים און זיך באַזעצט אין די געדיכטע צווייגן. אַזוי איז ער אַיינגעשלאָפן. אינדערפרי, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפט און געוואָלט אַראָפּקריכן פון בוים, האָט ער פלוצלונג דערזען, אַז אונטן, ביים בוים, וואַרט אויף אים אַ גרויסער טיגער. האָט ער געטראַכט, ער וועט דורך די געדיכטע צווייגן זיך אַריבערקלייבן צו אַנדערעביימער און זיך אויסבאַהאַלטן פון טיגער. טוט ער אַ קוק, אַז אויפן צווייטן בוים הענגט אַרומגעוויקלט אַ שרעקלעך לאַנגע שלאַנג און וואַרט אויף זיין דערנענטערונג. איז ער אַריינגעפאַלן אין יאוש. אָבער אין דער אייגענער צייט האָט פון שפּיץ בוים געטריפט האָניק (דאָרטן האָבן בינען געמאַכט זייער בינשטאָק. די זון האָט געוואַרעמט און האָניק האָט געטריפט). האָט ער זיך דערפרייט און זיך גענומען קוויקן מיטן האָניק.

אויף וויפיל איך מאַך קיין טעות ניט, האָט די אייגענע מעשה טאָלסטאָי איבערגעמאַכט אַ ביסל און דערציילט פון איינעם, וואָס איז אַנטלאָפן פון ווילדע חיות און איז אַריינגעפאַלן אין אַ גרוב מיט גיפטיקע שלאַנגען. דער מוסר־השכל איז דער אייגענער.

מיר איז דאָס געקומען אויפן זינען, ווען אַ ביסל ווייטער גייענדיק, בין איך צוגעקומען צו אַ ווינקל גאַס, וואו עס האָט אַ אינדוס געוויקלט אין גרינע בלעטער דעם חיטן „ביטעל“־וואָרצל,

באַשמירט מיט אַזאַ מין צעלאָזענעם קאַלך, און איינס נאָך אַנדערן זיינען געקומען קונים פון הונגעריקן און אויסגעמאָגערטן עולם, גע־געבן אים אַ מטבע און באַקומען דערפאַר אין אַ גרינעם בלאַט איינגעוויקלט דעם סטימולירנדיקן „איבערכאַפּ“.

איך האָב אויך אַרויסגענומען אַ מטבע, געוואָלט עס קויפן און פאַרזוכן און אַזוי אַ שפּיי טאָן רויט אין גאַס אַריין, ווי די אינדוסן טוען עס, נאָר אַ האַנט פון אַ בעטלער האָט זיך צו מיר אויסגעשטרעקט און געבעטן אַ נדבה (אין אינדיע איז בכבודיק צו בעטן נדבות) — האָב איך די מטבע אַריינגעלייגט אים אין האַנט אַריין, האָט ער פאַר זיך געקויפט דעם מאכל, אין גרינעם בלאַט איינגעוויקלט.

ווער האָט געלעקט אין היינטיקן פרימאָרגן פון דעם טריפנ־דיקן האָניק, ער, צי איך?

דערווייל האָבן פיר מענטשן געאיילט מיט דער גאַס, אויף די אַקסלען ביי זיי — אַ בעטל אויסגעבונדן פון צוויי לאַנגע באַמבוק־שטאַנגען און מערערע קורצע אין דער ברייט, מיט שטרויענע שטריק צונויפגעבונדן, עס זאָל האַלטן, און אויפן בעטל — אַן איבערגע־דעקטער בר־מינן. זיי האָבן געאיילט מיט אים צום טייך, וואו מען פאַרברענט די מתים. עס געהער אויך צום פרידלעכן פרימאָרגן פון דער גרויסער שטאָט און האָט אַ שייכות צום האָניק, וואָס טריפט צום מויל אין צייט פון יאוש.

---

## 2. לאַנדסלייט.

אַ סיגנאַל פון אַ אָנקומענדיקער שיף האָט מיך אַוועקגע־פירט ביז צום האַפן (פון לאַנג וואַנדערן, איז דאָס געוואָרן אַ געוויינהייט ביי מיר). און ביז איך בין אַזוי טריט ביי טריט אָנגע־קומען אין האַפן אַריין, האָט מען שוין די פּאַסאַזשירן געהאַט אַראָפּ־געלאָזט. דאָס איז געווען אַ שיף, וואָס איז אַרויס פון אַמעריקע צו מאַכן אַ רייזע אַרום דער וועלט און איצטער איז זי אָנגעקומען אין קאַלקוטער האַפן.

אַן עולם טוריסטן, ווען ער לאָזט זיך אַראָפּ פון שיף, מיט זיין גאַנצער דאָרשטיקער נייגעריקייט; ווער זאָגט נאָך, אַז די שיף ברענגט אַ יוגנט מיט אַ שטראָם יוגנטלעכער ענערגיע — צו אַ מזרח־ברעג, אַז אַזאַ שיף שטעלט זיך צו, איז דאָס געווים אַ נייע וועלט, וואָס איז אָנגעקומען צו באַגעגענען זיך. ברענגען און נעמען, מער צו נעמען, ווי צו ברענגען.

געווים ברענגט אַזאַ שיף אַ סך בענקשאַפט און אומרויקייט פאַר די קינדער פון ברעג. אַמאָל מער אומרויקייט. אינדיע איז דער צוציִונגס־פונקט, וואוהין מען קומט, אַפילו אין אַיילעניש, אַ קוק צו טאָן. אַמעריקע האָט זיך איצטער אַ רודער געטאָן און שיפן פון דאָרטן, אָנגעלאָדענע מיט פּאַסאַזשירן פון אויבן ביז אַראָפּ, רירן איצטער אָן די ברעגעס פון אַלע וועלט־טיילן. איך זאָג ברעגעס, ווייל זייער וואַנדערן איז אין אַיילעניש, פאַרקאָנטראַקטירט מיט דער שיף:

„אין אַזויפיל צייט און אַזויפיל לענדער אין — אַזויפיל וועט עס קאָסטן“.

איצטער איז אויך אַזאַ פאַרקאָנטראַקטירטע שיף, מיט פאַרקאָנטראַקטירטע פּאַסאַזשירן אָנגעקומען. און וואָס פאַר אַ גערודער זיי האָבן עס אַריינגעבראַכט אין מיין טאָג אַריין, וואָס האָט זיך אַזוי ברידלעך אָנגעהויבן!

„אַמעריקע“, אויסערהאַלב אַמעריקע, איז אַ אומגעלומפּערטע באַשעפעניש. אַ שרייעדיקע באַשעפעניש. ממש מיט אַ ווירבלווינט קומט אָן אַמעריקע. און עס איז אַ פאַרדראָס, וואָס פון דעם גאַנצן טאַראַראַם זייערן שלאָגט אַ גרויסע מעכאַנישקייט.

איך ווייס, וואָס פאַר אַ יוגנט אַמעריקע האָט. ניטאָ אַזעלכע לעבעדיקע בחורים און מיידלעך אויף גאָר דער וועלט, ווי אין אַמעריקע. און ווען מיין היים וואָלט ניט געווען דאָרטן, וואָלט איך איצטער, קוקנדיק אויף די טוריסטן, מיינען, אַז אַמעריקע האָט קיין יוגנט ניט. כסדר עלטערע מענטשן, שווערע, ווער מיט אַ לאַסט פון יאָרן און ווער מיט אַ לאַסט אַ היימישער, וואָס ער האָט אין אַיילעניש פאַרכאַפּט מיט זיך.

די יוגנט קען ניט באַווייזן צו רייזן איבער דער וועלט. די יוגנט האָרעוועט. די יוגנט ליגט עס אָפּ, ביז זי וועט זיך „אַרויפאַרבעטן“.

— אוי, ווי עס פאַרדריסט מיר אויף אײַך, מיינע לאַנדסלייט; איצטער זע איך אַרויס די פאַריאָגטקייט אײַערע! —

דאָס איינציקע יוגנטלעכע, וואָס מיינע לאַנדסלייט באַווייזן אַרויס, זאָל עס זיי ניט זיין צו קיין גנאַי, איז דאָס דער דאָלער. אָ, ווי זיי ווייסן זיין באַדייט! און זיי ווייסן, וואָס פאַר אַ ווערט ער האָט ביי דער וועלט. איצטער זע איך, אַז ניט זיי זיינען בכוח צו מאַכן דעם ווירבלווינט אַרום זיך. דאָס טוט דער דאָלער: מענטשן טומלען זיך, צענדליקער אינדוסן, טרעגער אַרום אַיעדן. אַזויפיל אַוטאָמאָבילן צונויפגעשלעפט כון גאַנץ קאַלקוטע. אַזויפיל שטויב, רויך, טומל — וואוהין רייסט מען זיך?

אַ פּראָגראַמע פאַרן טאָג. איך, זייער לאַנדסמאַן, וואָלט וועלן מיט זיי מיטהאַלטן אַמאָל, נאָר עס קומט ניט אויס. זיי טרעטן זיך איינער דעם אַנדערן אָפּ די פיס. זיי שניידן זיך דורכן לעבן, מיט דעם גערויש און שנעלקייט פון אַוטאָמאָביל. — און איך זע, אַז אַ מיד פאָלק, אַ געעלטערט פאָלק טוט עס.

איצטער פאַרשטיי איך, פאַרוואָס מען האָט זיך ביי מיר נאָכגעפרעגט אין יאַפּאַן, צי אַמעריקע האָט עס גאָר קיין יוגנט ניט? און דאָס קומט דערפון, וואָס דער אַמעריקאַנער פאַרגינט זיך רייזן נאָר צו דער עלטער, מיט דער הילף פון יוגנטלעכן דאָלער.

וויפיל מאָל דער דאָלער האָט שוין געמאַכט, מיינע באַקן זאָלן זיך רויטלען פאַר חרפּה. אַ שלעכטן וועג האָט מען מיט זיין הילף אויסגעטראָטן איבער גאָר דער וועלט. איך מוז מיר אַמאָל באַנוצן מיט דעם איינעם וועג. דער אַמעריקאַנער דאָלער האָט געמאַכט, אַז מען זאָל דיך ניט באַטראַכטן ערנסט. מען זאָל דיך חנפענען אין די אויגן און אויסלאַכן אַהינטער די פּלייצעס.

איך האָב זיך שפּעטער געכאַפּט, אַז איך שטיי שוין אַ צייט אויפן פּלאַץ אַנטקעגן האַפן, אין דעם שטויב, וואָס די לאַנדסלייט מיינע האָבן אָנגעמאַכט מיט זייער דורכטראָגן זיך.

אַ פּאָליסמאַן איז צו מיר צוגעגאַנגען און געפרעגט — אויב איך האָב זיך אויסגעמיטן מיט די פּאַסאַזשירן, אָדער אפשר זיינען מיינע

פֿעקלעך פֿאַרלאָרן געגאַנגען; אָדער אפשר באַדאַרף איך האָבן אַן אַוטאָמאָבֿיל, וועט ער אים אַרויסרופֿן פֿאַר מיר הורכן טעלעפֿאָן.

איך האָבֿ אים געזאָגט, אַז כאָטש איך בין אַן אַמעריקאַנער, נאָר איך האָבֿ ליבֿ צו גיין צופֿוס.

האָט ער אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— איך טרעף איצטער דעם ערשטן אַמעריקאַנער, וואָס גייט אַמאָל צופֿוס אויך. ווייטער אָבֿער, דאַכט זיך מיר אויס, אַז אַייערע אַמע־ריקאַנער ווערן געבוירן אין אַוטאָמאָבֿיל און דאָרטן שטאַרבֿן זיי.

ווען איך האָבֿ אים געזאָגט אין שפּאַס, אַז איך בין גאָרניט קיין אַמעריקאַנער, האָט ער זיך צעשמייכלט:

— איך שטיי אויף מיין פּאָסטן, ביים האַפֿן, און איך זע אַלערליי טוריסטן, וואָס קומען אָן, נאָר אַזעלכע שוטים, ווי די אַמעריקאַנער, פֿאַרמאָגט ניט די וועלט.

— וואו ביסטו געבוירן? — האָבֿ איך געפֿרעגט.

— אין גלאַזגאָ געבוירן, סיר, — האָט ער שטאָלץ געענט־פֿערט.

---

3. צוליבֿ וועמען.

ווי אַזוי בינדט מען איצטער צונויף די פֿערדים מיט דעם פֿרי־מאָרגן?

עס איז שוין געווען אַרום האַלבֿן טאָג, ווען איך בין אָנגע־קומען צו דער קיניגין וויקטאָריעס „מעמאָריאַל־פּאַלאַץ" פֿון ווייסן מירמלשטיין. ווען קיניג געאָרג איז נאָך געווען קרוין־פּרינץ, אין זעקסטן יאָר, האָט ער געלייגט דעם „ערשטן שטיין". און דער איצ־טיקער קרוינפּרינץ האָט אין איין־און־צוואַנציקסטן יאָר דעם בנין באַנייט (דאָס איז געווען אין דעם אייגענעם באַזוך, בשעת דאָס אינדישע פֿאָלק האָט אים אַרויסגעוויזן די גרעסטע פֿיינטלעכקייט און באָיקאָטירט זיין קומען). נאָר די עטלעכע מיליאָן רופּיעס, וואָס דער בנין האָט אָנגעטראָפֿן, הייסט עס, אַז „פֿרייוויליק האָבן זיך אויף דעם אונטערגעשריבֿן די פּרינצן און די פֿעלקער פֿון אינדיע."

און ווי נאַריש עס זעען אויס אָט די אַלע קליינע און גרויסע, הויכע און נידעריקע סקולפּטורן, מיט דעם אויסדרוק פון דער קיניגין וויקטאָריע! אַזוי אָן אַ חשבון זיי אָנשטעלן! און דער קיניג עדוואַרד, און איצטער דער קיניג געאָרג, מיט דער קיניגין מערי. —

סימבאָליש זעט עס מיר אויס ביז גאָר, וואָס אַלע זייערע פּערזענלעכקייטן אין שטיין און אין בראָנז האָט מען צונויפגענומען אין איין בנין אין קאַלקוטע, ביים ראַנד פון לאַנד. עס איז ניט קיין סימבאָל פון *לעבן*, וואָס ווירקט, נאָר אַן אויסדרוק פון *קאַלטער מאַכט*, וואָס דריקט. צוליב-וואָס נאָך אין איין צימער וויקטאָריעס פּיאַנע און איר שרייבטיש? עס זיינען שוין לאָגישער אין לאָנדאָנער מוזעאום אירע פיין-געאייגלטע זאַכן, וואָס איך האָב געזען.

וואָס איז ווערט די אַטמאָספערע פון דעם מעמאָריאַל-זאַל פאַר דעם אינדישן פאָלק? וואָס רעדן צו די אינדוסן די דאָזיקע פּאָרטרעטן פון די אַלערליי לאָרדן און זייערע ליידיס?

שווער צו זאָגן, אין וואָס פאַר אַ פאָרם *מאַכט* דריקט זיך אויס. מען קען גאָרניט קלוג זיין אין צוקלערן פאָרמען. די מאַכט אַליין האָט אירע אומגעלומפּערטע אויסדרוקן.

דאָס אייגענע האָט זיך ניט ווילנדיק געטראַכט, ווען מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט געצויגן דורך די גאַסן פון קאַלקוטע דער גובערנאַטאָר מיט זיין סוויטע, מיט די מונדירן, מיט די קיווערס, מיט די ווייסע פעדערן, מיט די שווערדן און לאַמפּאַסן און מעדאַלן, — „וואוהין און פון וואַנען? — האָב איך געטראַכט, — צוליב וועמען דער דאָזיקער גלאַנץ? צוליב די האַלב-נאַקעטע פּאַריער, וואָס פילן אָן די גאַסן? צוליב די אויפגעקלערטע און אַ ביסל בעסער אײַנגעוויקלטע אינדוסן?“

וואוהין און צוליב וועמען?

---

## 4. „די פּורדאַ“.

צוויי פרויען, ביידע אָנגעטאָן אין דער „פּורדאַ“, אין דעם דאָזיקן ווייסן קיטל, פון קאָפּ ביז די פיס און, וואָס דעקט צו דעם גאַנצן קאָפּ, בלויז לאָזנדיק צוויי לעכער פאַר די אויגן, — אַזעלכע צוויי פרויען זיינען געזעסן אויף אַ באַנק, ניט ווייט פון וויקטאָריע־זאַל, און לעבן זיי קליינע קינדער. די קינדערלעך לייטיש אָנגעטאָן, וואָס באַווייזט, אַז מען קומט אַרויס פון אַ פּאַרמעלעכער היים, און אין דער דאָזיקער פאַרמעגלעכקייט הערשט דער פאַנאַטיזם, די פרויען אין „פּורדאַס“.

אַן אָרעמאַן איז צוגעגאַנגען און האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, געבעטן אַ נדבה. האָבן זיך די הענט אַרויסגערוקט פון אונטער דעם קיטל און דערלאַנגט דעם אָרעמאַן אַ מטבע. די הענט זיינען געווען באַצירט מיט אַ סך צירונג.

איך האָב שפּעטער געהערט, ווי ביידע פרויען האָבן פון עפּעס שטאַרק געלאַכט. פון אונטער דעם קיטל האָט זיך געריסן אַ געלעכטער. צוויי יונגע לעבנס האָבן זיך געצאַפּלט אונטער די פּורדאַס.

און די צוויי קינדערלעך — זייערע קינדערלעך, זיינען געבוירן געוואָרן פון דער באַגעגעניש מיט אַ מאַן. די קינדערלעך זעען די מאַמעס מסתמא דורך דעם געדיכטן, ווייסן געוועב.

ווי אַזוי וויקלט זיך די ליידנשאַפט איין אין דער פּורדאַ?

איך האָב געזען, ווי איינע האָט אַרויסגענומען די האַנט פון אונטער דער פּורדאַ און צוגעטראָגן אַ שפּיגעלע צו די לעכער אַנטקעגן די אויגן. דאָס איז די פרוי, וואָס ליגט אין דעם בליק פון די אויגן און אַזוי, אפשר, זעט זי זיך אינגאַנצן אַרויס.

---

## 5. אַ דיכטער.

אַ ביסל שוין מידלעך, בין איך אַריין אין דער צענטראַלער ביבליאָטעק. גרויסע לייען־זאַלן. אַ סך ביכער. אַ סך לייענער. די אינדישע יוגנט, ערנסט איינגעגראָבן אין די ביכער. איך האָב

זיך דערשלאָגן צום פּאַרוואַלטער. ער האָט זיין דירה אויפן צווייטן שטאָק.

אַן עלטערער מאַן. מאַכט דעם איינדרוק, אַז ער איז מיד פון די צענדליקער טויזנטער שטומע ביכער, וואָס רינגלען אים אַרום, און ער גאַרט זען לעבעדיקע מענטשן. אַ ענגלענדער, שוין יאָרן אין אינדיע און איז אויף דער עלטער געוואָרן אַ דיכטער. דרוקט זיך. האָט אויסגעשניטענע רעצענזיעס פון לאָנדאָנער צייטונגען. פינף מינוט זיין איך ביי אים און ער לייענט מיר שוין אויף אויסנווייניק זיינע לידער. לייענט און פאַרדויטלט זיך, ווי אַ אָנפאַנגער. זיין ווייסע באָרד בלייבט אַ דערשראָקענע פאַר דעם דיכטערס קינדערישקייט.

איך זאָג אים:

— איך האָב געמיינט, אַז אַ מענטש, וואָס פאַרוואַלט מיט אַ גרויסער ביבליאָטעק, באַדאַרף ניט האָבן אַליין קיין חשק צו שרייבן.

האָט ער עס אָנגענומען פאַר אַ באַליידיקונג און געבליבן זיצן ווי אַ יונגער יינגל, אַ פאַרשעמטער...

פון אים האָב איך אויך געהערט, אַז דאָס אינדישע פאָלק איז דאָס וואונדערלעכסטע פאָלק אויף דער ערד און אַז דאָס אינדישע פאָלק וועט נאָך איבעראַשן די וועלט.

און ווייל דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב אַזעלכעס געהערט פון אַן עכטן ענגלענדער אין אינדיע, איז עס געווען פאַר מיר, ווי די טראָפּנס האָניק, וואָס האָבן אין צייט פון יאוש געטריפט צום פאַרבלאָנדזשעטן אין טיפן וואַלד....

---

# ק ר ב נ ו ת

אינדיע איז דאָס איינציקע גרויסע לאַנד מיט אַ פאָלק פון הונדערטער מיליאָנען, וואו די פאָרהיסטאָרישע צייטן לעבן נאָך זייער פולן לעבן, מיט געטער און קרבנות. געטער אָן אַ שיעור און קרבנות אַלערליי. פריי האָט זיך די פאָלקס־פאַנטאַזיע אַוועקגעלאָזן נאָך די אייגענע געשאַפענע געטער. און זיי, די געטער, לעבט זיך נאָך גאָר גוט אין דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אין בוזים פון אַזאַ גרויס פאָלק.

אין די אוראַלטע צייטן האָבן די אינדוסן געדינט צו די כוחות פון דער נאַטור. אויף דעם זאָגן עדות די היליקע ו ו ע ד אַ ס, וואו עס געפינען זיך אַלערליי הימנען צו די נאַטור־דערשיינונגען. כאָטש א י נ ד ר אַ, אַ ג נ י און ס ו ר י א — וואָס מיינען: רעגן, פייער און זון — זיינען געווען די הויפּט־כוחות, וואָס האָבן דעם פּרימיטיוון געדאַנק געמאַכט אונטערטעניק. פון דער אונטערטעניקייט האָט זיך דער געדאַנק געפּרוווט באַפרייען און האָט זיך דאָך אַוועקגעלאָזן צו די דערשיינונגען, וואָס זיינען נוצלעך אָדער צעשטעריש. זיי האָבן אין דער נאַטור פאַרגעטערט סיי די כוחות, וואָס בויען און שאַפן, און סיי די, וואָס צעשטערן. אין דער צעשטערונג איז אויך געווען דער אָנהייב פון בויען. און כאָטש שפּעטער איז געווען אַ נייגונג צו אַ געאייניקטער שעפערישער קראַפט: ב ר אַ מ אַ — פונדעסוועגן האָט די פאָלקס־פאַנטאַזיע זיך ווידער פריי אַוועקגעלאָזן אויף דעם וועג פון ווידערגעבורטן, וואו איין גאָט פון דעם אַנדערן איז געבוירן געוואָרן.

אַזוי קומט אויף דער גאָט ו י ש נ ו, וואָס היט און באַשירעמט. דער גאָט ס י ו ו אַ, וואָס האָט אַ דאָפּלטע מיסיע: ער צעשטערט און ער בויט. ער צעשטערט אַלדאָס בייז; אַלע שדים און בייזע רוחות. פאַרשטייט זיך, אַז די וועלט וואָלט קיין קיום ניט געהאַט, ווען סיווא,

דער צעשטערער, וואָלט ניט געשטאַנען אויף דער וואַך. די פאַנטאַזיע פון פאָלק האָט אַלע געטער געגעבן ווייבער און קינדער. אין אַלערליי געזאַנגען ווערט פאָרגעשטעלט די אויפפירונג ביי די געטער-פאָרלעך. די אויפפירונג איז ניט אַזאַ אידעאַליסטישע. א סך ציניזם, אונטערגעבעט מיט סעקסועלע לײדנשאַפטן, פאַרמאָגן די לעגענדעס אין שייכות מיט די געטער-פאָרלעך.

און דווקא אין דער דאָזיקער געטער-לײדנשאַפט, געטער-תאווה, האָט זיך די פאָלקס-פאַנטאַזיע פאַרטיפט. פאַרהאַנען נאָך איצטער אין אינדיע סעקטעס, וואָס פראַווען אָרגיעס מיט נאַקעטע פרויען אַרום די טעמפלען. דאָס האָט מען זיך אָפגעלערנט פון די געטער. דאָרט, וואו די געטער דערלויבן זיך ברוטאַליטעט — מעגן מענטשן נאָכטאָן. נאָר די לײדנשאַפט פון פראָסטן פאָלק, פון די גאָר גרויסע, גרויסע מיליאָנען האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער געטין דורגאַ, אָדער ווי זי איז מער באַקאַנט מיטן נאָמען קאַלי. זי איז סיוואַס ווייב. ניט דאָ איז דער פּלאַץ צו דערציילן פון אירע מלחמות מיטן גאָט סיוואַ, איר מאַן. גענוג צו זען איר געשטאַלט, ווי אַזוי די פאָלקס-פאַנטאַזיע האָט זי אויסגעמאָלן. מען קען עס זען אין די טעמפלען לכבוד איר. אַ געמיש פון ברוטאַליטעט אין העסלעכקייט. מען שטעלט זי פאָר מיט אַ לאַנגער, אַרויסגעשטעקטער געלער צונג און מיט אַ לאַנגן קראַנץ פון מענטשלעכע קעפּ אויף איר האַלז. זי האָט פיר הענט. מיט איין האַנט בענטשט זי די פּילגרימער, די צווייטע האַנט בעט נדבות פאַר בעטלער. אין דער דריטער האַנט האַלט זי דעם שלאַכטמעסער און די פערטע האַנט האַלט דעם קאָפּ פון געקעפּטן קרבן. כאַראַקטעריסטיש, ווי דאָס גוטע און בייזע פלעכטן זיך צוזאַמען. צו איר שרייבט מען צו אַלערליי אייגנשאַפטן. כאָטש זי הייסט קאַלי, די גרויזאַמע, פונדעסטוועגן איז זי אויך די געטין פון שיינקייט. זי איז די געטין פון אַלצדינג, וואָס לעבט. זי איז דער קוואַל פון לײדנשאַפט. אַרום אירע טעמפלען פלאַקערט נאָך די לײדנשאַפט פון פאָלק ווי גאָר אין די אַלטע צייטן.

נאָר אויפגעקומען איז אין מיר דער גאַנצער ביבלישער שוידער אַרום אַ באַרימטן קאַלי-טעמפּל אין קאַלקוטאַ, וואו מען

איז מקריב קרבנות צו דער ברוטאַלער געטין. דאָ, ווען איך האָב דערזען די טויזנט־קעפּיקע מאַסע, מענער און פרויען, אײַנגעשטורעמט פון רעליגיעזן עקסטאַז, דאָ האָבן שוין די אַלערליי צייכנס אויף די שטערנס גאָר אַנדערש געווירקט. מיטאַמאָל בין איך אַריין אין אַ אָנגעגליטער אַטמאָספערע, וואו ווילד צאַפּלט זיך מענטשלעכער אינסטינקט, ווען ער איז נידעריקער און נאַרישער ווי חיהשער. און אַ סקרוך איז מיר אַריבער דורך מיין גאַנצן לייב ווי נאָר איך בין אַריין אין דער טעמפּל־אַטמאָספערע. דאָס פאָלק זעט ניט פאַר זיך די וועלט, פול מיט התפשטות הגשמיות, נאָר אָנגעקליידט אין אַן אַנדער גשם, וואָס שוידערט אויף.

דער טעמפּל־בנין גופא איז גרוי און צוליב דעם ריח פון פרישע בלוט, וואָס צופּט ביים נאָז, און צוליב די פאַרפלאַמטע פּנימער פון די פּיליגרימער, צוליב די הונדערטער יונגע, שוואַרצע ציגן־בעק, וואָס מע—ע—קען און בלע—ע—קען, קען מען מיינען, אַז דאָ איז אַ גרויסער שלאַכט־הויף מיט יאַטקעס פון הייסע, זודיקע זייטלעך פלייש. אויף די שוואַרצע ציגן־בעק איז אויסגעפאַלן דער גורל צו מכפּר זיין אויף זינד און מיט הייסע בלוט, לעבנס־בלוט, טייטן און דערטרינקען די ליידנשאַפט פון מענטשן. אַזוי גלויבן די גלויביקע מיליאָנען. אָ, וואָס פאַר אַ ברוטאַלע ליידנשאַפט עס אַנטוויקלט זיך ביים טויטן אין זיך די ליידנשאַפט!

דער טעמפּל געפינט זיך אין קאַלקוטע, ביים ברעג פון אַ צווייג פון הייליקן טייך גאַנגעס, און יעדער איינער, וואָס ברענגט זיין שוואַרצן ציגן־באָק פאַר אַ קרבן צו דער געטין קאַלי, גייט פריער אויסבאָדן זיין לייב אין הייליקן טייך און באָדט אין הייליקן וואַסער דעם קרבן זיינעם. וואו האָבן זיי צונויפגענומען אַזויפיל שוואַרצע ציגן־בעק? און אַ שוואַרצקייט אַזאַ ריינע, אָן קיין שום צומיש פון פרעמדן קאָליר? דער ציגן־באָק לאָזט זיך וואַשן און האָט הנאה: ער שפּירט די צאַרטקייט, מיט וועלכער מען וואַשט אים. ווי אַן אייגן קינד, אַזוי וואַשט מען אים. אפשר מיט אַזאַ מין צערטלעכקייט האָט מען נאָך גאָרניט לאַנג געוואָרפן אין אינדיע קליינע קינדער אונטער דעם שווערן פּראָצעסיע־וואָגן, אויף וועלכן מען האָט געפירט דעם אָפּגאָט דורך די גאַסן פון לעבן.

אַנטקעגן דעם טעמפּל איז דער מזבח, אָדער די יאַטקע=קלאָץ: צוויי לאַנגע פינגער קומען פון דער קלאָץ אַרויס, פינגער אויסגעשפּרייטע, אַז צווישן זיי זאָל קענען אַריינגיין דער האַלז פון קרבן.

עס קומט אָן פון טייך, מיט זיין אויסגעבאָדענעם ציגן=באָק אויף די הענט, דער זינדיקער. ער טראָגט אין דערהויך זיין קרבן און קומט אָן אַנטקעגן צום טעמפּל, וואו עס שטייען די פּריסטער מיט די פּויקן. דעם ציגן=באָק באַשמירט מען דעם שטערן מיט רויט, מיט ווערמיליאַן, בעת ער בלעקעט און צאַפּלט זיך. דאָ דערשמעקט ער שוין, וואָס מיט אים וועט זיין. די פּויקן ליאַרעמען, דער עולם רייכט זיך אויפן האַלז מיט ווילד משוגענעם עקסטאַז. מען רופט, מען שרייט צו דער געטין קאַלי. מען הייבט אינדערהויך דעם ציגן=באָק און מען באַווייזט, וואָס מען ברענגט איר פאַר אַ מתנה. אין צייט פון יענעם פינסטערן געפּילדער, אונטער דער ברענענדיקער זון פון האַלבן טאָג, פאַרקלעמט מען די האַלז פון קרבן צווישן די צוויי אויסגעשפּרייטע פינגער. דער קאָפּ אויף איין זייט מע—ע—קעט און דער גוף, וואָס אין די הענט פון דעם בעל=קרבן, צאַפּלט זיך פון דער אַנדערער זייט. און מיט אַ שווערן מערפּ=קרומען מעסער טוט דער כהן אַ האַק און מיט איין שוואונג האַקט ער איבער די האַלז פון באָק דורך און דורך.

איך האָב געזען, ווי אינמיטן מע—ע—ע איז דער האַלז איבערגעהאַקט געוואָרן. דער קאָפּ איז אַראָפּגעפאַלן און זיך נאָך באַלעקט מיט דער אייגענער צונג. און דער געקעפּטער גוף האָט זיך געצויקט און געצאַפּלט, ווי צום אויפשפּרינגען און לויפן. מיטן בלוט האָט מען זיך געשמירט. מיטן בלוט האָט מען געוואַשן זינד. קרעציקע הינט האָבן דאָ זייער צוטריט צום מזבח און לעקן דאָס פאַרגאָסענע בלוט אויף דר'ערד. דער עולם קווילט זיך אַרום דעם בלוט און רייסט פון זיך שטיקערווייז דאָס מענטשלעכע געשטאַלט און טרעט עס מיט די פיס. באַלד נאָך באָק קומט צום מזבח אין כסדר אינמיטן פון זיין פיינלעכן מע—ע—ע פליט דער קאָפּ אַראָפּ פון אונטער דעם שווערן מעסער.

# פּרק הירשבײן

אין אַן אַנדער װינקל בּרענגען װײַבער זײער אָפּפער צום גאָט סיװאַ. מען גיסט פאַר אים די זאַפט פון קאָקאָניס. דאָ גיסט זיך שױן ניט קײן בּלוט. נאָר די פּנימער פון די פרױען, די אױפגערעגטע טעמפּקײט אין די אױגן, די פאַרטריקנטע ליפּן, װאָס זאָגן תּפילות און זינגען ליבגעזאַנגען; דער פײער, װאָס גליט אין די בּרױנע באַקן; דער ספּאַזמאַטישער ציטער אין די הענט, װאָס בּרעכן די קאָקאָניס, דער קאָנװאולס פון גאַנצן קערפּער — עס פאַרטראָגט דעם געדאַנק אין אַלדי־רוחות. הונדערטער װײַבער שפּאַרן זיך צו דער געמױערטער גרוב, װאו אַ קופּערנע קאָבּרע שלאַנג ליגט צונױפגעדרײט מיטן קאָפּ אױפגעהױבן, און אָט, אױף דעם דאָזיקן קאָפּ גיסט מען און מען גיסט אָן אױפהער די זאַפט פון קאָקאָניס. פאַר דעם קופּערנעם אָפּגאָט צעבּרעכן זיך די געמיטער, גיסט זיך װי אַ פרילינג־בּלאָטיק װאַסער דער גײַסט פון מענטשן. אַהער קומט מען אױך טױטן לײדנשאַפטן. מיר האָט אױסגעװיזן, אַז דורות פאַרצײַטיקע זײַנען אַרױס פון אונטער דער ערד מיט אַלע זײערע פרימיטיװע אינסטינקטן, װי עס איז פאַרצײכנט אין זכרון פון דורות.

דאָ, אַרום טעמפּל, איז אױך פאַרהאַנען די גרױסע הײליקע מקװה, װאו עס בּאָדן זיך עקרות. דאָס װאַסער איז צוגעצױגן פון הײליקן טײַך. אין דער בּלאָטיקער מקװה בּאָדט זיך די פאַרצאָגטע עקרה אױס און טוט תּפילה אױפגעריכט צו װערן, אַז איר טראַכט זאָל געעפנט װערן. פון דער מקװהס גרונט בּאַקומט זי אַ שטײנדל און בּרענגט אים צום הײליקן בּױם, װאָס געפינט זיך אין טעמפּלהױף. מיט האָר פון איר אײגענעם קאָפּ בּינדט זי צו דאָס שטײנדל צו אַ צװײַג פון בּױם. טוט תּפילה דערבּײַ און גײט אַהײם. און אַז איר תּפילה איז אָנגענומען געװאָרן און זי האָט געבּױרן אַ קינד, און װען דאָס קינד איז אַלט דרײַ חדשים, שערט זי אָפּ זײַנע האָר און בּרענגט אַ מתּנה צום בּױם. איר שטײנדל בּינדט זי אָפּ און װאַרפט אין הײליקן גאַנגעס אַרײַן. אומגליקלעך איז די אינדישע פרױ, װען זי געבּערט ניט קײן קינדער. און טױזנטפאַכיק אומגליקלעך זעט זי אױס, בּעת זי בּינדט מיט אירע האָר דעם שטײן צום צװײַג.

דער גאָט סיװאַ האָט בּשותּפות מיט זײַן װײַב קאַלי געבּױרן

צווי זין. איינער פון זיי איז דער פעטער, שווער=בייכיקער גענעש, מיט אַ קאָפּ פון אַ העלפאַנט. ער גיט מזל און ברכה און הצלחה. ווי פאַרדריסלעך עס איז צו זען יונגע מענטשן, סטודענטן, וואָס ברענגען אים בלומען און בעטן אַ חסד ביי דעם דאָזיקן פאַרזעעניש.

די אַלע אָפּגעטער, זייערע געשטאַלטן — אויסגעבונדענע פעקלעך שמאַטעס און אומגעלומפּערט באַמאָלן מיט רויטע און געלע קאָליירן — אַזאַ פאַרלאָרנקייט, אַזאַ אומגליבלעכע פאַרבלאָנדזשעטקייט זאָל איך זיך ריכטן צו געפינען ביי אַ פאָלק, וואָס אויף זיינע פּלייצעס בויען אידעאַליסטן נייע וועלטן.

עס קומען מיר אויפן געדאַנק מיינע חדר=יאָרן, ווען מען האָט געלערנט חומש און דער רבי האָט מיט די קינדער געקנעלט פון מזבח, פון אָפּפער און בראַנד=אָפּפער און איסגערעכנט די אַלערליי צערעמאָניעס, ווי מען האָט די קרבנות געשאָכטן: ווי מען האָט זיי געבראָטן, ווי דער כהן האָט געשפּרענקלט דאָס בלוט. יעמאָלט האָב איך עס ווי אַלע קינדער גאַנץ מעכאַניש נאָכגעזאָגט. מיטן יונגן מוח האָב איך די זאַך ניט באַגריפן. גענוג צוויי טויזנט יאָר באַלד זאָלן פאַרביינגיין און מאַכן פאַרגעסן פון אַזאַווירקלעכקייט. אמת, פאַר אונז, קינדער, איז דאָס געוועזן דער דאָנערשטיקער שטרויכלשטיין, צוליב וועלכן אַ רבי האָט געגעבן פּעטש. (און מיין רבי האָט דעם תּלמידס קאָפּ אין וואַנט געשלאָגן, אויב ער האָט ניט פאַרשטאַנען די גאַנצע פּראָצעדור פון שפּרענקלען די בלוט פון קרבן אויף די ווינקלען פון מזבח). און יום=כיפּור אין שול, ווען דאַוונער פאַרגיסן טרערן, זאָגנדיק דאָרט, וואו עס מאָלט זיך די גרויסקייט פון דער עבודה אין בית=המקדש, דער אופן, ווי דער כהן האָט זיך מיטן קרבן געעסקט און ווי ער האָט זיך מיטן בלוט נודנ=געווען — איך צווייפל, צי די דאַוונער גיבן זיך אָפּ חשבון, וואָס אַזוינס אַרום בית=המקדש האָט זיך אָפּגעטאָן אין יענע צייטן, ווען מען האָט געבראַכט קרבנות; ווען מען האָט די אָקסן, די קעלבער, די ציגן און די שעפּסן און טויבן געקוילעט און מיט זייער בלוט זיך געשפּילט.

עס פאַרדריסט, וואָס דאָס קומט מיר אַנטקעגן אויף מיינע ערשטע וועגן און שטעגן אין אינדיע, וואוהין איך בין געקומען מיינע אי=

דעאַלן לײטערן. עס פאַרדריסט מיר, װאָס דאָס האָב איך געטראָפן אין דער שטאָט קאַלקוטע, װאו עס לעבט ראַבינדראַנאָט טאַגאָרע. ער, װאָס קומט צום מערב מיט גײסטיקע שליחותן און מוסרט דעם אײראָפּעער פאַר זײן מאַטעריאַליזם און ברוטאַליטעט. און װאָס זאָל איך איצטער טראַכטן, װען איך שטײ פאַ״ן טעמפּל פון דער געטין קאַלי און װער פאַרטריבט פון די װילדע אױסגעשרײען און קאָרטשע זיך אין דער אַטמאָספערע, װאו קעפּ פון ציגן־בעק פאַלן װי דורכגעשניטענע קרױט אָפּגעהאַקטע, װאו מען שמירט זיך מיט הײס בלוט צו טױטן לײדנשאַפטן?

און אין האַרצן באַרעכטיק איך אונזערע צװײ טױזנט־יאָריקע גלות, װאָס האָט אונז געלײטערט און באַפרײט פון מזבח, כּוהנים און קרבנות.

---

# דער אייביקער וועג

ביי די אַלטע עגיפּטער האָט מען באַלזאַמירט דעם קערפּער פון אַ געשטאָרבענעם, כּדי די נשמה זאָל האָבן וואוהין זיך אומצוקערן. די אויסגראָבונגען באַווייזן, אַז מען האָט דעם געשטאָרבענעם מיטגעגעבן מיט זיך אין קבר אַריין אַלע זאַכן זיינע, צו וועלכע ער איז געווען צוגעוווינט. אין די קברים פון די מלכים געפינט מען אוצרות גאַנצע און אויך אַלערליי קלייניקייטן, צו וועלכע אַ מענטשלעכע נאַטור קען זיך ביים לעבן צוגעוווינען. געבליבן זיינען גרויסע מאָנומענטן פון די מלכים מיט אויפשריפטן פון היסטאָרישן ווערט.

ביי די כינעזער באַלזאַמירט מען ניט דעם קערפּער פון געשטאָרבענעם, נאָר מורא האָט מען פאַר דער נשמה פון געשטאָרבענעם, מען היט זיך ניט אַיינצורייסן מיט איר. האָט מען אין די אַלטע ציטן אויך מיטגעגעבן דעם טויטן אַ גאַנצן פאַרמעגן.

איצטער איז דער כינעזער פּראַקטישער. ער גיט מיט דעם בר-מינן אַ פּיקטיוון פאַרמעגן. ניט קיין אמתע הייזער און גערטנער גיט מען מיט דעם געשטאָרבענעם, נאָר כּלומרשטע. נאָך אַ לוויה פון אַ פאַרמעגלעכן מענטשן גייט נאָך אַ גאַנצע אַרמיי מיט טעאַטראַליש-פאַרמאַסקירטע גאַסן-יינגלעך, וואָס טראָגן „אַ גרויס פאַרמעגן”: פאַפּירענע הייזער, פאַפּירענע סעדער און גערטנער, פאַפּירענע עופות און פאַפּירענע פערד און קי. דער כינעזער באַגראָבט ניט דעם אָרון אין דער ערד, נאָר ער שטעלט אים אַנידער אויף דער ערד, ערגעץ הינטערן שטוב. איך האָב געזען אָרונס, וואָס אויף זיי האָט מען צוגעגרייט פאַר דער נשמה אַ טשייניק און אַ טעפּעלע, טיי צו טרינקען.

די מאַאָריס אין ניי-זעעלאַנד פלעגן ביז ניט לאַנג מאַכן אַ פּראַקטישן נוצן פון געשטאָרבענעם. מען האָט זיך גאַנץ מיושבדיק אַרומגעזעצט אַרום אים, מיט אַ רויִקן ניגולע באַגלייט, האָט

מ׳נעמט דאָס פלייש אַרומגעשיילט פון די ביינער. פון די ביינער האָט מען אויסגעאַרבעט אַלערליי שטיקלעך געצייג. פיינע נאָדלען און שפּילקעס האָט מען געמאַכט פון די מענטשלעכע ביינער.

מיט מצבות האָבן קולטורעלע פעלקער באַצירט גאַנץ אייראָפּע. און מען האַלט נאָך אין פאַרשפּרייטן בית=עולמס ביז היינטיקן טאָג. די לוויות זאָגן עדות אויף דער איבערגעגעבנקייט צו די, וואָס גייען אַוועק אויף זייער אייביקן וועג.

ביי די אינדוסן, ווי נאָר די נשמה האָט זיך באַפרייט פון גוף, הייבט זיך אָן אירע וואָגלעניש. אירע גילגולים זיינען פון אייביקייט צו אייביקייט. בודאַ איז דער נייצנטער גילגול פון גרויסן באַשעפער בראַמאַ. אירע גילגולים איז ניט מקנא צו זיין. דער פייערדיקער גוף איז גאָרניט ווערט אָן דער נשמה. בלויז צוליב דער נשמה האָט ער זיך אויפגעהאַלטן. ווען די נשמה איז אַרויס, צי די האָט דערגרייכט נירוואַנאַ, צי זי באַדאַרף נאָך ווידער אין עמעצן צי אין עפּעס מגולגל ווערן — מיט דעם פייערדיקן גוף צעשיידט זי זיך אויף אייביק.

ווי ווייט דער אינדוס האָט מורא פאַר זיין ווידערגעבורט, זאָגט עדות די דאָזיקע תפילה צו דער געטין קאַלי, וואָס הייבט זיך אָן:

אָ, מוטער, ווי לאַנג נאָך וועסטו מיך טרייבן
„אַרום דעם ראָד פון „ווידערזיין“,
„פונקט, ווי מען טרייבט אַרום=און=אַרום
„דעם אָקס מיט פאַרבונדענע אויגן,
„צו שלאָגן דעם אייל פון איילקערנער?!“

דעריבער האָט ביים אינדוס דער מענטש אַ שטיקל ווערט נאָר ביים לעבן. ווי נאָר ער האָט צוגעמאַכט מיט אַן אויג, ראַמט מען אים וואָס שנעלער אָפּ. כדי דעם זינדיקן גוף איינגאַנצן אומברענגען, פאַרברענט מען די טויטע. און כמעט אַ וואַרעמען נאָך ברענגט מען דעם געשטאָרבענעם צום פאַרברענען.

ביי די בראַמינער ווערט טמא די שטוב, וואו איינער איז געשטאָרבן. אַלע קרובים ווערן אומריין און באַדאַרפן זיך באָדן. ווען אַ בראַמינער האָט דערהאַלטן אַ ידיעה פון אַן אַנדער געגנט, אַז

אַ קרוב איז געשטאָרבן, ווערט ער טמא און באַדאַרף טאָן אַלע טבֿילות, כּדי צו ווערן ווידער ריין. עס טרעפט זייער אָפט, אַז מען ברענגט צום אָרט, וואו מען פאַרברענט די מתים, אַ חולה, וואָס זשיפּעט נאָך. שוין אין גסיסה=מאָמענט איז ער אַ געשטאָרבענער.

מען פאַרברענט געוויינטלעך די מתים ביים ברעג פון אַ הייליקן טייך, אָדער אַ הייליקער אָזערע. פאַרהאַן עטלעכע הייליקע טייכן אין לאַנד, נאָר די גאַנגעס האָט אין אַלע צייטן פאַרנומען די גרעסטע צאָל מתים, וואָס מען האָט געשליידערט אין טייך אַריין, אָדער פאַרברענט ביי אירע ברעגעס. איצטער וואַרפט מען נאָך אויך אָפט מתים אין הייליקן טייך אַריין, כאָטש דאָס איז שוין פאַרבאָטן.

קאַלקוטע האָט עטלעכע צווייגן פון גאַנגעס און דווקא ביים שמאָלסטן צווייג איז דער ברען=אָרט. מיר האָט אַ אינדוס איינגערעדט, אַז דער שמאָלער פּאַס וואַסער איז אַמאָל געווען דער עיקר גאַנגעס, נאָר מיט דער צייט, צוליב מענטשנס זינד, איז ער שמאָל געוואָרן. דער גרויסער טייך האָט זיך ווי בכּיוון אַזוי צעשפּאָלטן און צעשפּליטערט, שוין נאָענט צום בענגאַלישן ים=אויסגוס, כּדי די הייליקייט זיינע זאָל זיך וואָס מער פאַרשפּרייטן. מען האָט אויסגערעכנט ווען עס קומט פאַרברענט צו ווערן ביים סאַמע ברעג, און ווער עס האָט ניט אַזאַ זכיה, פון אַ נידעריקערער קאַסטע — אים דערווייטערט מען פון ברעג.

און וויל מען זען דעם כאַראַקטער פון אינדוס און זיין באַציִונג צום לעבן און טויט, קען מען עס זען ביים ברעג טייך, וואו מען פאַרברענט מתים. דאָ איז ניט פאַרהאַן קיין מאָדערנע איינריכטונגען, כּדי צו פאַרשנעלערן דעם פּראָצעס פון ברענען. עס קומט פּאָר אַזוי פּשוט. ווי מען קען זיך עס נאָר פאָרשטעלן: אויף אַ שייטער פון לאַנגע, טרוקענע און גראָבע צעשפּאָלטענע קלעצער, איינגעלייגט איבער אַ גראָבן, כּדי אונטער אים זאָל אויסקומען ווי אַן אויוון, — אויף דעם דאָזיקן שייטער לייגט מען אַנידער דעם געשטאָרבענעם. אויפן טויטן לייגט מען אָן ווידער גראָבע העלצער און אַזוי צינדט מען אונטער דעם שייטער מיט לאַנגע, טרוקענע טשערעטן. לאַנגזאַם פאַרנעמט זיך דער פייער, פּאַמעלעך ברענט ער זיך פונאַנדער — עטלעכע שעה געדויערט, ביז דער מענטש

ווערט פאַרברענט. מיט דער גאַנצער אַרבעט פאַרנעמען זיך קרובים. קינדער ברענען די עלטערן, ברידער פאַרברענען ברידער, אָדער שוועסטער. מאַן פאַרברענט זיין ווייב. נאָר מענער טוען די דאָזיקע אַרבעט. ווייבער זיינען ניט געווען ווייכטיק.

איך בין אָנגעקומען צום ברעג הייליקן טייך אַרום האַלבן טאָג. די הייץ פון אינדיעס זון איז דאָ פאַרטאָפּלט געוואָרן צוליב די לאַנגע פייערן, אין וועלכע עס האָבן זיך דערברענט מענטשלעכע גופים. דער ריח פון געבראָטן פלייש און פאַרברענטע האָר האָט די לופט געמאַכט פעט און געדיכט. אַרום יעדן פייער באַזונדער האָבן זיך געעסקט מקורבים און געזען, אַז דאָס פייער זאָל גוט ברענען. איך האָב אָנגעהויבן צו זוכן דעם איינדרוק פון טרויער אויף די פּנימער, געוואָלט שפּירן די טראַגעדיע פון מענטשנס לעבן אויף דעם דאָזיקן בית-עולם, וואָס איז פול מיט גרויל, כאָטש באַלויכטן פון העלן טאָג. און איך האָב גאָרניט געפונען אַזוינס, וואָס זאָל האָבן אַ שייכות מיט דעם טרויער, וואָס מיר באַגרייפן. די געדיכטע טרויעריקע שטימונג, וואָס דריקט אַזוי אָפט אונזער האַלז ביז ספּאַזמעס — איך האָב יענע שטימונג געפרוווט אַריבערברענגען אַהער, צווישן די פייערן, און ניט געקענט. אַזוי סיסטעמאַטיש און רויק האָט זיך דער עולם ברענגער אָפּגעגעבן מיטן פאַרברענען מענטשן און זיך באַמיט, אַז פון מענטשן זאָל גאָרניט בלייבן.

איינער זוכט אין אַש, צו געפינען שיריים פון זיין טאַטן. געפינט אַ פאַרברענט ביינדל אַזוי גרויס, ווי אַ פינגער, באַטראַכט עס גוטמוטיק, וויל דערגיין פון וואָס פאַר אַ טייל קערפּער עס איז. האָט דאָס ביינדל אַריינגעלייגט אין אַ קעסטעלע פון שוועבעלעך און באַהאַלטן אין קעשענע. דערנאָכדעם, ווען דער גוף איז שוין אינגאַנצן פאַרברענט, ברענגט מען אין ערדענע קריג וואַסער פון דעם הייליקן טייך און מען באַגיסט דעם פייער. אין די פריערדיקע צייטן האָט מען דעם אַש געשאָטן אין טייך אַריין. איצטער איז דאָס פאַרווערט. באַגיסט מען דעם אַש מיט וואַסער פון גאַנגעס און שפּעטער צעברעכט מען די קריג איבערן אַש. אָפּגעטאָן די מלאכה, באָדט מען זיך אויס אין הייליקן טייך און מען גייט אַהיים.

אין דער צייט, וואָס איך האָב דאָרט געזאַמט, האָט מען געבראַכט צו טראָגן אויף אַ באַמבוקענעם טראָגבעט אַ יונגע פרוי. איר פּנים איז געווען אַזוי פריש, גלייך ווי זי וואָלט איצטער איינגעשלאָפן. איינגעוויקלט אין אירע בעסערע טיכער, איז זי געלעגן אויפן בעט, דאָס פּנים אָפּגעדעקט, בעת דער מאַן און אירע ברידער האָבן זיך פאַרנומען מיט איינאָרדנען דעם שייטער. כּסדר יונגע מענטשן, וואָס האָבן געווים באַדאַרפט אַרויסווייזן אַ יוגנטלעכן סענטימענט מיט דעם יונגן טרויער-פּאַרב. איך האָב זיך אויף דעם סענטימענט ניט געקענט דערוואַרטן.

אין געדאַנק האָב איך אָנגעהויבן מסכּים צו זיין מיט זיי. מסכּים געווען ביי זיך, אַז אין דעם ענין פון שיידן זיך אויף אייביק מיט אייגענע, נאָנטע, האָבן זיי זיך דערהויבן איבער אונזער פּסיכאָלאָגיע. מאַכט ניט אויס, וואָס דער אופן פון פאַרברענען איז פּרימיטיוו און מאַכט דעם איינדרוק, אַז דאָ איז אַ פאַרזאַמלונג פון קאַניבאַלן און מען בראָט מענטשן פאַר אַ סעודה וועגן — מיט דער צייט וועלן זיי געווים האָבן מאָדערנע קרעמאַטאָריעס. ווייל, ווער עס האָט אַ געזונטע באַציִונג צום לעבן, מוז אויך האָבן אַ געזונטע באַציִונג צום טויט.

נאָר ביי די דאָזיקע געדאַנקען איז אָנגעקומען אַ פאָטאָגראַפער אַראָפּצונעמען אַ בילד פון דער טויטער פרוי אינאיינעם מיט די מקורבים, וואָס האָבן זי באַגלייט. מען האָט חשק געהאַט צו מאַכן די פאָטאָגראַפיע וואָס שענער. אפשר אַ שעה צייט האָט געדויערט, ביז די פּאָזע איז פאַרטיק געוואָרן. דווקא געוואָלט, אַז די טויטע פרוי זאָל האַלטן אָפן די אויגן. פריקרע איבער־צוגעבן, וואָס מען האָט געטאָן מיט די אויגן און מיט די אַנדערע טיילן גוף, אַז ער זאָל זיך האַלטן אין אַ האַלב-זיצנדיקער פּאָזע, מיט די הענט פאַרלייגט אויפן ברוסט.

אַז מען האָט אַזאַ פּאָזע אַרויסגעקראָגן ביים בר-מינן, האָבן זיך די לעבעדיקע גענומען אויסזעצן. דער מאַן פון דער פאַרשטאָרבענער האָט זיך זיבן מאָל איבערגעזעצט און געביטן זיין פּאָזע. ער, אַ מענטש פון אַ יאָר פינף-און-צוואַנציק, און זי, אפשר פופצן יאָר אַלט געווען — שווער געווען צו קוקן אויף דער סצענע. אין

די אויגן פון די מענער האָט געפעלט דער מינדסטער שטריך פון דערהויבנקייט. אויף זיי איז געלעגן טעמפּקייט און געפּילדאָויקייט. טרויער, טרויער ביז גאָר האָט מיך אַליין אַרומגענומען. און מיין אייגענעם וועזן האָט אָנגעפילט דער ריח פון געבראָטענע מענטשן־פלייש.

עס ווילט זיך אויף דעם ניט רעאַגירן און ניט שטאַרק קרי־טיקירן. וואָרעם פאַר די יאָרן, וואָס איך באַרייז די וועלט און קום פון איין לעבנסשטייגער צו אַן אַנדערן, צווישן גלויבנס און אָבערגלויבנס, צווישן שטרעבונגען און אַנטוישונגען פון אַלערליי מענטשן און זייערע וועגן און הינטערוועגן — איך האָב טיילווייז אַליין אָנגעוואָרן דעם פּאַדים, וואָס טיילט אונז פונאַנדער, אונז לע־בעדיקע — פון די טויטע.

די איז נאָך געווען גאָר יונג און קיין קינדער ניט געהאַט. וואָרעם די זוילן פון אירע פיס זיינען געווען אָפּגעפּאַרבט טונקל־רויט. באָרוועסע טריט, כאָטש יונגע, נאָר מען האָט דערקענט, אַז גאָר אַ סך האָבן זיי געטראָטן אין לעבן. אַזוינע קליינע הענט האָבן די אינדוסן, אַזוינע דינע פיס, און אירע פיס זיינען געווען געבוירן ווי צום לויפן. דער טויט האָט פון זיי דאָס לעבן ניט צוגענומען. די אייגענע מענער, וואָס האָבן זיך מיט איר נאָר וואָס געפּאָטאָגראַ־פירט, האָבן זי איצטער אַנידערגעלייגט אויפן שייטער־האָלץ. די בעסערע טיכער האָט מען פון איר אַראָפּגענומען. געלאָזן זי אין אַ איינפאַכער, ווייסער אָרעמער סאַארי. „אַ זאָגער" האָט געזופט אינדערהויך אַ תפילה און די מקורבים האָבן נאָכגעזאָגט.

אין יענער צייט זיינען פון טייך אַרויפגעקומען אַ גרופּע פרויען, מיט קופּערנע קריגלעך הייליקע וואַסער. זיי האָבן זיך אויסגעבאָדן און זיינען אָנגעקומען אין דעם מאָמענט, ווען מען האָט געמאַכט די הכנות צו פאַרברענען זייערע אַ יונגע שוועסטער. אין זייערע פּנימער האָט זיך באַוויזן אַ שרעק פאַרן טויט. ווי צעשראָקענע פייגל, האָבן זיך די אַכט פרויען געטוליעט איינס צום אַנדערן און נאָכגעקוקט צו דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען. זיי האָבן געבראַכט מיט זיך די נייטיקע שטימונג און די פאַרשפּרייט צווישן די פייערן.

נאָר צו מיין גרעסטער איבערראַשונג, האָט מען זיי דורכגעטריבן. עס טאָרן ווייבער ניט זיין דערביי. זיי האָבן אַראָפּגעבויגן די קעפּ און גענומען אַוועקגיין. נאָר איינער, אַ זייטיקער אינדוס, וואָס איז געקומען צום פּלאַץ אויס נייגעריקייט, האָט אויפגעהויבן אַ געשריי און געהאַלטן אַ גאַנצע רעדע, געפאָדערט די פרויען זאָלן בלייבן. עס האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט אַ מחלוקת צווישן די אבלים און דעם זייטיקן מענטשן. איינע פון די פרויען האָט זיך אויך אָנגענומען מיט כּוח און געשריען אויפן הויכן קול. מען האָט זיך אָבער ניט גענומען צו פאַרברענען, ביז די פרויען האָבן געמוזט אַוועקגיין. אַ גרעסערע וואָכעדיקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט אַרום שייטער-האָלץ.

נאָכדעם, ווי מען האָט איר פּנים באַשמירט מיט אייל און מיט אַש פון פאַרברענטע קו-מיסט, האָט מען אַוועקגעלייגט אַ שווערן האָלץ אויף איר ברוסט און מיט קירצערע העלצער באַדעקט איר גאַנצן גוף. עס האָבן נאָר אַרויסגעהאַנגען די לאַנגע, שוואַרצע האָר פון איין עק שייטער, און פון אַנדערן עק שייטער — אירע באָרוועסע פיס ביז קנעכל, און די זוילן, רויט אָנגעפאַרבט.

מען האָט אָנגעצונדן אַ בונט טרוקענע טראָסטעניעס און מיטן פייער עטלעכע מאָל אַרומגעגאַנגען אַרום שייטער, און שפּעטער האָט מען די אָנגעצונדענע טראָסטעניעס אַרונטערגעלייגט אונטערן שייטער. דאָס האָט געטאָן דער מאַן. נאָך אים האָבן עס געטאָן די ברידער. גאַנץ פּאַמעלעך האָט זיך דאָס פייער דורכגעקליבן און אָנגעהויבן צו לעקן די לאַנגע העלצער. די שוואַרצע האָר האָבן זיך אָנגעצונדן און דער ריח האָט געצופּט אין נאָז.

איך בין פון פּלאַץ אַוועק, ווען דער גאַנצער שייטער איז געווען אין פלאַמען, נאָר די רויטע טריט האָבן אַרויסגעשטעקט פון עק שייטער.

נאָך שווערער איז געווען צו קוקן, ווי מען וואַרפט קליינע קינדער אין פייער אַריין און ווי די יונגע קערפּערלעך, כאָטש טויטע, קאָרטשען זיי זיך אין די פלאַמען, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך וועלן

אומקערן צום לעבן, נאָך די פלאַמען שלינגען און פאַרשלינגען יעדן שפור פון לעבן.

אַזוי לייגט מען אין אינדיע אַוועק דעם מענטשן שלאָפן דעם „גרויסן און לעצטן שלאָף“.

אַזוי פירט מען אים אַרויס צו זיין „אייביקן וועג“.

# דער יאָגי

עס פּלאָגט מיט אַ היימישן ווינטל, אַז מען דערנענטערט זיך צום גאַנצן גרויסן עולם בטלנים, פּרושים, גלות־אַפּריכטער, וואָס ציען מיט די שטריפּיקע וועגן פון אינדיע. איך בין חושד, אַז אונזער פּאַנאַטיזם און, נאָך איצטער באַזונגענער מיסטיציזם, איז אָנגעווייט פון אינדיע. דורך וואָס פאַר אַ וועגן האָט ער זיך צו אונז אַריבערגעטראָגן, איז ניט דאָ דער אָרט צו באַווייזן. גענוג צו דערמאָנען, אַז דאָ איז די היים פון די בעלי־מקובלים אויף אַ אינדישן שטייגער, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט צרופים און שמות און קערן מיט דעם אַ וועלט. די גלות־אַפּריכטער זיינען אין פיל אופנים ענלעך צו די בטלנים, וואָס איך האָב אין די יונגע יאָרן באַגעגנט אין אונזערע קלויזן. פאַרשטייט זיך, אַז די סיגופים און עינויים, די חרמות און פאַרשווערונגען, וואָס אונזערע מקובלים האָבן אויף זיך אָנגעלייגט, איז ווי אַ שפּילכל אין פאַרגלייך מיט די פּלאָגענישן, וואָס אַ אינדישער יאָגי, אָדער סאַניאַסי נעמט אויף זיך.

אַ יונגער אויפגעקלערטער אינדוס, וואָס האָט מיך געוואָלט איבערציינגן, אַז דער ענין פון פייניקן דעם גוף איז ניט אַזוי גרינג צו באַגרייפן, ווען מען גלויבט ניט אין דעם — האָט צו מיר אַזוי געזאָגט:

— כדי אונז צו פאַרשטיין, באַדאַרף מען זיך דערנענטערן צו אונזער נשמה און מען באַדאַרף אויך קענען אַריינדרינגען אין דער וועלט, וואו אונזערער אַ מענטש ווערט געלייטערט.

האָב איך אים געפרעגט:

— וואו איז די וועלט, וואו אַייערער אַ מענטש ווערט געלייטערט. אוודאי ניט ביים טעמפּל פון דער געטין קאַלי, וואו איר ברענגט קרבנות און שמירט זיך מיט בלוט?

מיט מיינע ווערטער האָב איך אים צופיל אָנגעגריפן. גלייך ווי איך וואָלט אומגעריכט פון אים אַראָפּגעריסן די קליידער און געלאָזן אים שטיין אַ נאַקעטן פאַר דער גאָרער וועלט. ער האָט זיך אָבער גענומען אַרויסראַטעווען פון דער לאַגע:

— זעכטו, האָט ער מיך געכאַפּט ביים האַנט, — דאָס איז אייך אַ ענין, וואָס דער אייראָפּעער וועט ניט מסיג זיין. דער מענטש איז פון זיין געבורין־טאָג אָן פול מיט אומנייטיקע און שעדלעכע ליידנשאַפטן. דער אויפגעקלערטער אינדוס פאַרשטייט ווי אַזוי צו טויטן אין זיך די דאָזיקע ליידנשאַפטן. אָבער דאָס פאָלק, די ברייטע מאַסן — זיי באַגרייפן עס ניט. דאָס פאָלק לייטערט זיך דעריבער דורך קרבנות־ברענגען: אָפּהאַקנדיק דעם קאָפּ פון ציגנבאָק, אָדער בופלאַקס, הרגעט ער אַוועק די ליידנשאַפט, וואָס אין זיך.

— און וואו איז די וועלט, וואו אַ ייערע אַ מענטש ווערט געלייטערט? — בין איך צוגעשטאַנען.

— אומעטום, כיר, קען זיין די דאָזיקע וועלט, מען ברענט אויב געגנט דעם אָרט, ביז דער אָרט ווערט ריין געלייטערט, צו קענען דאָרט לייטערן דאָס לעבן.

דאָס איז „קלאָר“ אַרויסגעבראַכט געוואָרן. געווים קען מען די גאַנצע ערד פאַרוואַנדלען אין דעם דאָזיקן אויסגעברענטן און „דורכגעלייטערטן אָרט“. נאָר צו לעבן וועט ניט זיין מעגלעך אויף אַזאַ געלייטערטן אָרט.

---

דעם ערשט אָרט אין לעבן, וואו אַ גוף האָט זיך געפּייניקט און אַ נשמה געלייטערט, האָב איך געזען אויף מאָרגן נאָך דעם איבנדערמאָנטן שמועס, אין דער רעוואָלוציאָנערער בענגאַליע, אויפן וועג צום קאַליגהאַט־טעמפּל, אין קאַלקוטע:

אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, לאַנגע האָר אויפן קאָפּ, אַ לאַנגע באָרד, לאַנגע נעגל, דער גוף זעט אוים ווי אויסגעשמירט מיט אַש פון קו־מיסט, כמעט אינגאַנצן נאַקעט, בלויז מיט אַ גאַרטל אַרום די טיילן פון קערפּער, וואָס זיינען פאַרמשפּט צו זיין צוגעדעקט אַפילו אין אינדיע — זייער בהרחבהדיק איז ער געזעסן אונטער אַן

אַלטן מאַנגאָ־בוים, אויף אַ קאַפּע מיט גערדיכט־אָנגעשטעקטע שפּי־
ציקע משוועקעס, עטלעכע צאָל די לענג. אַזוי איז ער זיך געזעסן אָנ־
געלענט, באַקוועם מיט דער פּלייצע אויף די אײַזערנע שפּיצן.

— אַ יאָגי!

אויגן ברייטע, אָפענע — צוויי שוואַרצע פייער. אַ ברייטער בודאַיסטישער שמייכל אַרום די ליפּן, — ממש דער גליקלעכסטער אויף דער ערד. דער איין־און־איינציקער באַרויקטער, מיט פרידן אַרומגערינגלטער, צווישן די הונדערטער און טויזנטער, וואָס ציען דאָ פאַרביי מיטן וועג הין און צוריק, פון טעמפּל און צום טעמפּל. געווים וואַרפט אַיעדער איינער אַ בליק פאַרבייגייענדיק און בענטשט אים אין האַרצן.

אַנטקעגן אים, אויף דער ערד, אין האַלבן קרייז, זיינען געזעסן ביי אַ צענדליק יונגעלייט, געקוקט אים גלייך אין מויל אַריין, גרייט געווען צו הערן תורה פון אים.

לעבן אים, אויף אַ באַנאַנע־בלאַט, איז געלעגן אַ הייפל געבראָטענע רייז, אַ מעשן קריגעלע מיט וואַסער איז געשטאַנען ביים זייט און אַ עטלעכע מטבעות זיינען געלעגן דערביי.

—איז דאָס דער אָרט, וואו מען לייטערט דאָס לעבן?

דער ענין פון פאַרטראַגן זיך אין איין פּינטל אַריין, דאָס שטרעבן צו פאַריאָגן די נשמה פון חומר אַרויס — אונז איז דאָס וואויל באַקאַנט. אויף צו לייטערן די נשמה דורך פאַרפּייניקן דעם גוף האָט פאַנאַטיזם אָנגעוויזן אַלערליי דרכים. אין אינדיע איז דאָס גרעסטע פעלד, וואו עס פּיטערן זיך נאַקעטע נשמות, וואָס דער גוף איז פאַר זיי ענג געוואָרן.

איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד, צווישן די יונגע־לייט, אַנטקעגן דעם יאָגי. אויף אים האָט עס קיין באַזונדערן אײַנדרוק ניט געמאַכט. זיינע תלמידים האָבן עס אויך אָנגענומען פאַר נאַטירלעך.

איצטער האָב איך באַמערקט, אַז זיין פּנים איז שוין לאַנג ניט געוואַשן. זיינע לויטערע, גרויסע אויגן האָבן געשטראַלט פון אַ אומריינעם פּנים אַרויס. עס האָט אויסגעזען, אַז דורך אַ צופאַל זיצן די שיינע אויגן אין דעם דאָזיקן פּנים. און אויב די אויגן

זיינען „די פענסטער פון דער נשמה“ — ווי די פאָלקס־ווייזהייט זאָגט, — איז דאָס אַ גוטער סימן. נאָר אויב דער גוף איז די צייטווייליקע היים פון דער נשמה, — ווי אַזוי פאַרבלאָטיקט מען עס אַזוי אַ צייטווייליקע היים?

און פאַרוואָס זיינען די אָדערן אויף זיינע האָריקע פיס אַזוי בלוי אָנגעקוואָלן? עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט באַלד פּלאַצן זיי, די אָדערן, און אַזאַ בלוילעכע בלוט וועט אַ שפּאַר טאָן אין אַנטלויפן פון זיין פאַרפּייניקטן גוף.

איך שטעל מיר פאָר, ווי די גאַנצע מענטשהייט טוט זיך אויס נאַקעט און דעקט צו בלויז די „שאַנד“ מיט אַ גאַרטל, שטירט זיך אויס אין אַש פון קו־מיסט און זעצט זיך אַנידער מיט אַ נאַקעטן לייב אויף אַ בעט פון שאַרפע, שטאָלענע טשוועקעס געדיכט אָנגעשטעקט... האַ, וואָס נאָך פעלט דער מענטשהייט?

איך ווייס, אַז דאָס זיצן מיט נאַקעטן לייב אויף שאַרפע, אייזערנע שפּיצן, איז נאָך ניט דאָס איינציקע, וואָס אַ מענטש נעמט אויף זיך דאָ אין לאַנד. ניט קיין נאָווינע, אַז מען זאָל מיט אַ הייסן אייזן זיך אויסברענען וואונדן אין לייב און ניט לאָזן, אַז די וואונדן זאָלן זיך פאַרהיילן. צו פאַרקריפּלען געוויסע גלידער איז אַ געוויינטלעכע זאַך אין אינדיע.

אַרום דעם טעמפּל צו דער געטין מאַרי־אָמאַ איז ביז היינט נאָך פאַרהאַן דער סלופּ פון דער הוידע און דער אייזערנער, שאַרפער האַקן, מיט וועלכן מען פאַרכאַפּט די מוסקלען אויפן פּלייצע פון פאַנאַטיקער, און אַזוי שטעכט מען דורך דעם שאַרפן האַקן דורך זיין לייב, און אַזוי הוידעט ער זיך אַ צייט אין לופטן, בעת דער האַקן רייסט זיין לייב.

אָדער צו פאַרברענען אַ לאַנגן קאָסטער האָלץ און שפּעטער שפּאַצירן מיט די באָרוועסע פיס איבער די ברענענדיקע קוילן. עס רייסן זיך פון האַלז די געשרייען פון ווי און עקסטאַז. מען שלינגט דעם ווייטאָג, מען וואַרט זיך מיטן ווייטאָג. מען פאַרקוועטשט די ליפּן און מען פאַרשטשירעט די ציין — און ס׳איז „גוט“, ס׳איז „וואויל!“

# פון מיין רייזע אין אינדיע

אַמאָל האָב איך געזען אַ יאָגי אין באַגלייטונג פון יונגע תּלמידים, וואָס האָבן נאָכגעטראָגן אַ עמערל הייסע קוילן און ער האָט זיך אַנידערגעזעצט „איבערבינדן“ זיינע אויסגעברענטע וואונדן אויף די פיס און דאָס איבערבינדן איז באַשטאַנען אין ווייטערדיקן ברענען די וואונדן.

איך ווייס ניט, אויב נאָך אַ פאָלק אויף דער וועלט קען צופרידנשטעלן דעם גוף מיט אַזוי ווינציק און פונדעסטוועגן איז דער גוף איבעריק ביים אינדוס. צו דער נשמה אַליין קען מען זיך ניט דערקלייבן צו שלאָגן אין איר אַריין טשוועקעס, — שלאָגט מען טשוועקעס אין גוף אַריין.

---

דער יאָגי האָט אָפּגעווענדט זיינע ברייטע בליקן פון די תּלמידים און זיי געווענדט צו מיר. איך האָב זיך ניט געקענט דערוואַרטן, ער זאָל אָנהייבן רעדן צו מיר, — האָב איך אים געפרעגט:

— ווי אַזוי האָסטו אָפּגעטיילט די נשמה פון גוף?

ער האָט זיך נאָך ברייטער צעשמייכלט און געזאָגט:

— ביי דיר לעבט נאָך דער באַגריף „גוף“. איך האָב זיך באַפרייט פון אַזאַ באַגריף, און דעריבער איז מיר אַלץ איינס, אויף וואָס איך זיץ. די שפּיציקע אייזנס שפּירט מיין לייב ניט.

— אויב אַזוי, קענסטו דאָך זיצן אויף דער ווייכער ערד, אין שאָטן פון דעם דאָזיקן בוים, אויב דיר איז אַלץ איינס?

— ביסט ניט גערעכט, — האָט ער געענטפערט — דער הומר וואָלט גענומען די איבערהאַנט, ער וואָלט די נשמה מיטגעשלעפּט.

האָב איך געזאָגט:

— ווען מען זינדיקט דורך אויסגעלאַסנקייט, אָדער מען באַגייט אַ קרימינעלן פאַרברעכן און, עס טרעפט אַמאָל, אַז דורך אַ אומגליקלעכער ליבע צו אַ פרוי — אַט אַזעלכע סיבות קענען דאָך אַמאָל פירן צו פאַראַכטן דעם גוף און ליימערן די נשמה...

ער האָט צונויפגעצויגן זיינע ליפּן. דער בודאַיסטישער שמייכל איז פאַרשוואונדן פון אַרום זיין מויל. אויף זיינע תּלמידים האָבן מיינע רייד געמאַכט ניט גאָר קיין גוטן איינדרוק. זיי האָבן זיך

דורכגעוואָרפֿן מיט שטומע בליקן און שפּעטער זיך אַלע גענייגט צום יאָגי, געוואַרט, וואָס וועט ער מיר ענטפֿערן.

עס איז דורכגעגאַנגען אַ ווײַלע פֿון אַ אומבאַקוועמען שטיל־שווייגן. ער האָט אַראָפּגעלאָזן זיינע ברעמען און איצטער, אָן דעם שיין פֿון זיינע אויגן, איז דאָס פּנים באמת געווען אומריין. עס האָט געבעטן, אַז עמעצער זאָל מיט געוואַלט אַ נעם טאָן אָט דעם מענטשן פֿאַר די לאַנגע האָר און אַוועקפֿירן צו הוגלי־טייך דערביי, און אויסבאָדן אים און אָרומוואַשן אים, ווי מען וואַשט דאָרטן די ציגעלעך, אײדער מען ברענגט זיי אַ קרבן צו דער געטין קאַלי.

ער האָט זיך צונויפֿגענומען מיט פֿרישן מוט. כאָטש דער שמייכל איז שוין מער ניט אויפֿגעקומען אויף זיין פּנים, האָט אַ פֿרעג געטאָן קורץ און שאַרף:

— ביסט אַ פֿרעמדער?

— איך האָב מיט זיך געבראַכט גענוג, איך זאָל ניט שפּירן דאָ די פֿרעמד.

— ביסט אַ אייראָפּעער?

— דאָס יאָ.

— ווי קומט צו דיר אַ ווייטער בליק?

— געירשנט ביים לעבן.

— פֿאַרברענגט איר ניט אייערע זינד?

— מיר האָבן זיי צופֿיל.

האָט ער זיך צעלאַכט מיט אַ קינדישן געלעכטער, וואָס האָט זיך גאָרניט געפּאַסט, ניט צו זיין גוף אויף די טשוועקעס און ניט פֿאַר זיין באַוואַקסענעם קאָפּ.

— דו ביסט אַ יאָגי, האָב איך געזאָגט, און אפשר אַ סאַני־אַסי. דו האָסט דאָך לאַנג, לאַנג געקוקט אין אַ בלאַנקן חלל אַריין, ביז סיוואַ האָט זיך צו דיר באַוויזן; דורך די פֿייערדיקע רינגען, וואָס האָבן זיך אַרויסגעטיילט פֿון דיינע אָנגעשטרענגטע און מידע אויגן, — האָסטו אים געזען?

— יאָ, יאָ, אמת, אַלץ אמת — האָט ער מיט חידוש צוגע־געבן.

— און סוואַ איז דאָך דער סימבאָל פון בזיען און צעשטערונג — האָט ער זיך צו דיר באַוויזן אויף אַזאַ שטעכעדיקער קאַנאַפּע זיצנדיק?

האָבן זיך די תּלמידים צערודערט און איינס נאָכן אַנדערן מיר פאַרגעוואָרפן:

— דו פאַרשטייסט אים ניט.

— ער איז אַ יאָגי, ביי אונז איז ער אַ הייליקער.

— ער איז ביי אונז אַ געלייטערטער.

— צו אים רעדן מיר ניט אַזוי.

— ביי אונז איז אַ גרויסע זינד, אַזוי צו רעדן צו אַ יאָגי.

— ער איז מער פון אַ יאָגי.

ער האָט צו זיי געמאַכט אַ צייכן מיט דער האַנט, זיי זאָלן ניט רעדן. אָבער ער אַליין האָט אויך געשוויגן אַ צייט. מיר איז געווען אומבאַקוועם אויפצושטיין און אַוועקגיין, האָב איך איבערגעריסן די שטילקייט און האָב אים געפרעגט:

— מאָל דיר אויס, ווען דאָס גאַנצע אינדישע פאָלק טוט נאָך דיין ביישפּיל און באַזעצט זיך אויף שאַרפע, שפּיציקע אייזנס אַזוינע, — ווי מאָלסטו זיך דאָס אויס?

האָט זיך ווידער זיין פּנים צעשמייכלט. אויף אים קוקנדיק האָבן געשמייכלט זיינע תּלמידים, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— אַ פאָלק קען ניט. אַ פאָלק זעעט דעם יחיד אַוועק. טיילט אים אויס פון זיך. ער איינער, פאַר אַלע...

ביי דעם האָב איך אים געלאָזט צורו און אַוועקגעגאַנגען.

שפּעטער, אין די צענטראַלע פּראָווינצן, האָב איך באַגעגנט אַ יאָגי, וואָס איז געגאַנגען מיטן שטריבקן וועג, אַ צעשויבערטער, אַ פון־דער־וועלט אַרויסגעטאָגענער. ער איז געגאַנגען מיט שנעלע טריט און נאָך אים אַ שורה יונגעלייט. זייער גאַנצער מאַרש האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן אַנטלאָפן פון לעבעדיקן לעבן. איך האָב זיי כמעט ווי פאַרשטעלט דעם וועג, האָבן זיי מיך אויסגעמיטן און אַוועק, מיט די בליקן געווענדט אין זיך אַריין.

---

יאָגי שטאַמט פון וואָרט יאָגאַס, מעדיטירן. דאָס אַריינבליקן אין זיך אַריין איז ווייניק. מען באַדאַרף מיט די אייגענע נעגל אַריינוואַקסן אין דער נשמה אַריין, — דאָס איז די מדרגה פון אמתן מעדיטירן אין אינדיע.

איך האָב שפּעטער געטראַכט: און וואָס וואָלט איך געטאָן, ווען דער יאָגי, נאָך דעם, ווי איך האָב איראָניזירט איבער זיין פאָלק, וואָס זיצט אויף טשוועקעס, ווען ער טוט אַ פרעג:

— און דיין וועלט־מלחמה, בעת איין טייל פון דיין מענטשהייט האָט געפוילט אין טראַנשייען און די אַנדערע העלפט פון דיין מענטשהייט האָט געשיקט גראַנאַטן, וואָס האָבן זיך געריסן איבער זייערע קעפּ, און געשפּרייט גיפטיקע גאַזן, וואָס האָבן אויפגעריסן די לונגען, — נו, איז דען ניט בעסער צו זיצן אויף אַזאַ מין קאַנאַפּע, ווי איך, און מעדיטירן?

עס האָבן מיר פּשוטע מענטשן און ניט קיין יאָגיס אַזעלכעס געפרעגט אין אינדיע ניט איינמאָל. און זייער אָפט זיינען זיי געווען גערעכט...

---

# אין די וויקעלעך

דער פרוי אין אינדיע זיינען ניט באַקאַנט די מיידלשע געפילן פון אונזער מערב-פרוי. שוין פון קינדוויי׳ז אָן איז די פרוי אין אינדיע פאַרהייראַט און איינגעפלאָכטן אין אַ נעץ פון טרוקענע טראַדיציעס, וואָס דער מאַן האָט מיט דער הילף פון רעליגיע געפלאָכטן נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק. דער רעוואָלוציאָנער הי״ר, וואָס זוכט צו באַפרייען אינדיע פון דרויסנדיקן יאָך, האָט אין זיין פראָגראַמע אויך אין זינען די באַפרייונג פון דער פרוי. נאָר מיר איז ניט קלאָר געווען, צי דער רעוואָלוציאָנערער עולם באַגרייפט, אין וואָס פאַר אַ לאַגע אַ העלפט פון פאָלק לעבט.

אַז איך האָב געפרעגט אַן אויפגעקלערטן, יונגן אינדוס, פאַרוואָס אין אינדיע האָט מען די פרוי אַזוי דערנידערט און באַרויבט פון מענטשלעכן געשטאַלט? — האָט ער אָנגעשטעלט אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגן און בײַ מיר אַ פרעג געטאָן:

„צי ווייסטו ניט, אַז בײַ אונז איז די פרוי פאַרגעטערט?...“

פאַר מיר איז דאָס געווען אַ חידוש צו הערן. באַזונדערע באַגריפן. ווייל ערשט איצטער באַמיען זיך די אייגענע רעוואָלוציאָנערן, אַז די רעליגיע זאָל דערלויבן דער יונגער אַלמנה, וואָס איז געבליבן אין איר מיידלשאַפט, זי זאָל מעגן חתונה האָבן נאָכאַמאָל. און דאָ דעקט זיך אָפ אַ פינצטערער ווינקל פון אינדישער טראַדיציע:

ווי דער שטייגער, קלייבט מען צו דעם שידוך פאַר קינדער, טאַקע נאָך יעמאָלט, ווען זיי זיינען קליינע קינדער. דער חתן איז געוויינלעך עלטער, אָבער די כלה איז אָפטמאָל פינף, זעקס יאָר אַלט. מען פראַוועט אַ חתונה מיט אַלע קליפערלעך. און נאָך דער חתונה קערט זיך די כלה אום צוריק צו אירע עלטערן און דאָרטן בלייבט

זי ביז זי ווערט ראוי צו זיין אַ ווייב. יעמאָלט קומט דער מאַן און נעמט זי מיט גרוים פּאַראַדע צו זיינע עלטערן. און צו צען, צוועלף יאָר הייבט זי אָן געבערן קינדער. אַן אַלמנה טאָר מער ניט חתונה האָבן. מיטן טויט פון איר מאַן האָט זיך איר לעבן געענדיקט. אין די אַלטע צייטן איז איר חוב געווען צו לייגן זיך אין קבר מיטן מאַן, אָדער לאָזן זיך מיט אים פאַרברענען נאָך זיין טויט. ווען עס טרעפט, אַז איר „מאַן" שטאַרבט יעמאָלט, ווען זי איז נאָך ביי אירע עלטערן, אַ קינד פון אונטער צען יאָר, ווערט זי שוין פאַררעכנט פאַר אַ אייביקער אַלמנה. ווי אָפט טרעפט, אַז אַן עלטערער מאַן האָט חתונה מיט אַ קליין קינד און ביז זי וואַקסט אונטער שטאַרבט ער אַוועק און זי בלייבט אויף אייביק אַן אַלמנה.

און אויף דעם האָט זיך דערוויילע אָנגערופן דער פּראָגרעס ווער געדאַנק און וויל אויספירן, אַז דאָס קינד, וואָס דער מאַן איז ביי איר געשטאָרבן איידער זי איז געוואָרן רייף, זאָל מעגן נאָך אַמאָל חתונה האָבן.

די אַלמנה איז דאָ ווי אַ קללה, וואָס פּלאָגט זיך אין לעבן, ווי אומגייטיקע שטיינער אונטער די פיס. איר בליק איז שעדלעך. אַ באַגעגעניש מיט אַן אַלמנה איז אַן אומגליק. די אַלמנה בלייבט אויף אייביק ביי שווער־און־שוויגער און ווערט פאַררעכנט נאָך עגער פון אַ פּאַריאַ. יעדע שווערע און אומריינע אַרבעט באַדאַרף זי טאָן. עס ווערט אויסגעלאָשן יעדער פונק רחמנות צו איר. זי טאָר מער ניט אָנטאָן איר צירונג, אירע שיינע קליידער. איר קאָפּ איז אָפּגעגאָלט און צוגעדעקט. ווען אַ בראַמינער באַגעגנט זיך מיט אַן אַלמנה בעת ער גייט פון זיין טבילה, ווערט ער אומריין. ער קערט זיך אום צוריק צום טייך, געווים מיט אַ קללה אויף די ליפּן.

אויך ביי אונז, יידן, האָט די פרוי געלעבט צוליבן זכות פון מאַן און געהאָפט צו זיין אַ פוסבענקעלע פאַר איר מאַן, ווען זי וועט נאָר זוכה זיין צו דערגרייכן צו אים אין הימל. ווייסן מיר דאָך ניט פון דעם, אַז די פרוי טאָר זיך ניט צורירן צו די כלים, בעת עס קאָכט זיך, ווייל מיט איר באַרירונג וועט זי אומריין מאַכן די שפּייז. ביי די בראַמינער קאָכט ער אַליין, העכסטנס מעג זי וואַשן די טעפּלעך דערנאָכדעם.

דאָ עקסיסטירט ניט די פרוי אין געגנוואַרט פון מאַן. זי טאָר אים ניט אָנרופן ביי זיין נאָמען: „מיין האַר“, אָדער „מיין גאָט“ — אַזוי באַדאַרף זי זיך ווענדן צו איר מאַן. אויך אין אַ שמועס מיט עמעצן טאָר זי ניט אַרויסברענגען אויף אירע ליפּן דעם נאָמען פון איר מאַן, ווייל דאָס הייסט פאַרשוועכונג.

געווים איז אויסערלעך דאָס בילד גאָרניט אַזוי חושכדיק פאַר דעם, וואָס וויל עס ניט זען. אין די גאַסן פון לעבן גייט אַרום די שוואַרצהנעוודיקע פרוי מיט אַ געוויסער מאָס צופרידנקייט אין איר אויסדרוק. די פרוי פון פאָלק איז באַהאַנגען מיט צירונג, סיידן שוין די, וואָס וואַלגערט זיך אויפן מיסט-הויפן. דורכשניטלעך טראָגט יעדע פרוי פון פאָלק עטלעכע אויערינגלעך, אַ נאָזבאַנד, אָרעמבענדער און זילבערנע רינגען אויף די פיס, איבערן קנעכל. איר פאַרמעגן איז צירונג. מען זעט איר באַפרידיקונג אין דעם אַלעמען. מיט אַ פולער מאָס צופרידנקייט נעמט זי אויף פון קינדווייז אָן דעם פלאָד קינדער. און אויב זי געבערט גענוג יינגלעך, איז איר גליק גאָר אָן אַ סוף. וואָרעם ווי צו דער פרוי — וואָס געבערט נאָר מיידלעך. יעמאָלט זוכט זי אַליין אַ צווייטע פרוי פאַרן מאַן און גיט זיך איבער איר שיקזאַל. ווען מען זעט אַ פרוי פון אַ יאָר צוואַנציק און שוין איז זי אַרומגערינגלט מיט אַ פינף קינדער — ווערט פריקרע און שווער זיך אַריינצוטראַכטן אין דער פסיכאָלאָגיע פון גאַנצן פאָלק.

אין דעם זינען לאָזן זיך הערן אין לאַנד אָפטער די שטימען פון דערוואַכטע פרויען, וואָס פּראָטעסטירן אַנטקעגן דעם אומרעכט, וואָס דער מאַן טוט צו דער פרוי אין אינדיע. ווי אַזוי קען די פרוי קריגן אַ דערציִונג, אָדער בילדונג, אַז נאָך איידער זי האָט אויפגעעפנט אירע אויגן צו דער וועלט און לעבן, זיינען אירע פאַרלאַנגען געבונדן געוואָרן? אין אַ גאַנץ פרעמדער ריכטונג ווערט אָפגעווענדט די גאַנצע פסיכאָלאָגיע פון דער פרוי. און קראַנק פיזיאָלאָגיש איז די גאַנצע אומה. וואָס עלטער דער מאַן — אַלץ יינגער די ווייב. סעקסועל אומנאָרמאַל. ברוטאַל און הינטערשטעליק איז די דערשיינונג פון אַ נאָרמאַלן שטאַנדפונקט, אַז זקנים זאָלן קינדלען מיט צען, צוועלף-יאָריקע ווייבער. דאָ איז מעגלעך געוואָרן, אַז

מען זאָל קליינע קינדער פאַרקויפן, אָדער אַוועקשענקען צו די טעמפּלען, די זאָלן באַדינען די געטער מיט טאַנץ און געזאַנג. אינאמתן פאַרקויפט מען, אָדער מען שענקט אַוועק די מינדעריאָריקע מיידלעך צו פּראָסטיטוציע, וואָס הערשט אַרום די טעמפּלען.

ביי אַ גרויסן טייל פון פאָלק הייבט די פרוי אָן צו טראָגן די „פּ ו ר ד אַ“ גלייך נאָך דער חתונה: דאָס איז ניט בלויז קיין שלייער איבן פּנים — דאָס איז אַ לאַנגער קיטל, וואָס טוט זיך אָן איבערן קאָפּ און גרייכט ביז צו די טריט. אַרום און אַרום איז דער קיטל פאַרמאַכט און דעקט איין דעם גאַנצן קאָפּ. נאָר פאַר די אויגן זיינען אויסגעשניטן צוויי קיילעכדיקע לעכער און פאַרשטעלט מיט דורכזיכטיקן גאַז. אַנדערש טאָר זיך די פרוי ניט באַווייזן אין דער עפנטלעכקייט. אַפילו אין שטוב פאַר פרעמדע מענטשן. אַז איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען די דאָזיקע פאַרשטעלטע געשטאַלטן, אין דעם לאַנגן, ווייסן קיטל, מיט די טונקעלע לעכער אַנטקעגן די אויגן, האָב איך געמיינט, אַז דאָס זיינען מצורעים, וואָס פאַרשטעלן דעם קרעציקן פּנים. נאָר צופיל אַזעלכע געשטאַלטן האָבן מיר זיך געוואָרפן אין די אויגן. ממש אַ שוידער כאַפּט אַרום, ווען מען מאָלט זיך אויס די אמתע געשטאַלט פון דער פרוי, וואָס אונטער דער דאָזיקער פּורדאַ — ווי איר גאַנצער מהות ווערט אַזוי פאַרוועלקט!

די פּורדאַ קומט פון די פריערדיקע דורות. אין צייט פון מלחמות צווישן שבטים, כדי די יונגע פרויען זאָלן ניט אַריינפאַלן צום שונא, האָט מען אַלע פרויען באַפוילן אָנצוטאָן דעם לאַנגן בגד איבערן קאָפּ, כדי מען זאָל ניט דערקענען צווישן אַלט און יונג. ווייל אַראָפּצונעמען מיט גוואַלד די פּורדאַ איז געווען אַ רעליגיעזע פאַרשוועכונג. און אַזוי איז די פרוי געבליבן אין איר פּורדאַ ביז אויפן היינטיקן טאָג.

פון די פרעמדע רעליגיעס, וואָס האָבן זיך אַהער אַריינגעקליבן, האָט קאַטאָליציזם דעם גרעסטן דערפאָלג. די פּראָווינץ מ אַ ד ר אַ ס איז כמעט אינגאַנצן קאַטויליש. און דאָס איז אַ צווייטע שאַטירונג פון פינסטערניש אַרום דער פרוי. אויך דאָ איז איר קיין ליכטיקער וועג אין לעבן ניט אָנגעוויזן.

דאָס אינדישע פאָלק, וואָס האַלט זיך אין איין גריבלען, אויס־צוגעפינען דעם תוך פון לעבן און האָט שוין ניט איין מאָל דורכ־גענומען אַ העלפאַנט דורכן לעכל פון אַ נאָדל, איז אין פיל אופנים עגאָיסטיש, ווען עס קומט אים זיך אָפּצוזאָגן פון עולם־הזה. בנוגע דער פרוי איז הייט ניט דער חשבון אויף איר זייט. און עס מאַכט ניט אויס, וואָס מען האָט אָפּגעשאַפן די סוטטי, וואָס מיינט, אַז די פרוי באַדאַרף זיך וואַרפן אין פייער און לעבעדיקערהייט זיך פאַרברענען מיט איר טויטן מאַן. אין דער פסיכאָלאָגיע פון פאָלק, וואָס דינט נאָך צו אַזויפיל ברוטאַלע געטער, איז נאָך ערגעץ פאַרהאַן דער פאַרלאַנג, אַז נאָך זיין טויט זאָל די ווייב ניט האָבן דאָס רעכט מער צו לעבן אויף דער ערד.

איך גיב דאָ איבער עטלעכע שטעלן פון די הייליקע פוראַנאַס, ווי די פרוי באַדאַרף זיך אויפפירן. די איבערזעצונג האָט געמאַכט דער פראַנצויזישער טעאָלאָג דובאוי. דאָס פאָלק לעבט נאָך מיט די דאָזיקע הייליקע ספרים. די בראַמינער דיקטירן זיי אַריין אין לעבן. דאָס אינדישע פאָלק איז נאָך אונטערטעניק די בראַמינער און די הייליקע פוראַנאַס. און איך זע, אַז בנוגע דער פרוי ווערט עס צום גרעסטן טייל אָפּגעהיט. אָט וואָס מען זאָגט איר אָן אין די הייליקע ספרים:

....„זאָל אַפילו איר מאַן זיין אַ קריפּל, געעלטערט, מיט ברוטאַלע מאַנירן, אַ שיכור, אוממאָראַליש, אַ קאָרטנשפילער, לויפט אום מיט אַנדערע פרויען, זאָל ער אַפילו זיין טויב, בלינד — מיט איין וואָרט, זאָל ער האָבן אין זיך אַלע פינסטערע אָנשיקענישן — זאָל אַלץ די ווייב אים באַטראַכטן פאַר איר גאָט. איר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט זאָל זיין נאָר צו אים. ניט טאָן קיין שום זאַך, וואָס זאָל אים זיין דערווידער“.

„....די פרוי איז באַשאַפן געוואָרן צו זיין אונטערטעניק אין יעדער סטאַדיע פון איר לעבן: ווען אַ טאָכטער — צו פאָלגן טאַטע־מאַמע. אַלס ווייב — צו זיין אונטערטעניק איר מאַן און שווער־און־שוויגער. ווען אַלמנה — זאָל זי פאָלגן אירע זין. אין קיין שום פעריאָד פון איר לעבן קען זי זיך ניט באַטראַכטן אַלס הערשערין איבער זיך אַליין...“

...אויב צו איר מאַן איז געקומען אַ פרעמדער מענטש, באַדאַרף זי פאַרלאָזן איר פּלאַץ מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, טאָן איר אַרבעט און אירע מחשבות ניט שיקן אין דער זייט פון פרעמדן. אירע געדאַנקען זאָלן זיין געווענדט נאָר צו איר מאַן אַליין..."

....„אויב איר מאַן לאַכט — זאָל זי אויך לאַכן. אויב ער איז טרויעריק — זאָל זי אויך זיין טרויעריק. אויב ער וויינט — מוז זי אויך מיטוויינען".

....„אַ ווייב מעג עסן נאָר דענסטמאָל, ווען דער מאַן האָט זיך אָנגעגעסן צוזאַט. אויב ער פאַסט — זאָל זי פאַסטן. אויב ער רירט ניט אָן זיין שפּייז — זאָל זי אויך אַזוי..."

....„זי זאָל זיך באָדן יעדן טאָג, אָנרייבן דאָס לייב מיט זאַפּערן און די ברעמען פאַרבן מיט אַנטימאָניע און דעם שטערן אָרנאַמענטירן רויט. אַז איר מאַן איז אַוועקגעפאָרן פון דער היים, — זאָל זי ניט פאַרלאָזן די שטוב אַזוי לאַנג ווי ער איז ניט געקומען צוריק. אין דער דאָזיקער צייט זאָל זי זיך ניט באָדן, דאָס לייב ניט זאַלבן, דעם קאָפּ ניט שמירן, די ציין ניט וואַשן, די נעגל ניט שניידן, זאָל עסן בלויז איינמאָל אַ טאָג און ניט ליגן אויפן בעט, זאָל ניט אָנטאָן קיין נייע קליידער..."

....„אויב דער מאַן איז אַריין אין גרימצאָרן און באַליידיקט זי גראָב, ווען אַפילו ער שלאָגט זי — זאָל זי אים ניט אָפּענטפערן גראָב. אָנשטאָט צו אַנטלויפן פון שטוב — זאָל זי אים קושן די הענט און בעטן ביי אים, ער זאָל איר מוחל זיין..."

....„אין פאַל איר מאַן שטאַרבט — באַדאַרף זי באַווילקן צו שטאַרבן מיט אים און גליקלעך ווערט זי לעבן אין דער וועלט, וואו דער מאַן ווערט זי פירן נאָכן טויט..."

....„אַ ווייב קען ניט געניסן פון דער פולער מאָס גליק, סיידן זי קריגט עס דורך איר מאַן, ווייל ער איז דער, וואָס גיט איר קינדער, גיט איר אַלע באַקוועמלעכקייטן. גיט איר קליידער, צירונג און אַלע גוטע זאַכן אין לעבן..."

די פרוי ווערט פון קינדווייז אָן אַזוי אויפגעבראַכט אַז איך צווייפל, צי מיט די ווייטערדיקע יאָרן ווערט אין איר רייף וועלכער עס איז פראָטעסט. דער קלימאַט, וואָס ווירקט צו פאַרשלעפערן ביז צו אַ געוויסן גראַד און לאָוט די חושים אין אַ האַלב-וואַכן און האַלב-פאַרחלומטן מצב, איז געווים גורם, אַז די פרוי זאָל אָנ-הייבן צו חלומען נאָך ביי דער מאַמען אין שטוב. נאָך קינדווייז פירט מען זי אַריין אין דער וועלט פון אוריינגל, נאָזבאַנד, צי שיינער סאַרי אײַנצוּוויקלען דעם קינדערשן גוף — דאָס איז די וועלט פון קינד און ווייב. פון די וויקעלעך אָן הייבט זיך אָן איר אונטערטעניקער גאַנג און אַזוי בלייבט זי אין די וויקעלעך אַ גאַנצן לעבן.

ווי אין אַלע לענדער, אַזוי אויך אין מזרח, האָט נויט און אָרעמקייט דערוועקט די פרוי צו זעלבשטענדיקייט אינאיינעם מיט יעדן אונטערדריקטן. דאָס האָב איך געקענט באַמערקן אין יאַפּאַן, אין כינע און אַפילו אין די קאַטוילישע לענדער ביי די לאַטייניש פעלקער. דאָ, אין אינדיע, איז שווער דורכצופירן אַ ליניע, וואו עס ענדיקט זיך נויט און וואו עס הייבט זיך אָן רחבות. ביי דער אָרעמקייט באַנוצט זיך דער פאָטער מיט דער גאַנצער משפחה, די זאָל גיין פאַרדינען. אין די טיי-גערטנער שטייען שוין צוויי-יאָריקע קינדער ביים ביימעלע און רייסן די טיי-בלעטער פון די צווייגן. אָבער אויך אין דער אָרעמקייט קומט אַרויס די פרוי מיט איר נאָזרינג איבער דער אייבערשטער ליפּ, אָדער ביים זייט נאָז. אויך די אָרעמע טריט טרעטן מיט רינגען אויף די פיס. פאַרהאַנגען אויגן, וואָס קוקן נאָך אַזאַ פרוי אויך. און יעדע האַנט, וואָס וועט אויסציען צו די עלטערן און בעטן דאָס קינד פאַר אַ ווייב, באַצאָלן דערפאַר — און זאָל עס אַפילו זיין די האַנט פון אַן אַכציקער — וועט דער פאָטער זיין קינד צום זקן אַוועקגעבן.

אין דעם פרט גייען זיך צונויף מאַכמעדאַנער מיט אינדוסן. כאָטש זייערע רעליגיעס קריגן זיך שטאַרק דאָ אין לאַנד. נאָר די אַריבער צוויי הונדערט מיליאָן אינדוסן און די גענויע זיבעציק מיליאָן מאַכ-מעדאַנער, זיי האָבן גאָרניט איינער אַנטקעגן אַנדערן בנוגע דער פרויס טראַגישער לאַגע. די מאַכמעדאַנער דערלויבן זיך גרינגער אָנ-

צופילן דעם האָרעם מיט מינדעריאָריקע קינדער. דער מאָכמעדאַנער פאַרשטאַרקט זיין גן־עדן אויף דער ערד, בשעת דער אינדוס איז באַרטראַכטן אין וויטע עולמות. די לאַגע פון דער פרוי איז די איי־גענע.

בנוגע דער פרוי אין אינדיע וועלן די באַפרייער מוזן אָנווענדן אונזערע מעטאָדן; דעם סאָציאַלן בליק פון דעם מערב־מענטשן. ווייל אין אַ לאַנד, וואו דורך לאַנגע דורות איז די פרוי אַ ווייב פון צען יאָר אָן, דאָרט איז די גאַנצע אומנאָרמאַלע לאַגע סעקסועל־פאַרפּלאָנטערט.

און ווען מען זאָל וועלן דורכפירן אַ פּאַראַלעל צווישן יאַפּאַן און כינע פון איין זייט און — אינדיע פון דער אַנדערער זייט, צווינגט אונז די לאַגע פון דער אינדישער פרוי צו שטעלן אינדיע קולטורעל אויף אַ פיל־נידעריקער מדרגה. אַז מען קוקט אַריין אין לעבן פון דער אינדישער פרוי, זעט מען בולט אַרוים די פּסיכאָ־לאָגיע פון גאַנצן פאָלק און מען קען באַגרייפן, ווי אַזוי אַ הייפל איראָפּעער הערשט איבער אַ פאָלק פון אַריבער דריי הונדערט מיליאָן. ווייל דער מאַן, וואָס קען נעמען פאַר זיין ווייב אַ מינדעריאָריק קינד, איז מיט דער גאַנצער פּסיכאָלאָגיע מינדעריאָריק.

ליגט ער אינאיינעם מיט זער ווייב אין די וויקעלעך.

---

# אין זוניקן שטויב

## 1

עס טרעפט, אַז די זון רייסט זיך אַריין מיט אַ קרומען זייל שטראַלן דורך אַ שויב אין שטוב אַריין און נעמט אויף דעם שטויב און מישט אים און באַלייכט אים און וויקלט אים אין אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן.

קינדער האָבן ליב אַזאַ שטויב אויפצורודערן און זאָלן זיך די שטראַלן האָבן מיט וועמען צו שפּילן. און מען זאָגט, אַז די זונענשטראַלן האָבן זיך ליב צו שפּילן אין שטויב; נאָך בעסער, ווי אין טוי-טראָפּנס. דאָס איז די מיסטעריע, וואָס וויקלט איין דעם רעאַלן אינהאַלט פון לעבן פאַר די, וואָס קענען דעם נאַקעטן רעאַליזם ניט פאַרטראָגן.

געוויס האָט דער אָריענט זיך צוממיינסטן געשפּילט אין דעם זוניקן שטויב. אַנטקעגן אים איז שוין דער אָקסידענט נאַקעט-רעאַליסטיש, כאָטש דער אָקסידענט האָט זיין צייט-ציילונג פון דעם טאָג, ווען אַ מענטשנקינד איז געבוירן געוואָרן פון „הייליקן גייסט“ (דער הייליקער גייסט איז געווען אַזוי הילפלאָז ניט צו קענען דעם וואונדער באַווייזן, אַז דעם דאָזיקן מענטשן זאָל די מוטער ניט באַדאַרפן טראָגן קיין גאַנצע ניין חדשים).

דאָס קומט אויך פון דער ליבע צו קוקן אין זוניקן שטויב. און אויב דאָס שיסן פון אַ זעכצן-צאָליקן האַרמאַט איז דורכאויס רעאַליטעט און אויב אַוועקלייגן אין איין-איינציקער מלחמה איבער צוואַנציק מיליאָן מענטשן איז אויך כמעט רעאַליטעט, איז נאָך אַלץ פונדעסטוועגן מיסטיש דאָס באַשלאָפן צום ערשטן מאָל די געוועזענע כלה, כדי צו מאַכן זי פאַר אַ ווייב, וואָס זאָל קענען דעם מאַן אָנטאָן און אויסטאָן די שיך, ווי דאָס איז נאָך דאָ און

דאָרטן איינגעפּירט בּיי פעלקער פון מערב, אָדער נאָכגיין דעם מאַן, ווען ער גייט אויף זיין „בּאַדערפעניש“, ווי דאָס איז נאָך דער מנהג בּיי געוויסע סעקטעס, ערגעץ אין אינדיע.

נאָר וואויל און ווי צו אַ לעבּעדיק פאָלק, וואָס האָט אַזאַ ווילדן זכּרון און רעכנט זיין היסטאָריע און אויך די היסטאָריע פון דער וועלט אויף גאַנצע מיליאָנען יאָרן.

בּיי יידן האָט מען די היסטאָריע אָפּגעקירצט. בּסך־הכּל פינף טויזנט און עטלעכע הונדערט יאָר, זינט די וועלט איז בּאַשאַפן געוואָרן. און פון זינט די וועלט איז בּאַשאַפן געוואָרן, האָט מען זיי בּסך־הכּל עטלעכע מאָל געטריבּן: צוויי מאָל פון פּאַלעסטינע, אַ עטלעכע מאָל פון לענדער אין לענדער. און פון איין מאָל טרייבּן בּיז צום צווייטן מאָל — אַ קלייניקייט, אַ קינד קען עס אויף די פינגער אויפרעכענען. דער עיקר, אַז די וועלט איז בּאַשאַפן געוואָרן אין זעקס טעג. אויפן זיבּעטן טאָג האָט דער בּאַשעפער שוין גערוט. פון יעמאָלט אָן האָט ער שוין ניט וואָס צו טאָן. אין אַלע שווערע ענינים, אַפילו פון גרויסע מלחמות, מישט ער זיך ניט אַריין. ער דרעמלט.

אַנדערש איז בּיי די אינדוסן. די וועלט איז בּאַשאַפן געוואָרן מיט געניע פיר מיליאָן יאָר צוריק, צעטיילט אויף עטלעכע פּעריאָדן, אָדער יוגאַס. איצטער גייט די פינסטערע, די אומגליקלעכע פּעריאָדע, אָדער קאַלי־יוגאַ, וואָס וועט דויערן פיר הונדערט צוויי און דרייסיק טויזנט יאָר. אַ גענויער האַלבּער מיליאָן יאָר. אין בּסך־הכּל לעבּט די וועלט אין דער דאָזיקער פינסטערער יוגאַ פינף טויזנט יאָר. שוין פינף טויזנט יאָר, אַז אויף דעם מענטשן שיטן זיך אַלערליי פּורעניותן, אַלערליי פּלאָגן און פינסטערנישן.

אַ שיינע פּערספּעקטיווע, צו וואַרטן נאָך הונדערטער טויזנטער יאָרן, בּיז אונזער וועלט וועט זיך אַמאָל אויסלייטערן. וואָס טוט מען אָבּער אין דעם דאָזיקן פינסטערן פּעריאָד, וואָס הייסט קאַלי־יוגאַ, אויבּ ניט צו פאַרקוקן זיך און פאַרשפּילן זיך אין זוניקן שטויבּ און טראַכטן, אַז יעדעס שטיבּעלע איז אַ וועלט אַ גאַנצע, אַ בּאַרג אַ גרויסער און, אַזוי זשאָנגלירן די זונענשטראַלן מיט די דאָזיקע וועלטן?

נאָך אַ מענטש איז פֿונדעסטוועגן אַ מענטש. אַזוי לאַנג ווי ער לעבט, האָט ער נאָך אַ שיין ביסל פֿונקציעס אויף זיינע שוואַכע פּלייצעס איבערצוטראָגן. און די ווייב, וואָס האָט מיט דער הילף פֿון אַ הייליקן גייסט געקענט געבוירן דעם מענטשן, פֿון וועמעס געבורטס־טאָג דער ניכטערער אַקסידענט ציילט די טעג פֿון זיין לעבן, און אויך קאַלי, אָדער דורגאַ, די ווייב, וואָס האָט אַזוי געפּייניקט דעם גרויסן סיוואַ, ביז די געטער האָבן זיך באַדאַרפֿט צונויפֿנעמען און די צעהאַקן און צעפּערטלען אויף פֿיין־פּיצלעך (אַן עדות איז דער קאַלי־טעמפּל אין קאַלקוטע, וואָס שטייט אויף דעם אָרט, וואו קאַליס אַן אָפּגעהאַקטער פֿינגער איז געפֿאַלן) — די איינציקע ווייב האָב איך טאָג־איין, טאָג־אויס געזען אין אינדיע, ווי מיט די הוילע הענט און מיט אַ סך ליבשאַפֿט און איבערגעבנקייט, מיט אַ סך כוונה און מיט פֿרומקייט אין פּנים, קלייבט זי די מיסט פֿון די הייליקע קי און קנעט עס און טריקנט עס. אין דעם צעריבענעם און טריקענעם שטויב פֿון קו־מיסט קען אויך די זון אַ קער טאָן מיט אַ שטראַליקן בעזים און עס זאָל זיין אַ וועלט פֿון כּל־טוב.

דעריבער, ווען מיין יונגער פֿריינט, סאַוואַטי, אַ פּראָפֿעסאָר פֿון סאַנסקריט, האָט מיך גענומען און אַריינגעפֿירט אין אַ זוניקן שטויב און געהייסן אין אים קוקן און זיך פֿאַרטראַכטן, מיט דער פֿולער איבערצייגונג, אַז איך וועל דאָרטן זען זיינע וועלטן און אויך מיינע, שיין־באַלויכטענע — האָט ער אינגאַנצן ניט געמאַכט קיין טעות.

2

ער איז אַלט געווען דריי־און־דרייסיק יאָר און זיין ווייב — צוועלף אין דרייצנטן יאָר און זי איז שוין געווען ערב אַ מאַמע צו ווערן. אין זיין שטוב, וואָס איז ענלעך אויף אַ סך אינדישע הייזער — אַ גרויסער פֿאָדער־זאַל פֿון פֿאָרנט און פֿון אים עטלעכע פֿינסטערע, אינעווייניקסטע חדרים, — האָט מיט אים געלעבט זיין אַלטע מאַמע, וואָס די שוואַרצע, שאַרפֿע אויגן אירע האָבן פֿאַרנומען דעם וועזן איר. צוליב די אויגן האָט מען שוין דעם רעשט פֿון איר איינגעטריקנטן גוף ניט אַרויסגעזען. נאָר זיין ווייב, די צוועלפֿיאָריקע,

וואָס האָט באַדאַרפט ווערן אַ מוטער, האָט זיך געקליבן אַוועקצופאָרן צו אירע עלטערן. דאָס איז דער מנהג, אַז דאָס יונגע קינד און ווייב גייט צו איר מאַמען אַהיים געבוירן דאָס ערשטע קינד. ער איז געווען זייער פאַרעסקט יעמאָלט; ער האָט זיך געקליבן זי באַגלייטן אין אַ נאָענטן דאָרף אַריין, ביים ברעג פון בראַמאַפוטראַ, אין בענגאַליע, און געבעטן, איך זאָל זיך קומען מיט אים זען, ווען ער וועט זיך אומקערן.

איך ווייס ניט, מען זאָגט, אַז די אינדוסן פאַרגעסן שנעל אַ טובה, וואָס מען האָט זיי געטאָן. און מען רעכנט עס צו צום הויפּט-חסרון אין זייער כאַראַקטער. מען קען אָבער ניט פאַרלייקענען דעם אופן, ווי זיי נעמען אויף אַ גאַסט. עס ווערט געטאָן מיט אַ סך וואַרעמער טראַדיציע. מיין פריינט סאַוראַטי האָט פאַר-מאָגט ביידע מעלות, סיי פון אויפנעמען וואַרעם אַ גאַסט און סיי פון געדענקען, ווען עמעצער האָט אים געטאָן אַ טובה.

נאָר אַז איך בין געקומען צום צווייטן מאָל, האָב איך אים ניט געטראָפן. באַגעגנט האָבן מיך די צוויי אויגן פון זיין מאַמען און מיר איז געווען שווער צו באַשטימען, צי די אויגן בענטשן מיין קומען און פאַרלאַנגען, איך זאָל זיך פאַרהאַלטן אין שטוב, אָדער די אויגן פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל גיין פונוואַנען איך בין געקומען.

זי האָט מיך מכבד געווען מיט דעם טראַדיציאָנעלן כבוד, מיט דעם רויטן וואָרצל, „ביטל". כאָטש איך בין ניט געווען קיין גרוי-סער ליבהאָבער פון דעם, האָב איך עס גענומען, געקייט און גע-שפּירט, ווי איך פאַרב מיר מיין מויל און אפשר מיינע גדערים רויט. זי האָט ניט פאַרצויגן מיט מיר קיין שמועס און איך ווידער, האָב ניט געוואוסט, פון וואָס אָנצוהייבן. ווייל עס איז פאַראַן אַ באַשטימטע עטיקעט, ווי אַזוי צו באַגעגענען אַ מענטשן און וואָס צו זאָגן ביים באַגעגענען זיך. ביי אונז, למשל, אַז מען באַגעגנט אַ מענטשן און מען וויל אים אָנטאָן אַ נחת-רוח, זאָגט מען אים: „אָ, ווי שיין איר זעט אויס!" אָדער: „זינט איך האָב אייך געזען צום לעצטן מאָל, זייט איר אפשר אויף צען יאָר יינגער געוואָרן".

אין אינדיע איז דאָס אַ באַליידיקונג, גאָר ניט אָפּצוזאָגן ווי שווער. עס שמעקט מיט אַ בייזן ווילן ניט צו פאַרגינען. אַדרבא, אַז מען באַגעגנט זיך, באַדאַרף מען זאָגן: „אוי, ווי שלעכט דו זעסט אויס, ניט אַנדערש דו ביסט געווען קראַנק". אָדער: „זינט איך האָב דיך געזען צום לעצטן מאָל, ביסטו שטאַרק געעלטערט געוואָרן און ביסט ממש הויט און ביין!" דעריבער בין איך געווען אַ ביסל אומגעדולדיק.

אַז איך האָב זי געפרעגט, צי איר זון איז געקומען, האָב איך באַמערקט אין אירע אויגן אַ געוויסע אומרויִקייט, ווי זי וואָלט בכלל ניט וועלן, איך זאָל זיך נאָכפרעגן. האָב איך, צולייגנדיק ביידע הענט צום שטערן, זיך העפלעך פאַרנייגט און אַוועקגעגאַנגען.

3

מיין פריינט, סאַוראַטי, האָט זיך דעם אייגענעם טאָג אומגעקערט אַהיים און דערוויסנדיק זיך, אַז איך האָב אים באַזוכט, איז ער צו מיר געקומען. ער איז באמת געוואָרן מיט צען יאָר עלטער און ווען איך האָב אים דערזען, האָב איך קיין מוט ניט געהאַט אים אויסצופרעגן. ער איז אַ גאַנץ לאַנגע צייט געזעסן און געשוויגן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עפּעס האָט מיט אים געטראָפן. איך האָב פונדעסטוועגן געפונען פאַר נייטיק אים צו פרעגן, צי ער איז בשלום אָנגעקומען צו זיינע שוויגערעלטערן און צי איז זיין ווייב געזונט. כאָטש איך מוז מיר מודה זיין, אַז שווערער פון אַלץ איז מיר געווען צו רעדן מיט אים פון זיין ווייב. אַ סך מאָל בין איך גערן געווען צו פאַרציִען מיט אים אַ שמועס וועגן זיין ווייב און אָפּדעקן אַ פּאָר פּסיכאָלאָגישע שטריכן פון זייער צוזאַמענלעבן זיך, ווייל זי האָט שטענדיק אויסגעזען אין מיינע אויגן ווי אַ קינד פון אַכט יאָר. און כאָטש זי איז געווען אין די אומשטענדן (פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט געהערט שוין צו „היינטיקער וועלט" און דעריבער האָט זיך זיין ווייב באַוויזן פאַר אַ פרעמדן, אין צייט פון שוואַנגערשאַפט), פונדעסטוועגן האָט זי נאָך אַלץ געהאַט איר קינדישן אויסזען. איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט, פון וואָס מיט איר

צו רעדן. אַגב האָט שטענדיק זיין מוטער, איר שוויגער, מיט איר שאַרפע אויגן די אַוועקגעצויגן אין אַ זייטיקן צימער און זי איז מער שוין ניט אַרויסגעקומען, ביז איך בין אַוועקגעגאַנגען.

4

עס טרעפט, אַז די זון רייסט זיך אַריין מיט אַ קרומען זייל שטראַלן דורך אַ שויב אין שטוב און נעמט אויף דעם שטויב און מישט אים און באַלויכט אים און וויקלט אים אין אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן. עס קריגט יעמאָלט דער שטויב זיין באַדייט.

מיין פריינט, פּראָפעסאָר מאַוראַטי, האָט אַליין געזוכט אַ געלעגנהייט, ווי אַזוי די זון אַריינצוברענגען אין זיין ענגן לעבן אַריין, וואוהין עס האָט זיך פּלוצלונג אַריינגעקליבן די פינסטערניש פון קאַלי־יוגאַ. ער אַליין האָט, גאָר אומגעריכט, אָנגעהייבן צו שמועסן פון דעם ענין, צו וועלכן איך האָב ניט געהאַט קיין דרייסטקייט צו רעדן מיט אים. פּלוצלונג האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געזאָגט:

— איך ווייס, אַז איר פאַרמשפּט דעם אינדישן פאָלק, ביי וועמען מען מאַכט חתונה אַזוי יונג די קינדער. און דער עיקר, קריטיקירט איר אונז פאַר דער יונגער פרוי, וואָס שוין צו צוועלף יאָר ווערט זי אַ מוטער. און פאַרוואָס קלייבט איר זיך ניט אַריין אין דער שרעקלעכער יוגאַ, אין וועלכער עס לעבט די מענטשהייט, ווי מיר טוען עס? אונז איז די וועלט אָפן דורך די פיל סאַנסקריטישע שריפטן. דאָס איז אַ וועלט, וואָס איר באַגרייפט זי ניט.

און מיט אַ פּאָר אויגן, וואָס זיינען אין דעם מאָמענט ענלעך געווען אויף זיין מוטערס אויגן, האָט ער זיך אין מיר איינגעגעסן, ווען ער האָט ווייטער גערעדט:

— וואָס איז דער מאַן ווערט אין דעם טאָג, ווען ער איז צייטיק געוואָרן און איז בכוח צו ווערן אַליין אַ באַשעפער? איך פרעג דיר, פאַרוואָס גיט איר זיך ניט אָפּ קיין חשבון, אַז אַ מאַן פון דעם טאָג אָן, וואָס ער איז פעיק געוואָרן צו מאַכן, אַז אַ פרוי זאָל פון אים געבוירן אַ קינד און ער טוט עס ניט —

איז ער געגליכנט צו דעם גאָט, וואָס מאַכט חרוב וועלטן און בויט גיט קיין נייע.

— האָסטו חתונה געהאַט צו פערצן, פופצן יאָר? — האָב איך אים געפרעגט.

— אָ, ניין. איך האָב עס ניט געטאָן. און דערפאַר צאָל איך. אַ גרויסער טייל פון אינדישן פאָלק באַצאָלט איצטער כסדר דעם צינז. איך האָב חתונה געהאַט צו אַכט=און=צוואַנציק יאָר און איצטער צאָל איך צינזן.

— נו, און די פרוי טראָגט איך אַזאַ פליכט אויף זיך?

— ניין, די פרוי איז בלויז ווי די מאַמע ערד, וואָס מען טאָר זי קיין שום סעזאָן ניט פאַרלאָזן. זי האָט ניט קיין פליכט, ווייל זי איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר קיינעם, אויסער פאַרן מאַן. און ביי אונזער פאָלק, ווען נאָר זי האָט די רייפקייט צו קענען געבוירן קינדער, ווערט זי שוין אַליין אויס קינד. יעמאָלט באַדאַרף זי זיך גרייטן צו באַגעגענען דעם מאַן, וואָס וועט באַרעכטפאַרטיקן איר זיין...

דאָ בין איך שוין אַריבער די גרעניץ פון העפלעכקייט און אים געפרעגט:

— דו ביסט אַ געלערנטער מאַן, כאָטש דיינע געדאַנקען האָבן זיך אַנטוויקלט אויף דיינע אַלטע ספרים; דו האָסט מער אמונה אין אַ מיף, ווי אין דער רעאַליטעט פון לעבן, — זאָג מיר בונדעסט־ווע.ן, וואָס איז פאַר דיר, דערוואַקסענער, געלערנטער און איבערגעקלערטער מאַן, דאָס קינד פון צוועלף יאָר?

— דו האָסט געזאָגט „איבערגעקלערטער“, און מיט דעם האָסטו אַליין פאַרענטפערט דיין פראַגע. אַ פרוי ווערט געבוירן אַ פול־שטענדיקע פרוי. אַ מאַן ניט. האָסטו געזען, אַז אַ יינגל וועט זיך שפילן מיט וואָס דו ווילסט, נאָר ניט מיט קיין זאַך, וואָס זאָל אים דערמאָנען, אַז ער איז אַ מאַן; אַ פרוי, ווען זי הייבט נאָר אָן צו רעדן און צו גיין, זוכט זי שוין שפילצייג אַזעלכע, וואָס איר זאָגט שוין אונטער די צוקונפטיקע מוטער. זי האָט שוין ליב פופעס און זי מאַכט פאַר זיי כאַרים און וויקלט זיי, און דערציט זיי, — דעריבער פאַרשטייען מיר, אַז ווי נאָר זי איז צייטיק געוואָרן, מוז

זי איבערגיין אויסצופילן איר פונקציע. דעריבער איז בײַ אונז אײַנגעפירט, אַז ווען זי קריגט צום ערשטן מאָל אירע רעגעלן — איז אַ יום־טוב. זי בלײַבט איר צײַט אָפּגעשיידט פון די אַרומיקע און ווי נאָך זי איז ריין געוואָרן, באַדאַרף זי זיך איבערגעבן צו איר מאַן, וואָס וואַרט אויף איר.

— ווי אַלט איז דײַן ווײַב?

— מײַן ווײַב איז געווען צוועלף יאָר, ווען זי איז געשטאָרבן. און ער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

מיר האָט זיך עפּעס פאַרטונקלט אין מײַן אייגענעם מוח נאָך דעם שמועס, וואָס האָט פּלוצלונג אַזאַ אָפּריס געהאַט. זי, דאָס קליינע, באָרוועסע קינד, דאָס אײַנגעוויקלטע אין אַ בלוילעכער סאַרי, וואָס האָט אַ פּאָר מאָל בלויז זיך געוויזן פאַר מײַנע אויגן, — איך האָב מיר אַזוי דײַטלעך דערמאָנט דעם אופן, ווי זי פלעגט פאַרלייגן די הענט אויפן האַרצן און זיך פאַרנייגן. ווען ער האָט גערעדט, האָב איך זי מיר פאָרגעשטעלט און געוואָלט אויסמאָלן אין איר געשטאַלט די גרויסע מוטער־ערד, וואָס וואַרט אויף דעם אַקערער און זייער, וואָס זאָל קומען טאָן צו איר איר רעכט, — און דאָ, אַזוי גאָר — געפירט זי צו איר מוטער. זי איז געשטאָרבן און ער זיצט בײַ מיר אין צימער און פילאָסאָפירט.

איך האָב מיר שוין ווײַטער דאָס בילד אַליין געמאָלן, ווי מען האָט זי געטראָגן אויפן באַמבוקענעם בעטל, מיט שטרויענע שטריק צוגעבונדן, ווי מען האָט זי געבראַכט צום ברעג פון דער בראַמאַפּוטראַ און אַזוי האָט מען זי אַנידערגעלייגט אויף אַ שייטער, און דער דאָזיקער מענטש, וואָס זיצט איצטער בײַ מיר, האָט אַליין אונטערגעצונדן דעם שייטער און זי פאַרברענט. און איצטער איז ער שוין אפשר גרייט, אַז „מאַמע־ערד" זאָל זיך אים ווידער איבערגעבן, ער זאָל מיט איר טאָן איר רעכט.

ער האָט אָבער אין דער אייגענער צײַט זיך דורכגעקליבן אין דעם זוניקן שטויב און געזען האָט ער עפּעס אַנדערש.

די ליבע, וואָס צײַטיקט בײַ אונזערן אַ מענטשן, ווען ער באַגעגנט זײַן ווײַב, ווען זי איז אַכצן, צוואַנציק יאָר אַלט, — לעבן זיי איבער זייער אינערלעכן לעבן אָן ווערטער. און די ווערטער ווערן

אויסגענוצט, ווי בײַ וועמען: אַמאָל וועגן וועלט-פּאָליטיק, אַמאָל וועגן פּאַרטייִשקייט, אַמאָל וועגן אַ שטוב בויען און אַ צוקונפטיקע היים, אַמאָל וועגן שטודיום און צוקונפטיקע באַשעפטיקונגען בײַ דער געזעלשאַפט. דאָ, אין אינדיע, קען גאָר קיין רייד ניט זײַן וועגן אַזעלכע אינהאַלטן. ווען זי האָט אים צום ערשטן מאָל געזען, האָט זי פון אַ ווינקל אויף אים געקוקט און נאָענט בײַ זײַן זײַט — האָט זי געהאַט פאָרכט און אָפּשײַ פאַר אים. איר אונטערטעניקייט האָט געוויס דערשטיקט אַלע געפילן און דורך איר ליב איז געגאַנגען זײַן ליבע, ווי עס גייט דורך דער ערשטער פרילינג-ווינט דורך די דינע, נאַקעטע בוים-צווייגן.

לאָזט זיך אויס, אַז זײַנע איז זי געווען מער ווי אַ ווײַב צו אים. זי האָט געהאַט אַ קאַפּריז, וואָס האָט אים, דעם אַכט-און-צוואַנציק-יאָריקן מאַן, געהאַלטן אונטערטעניק:

זי איז געווען ווי אַ יונגע לעמפּערטין, וואָס פון ערשטן טאָג אָן ווייסט זי וועמען זי געהערט און וועט אויסדראַפּען די אויגן איעדן לעמפּערט-ער, וואָס וועט איר ניט געפעלן. זי האָט אים ליב געהאַט מיט דער צײַטיקער און דערוואַקסענער ליבע, וואָס רײַסט זיך אַרײַן מיט גאָר דער זוניקייט אין אַ לערן חלל אַרײַן. אין דערבײַ האָט זי פון אים פאַרלאַנגט אַ סך זאַכן, וואָס ער האָט ניט געקענט באַגרײַפן. ער האָט געמיינט, אַז איר צוקונפטיקע מוטער-שאַפט וועט זי באַפרידיקן, אָבער זי האָט געוואָלט, אַז אויף איר זאָלן שטענדיק זײַנע בליקן זײַן געווענדט. און ווײַל ער האָט זי אַנדערש ניט געקענט באַהאַנדלען ווי אַ קינד און אַ פרוי, איז זי עטלעכע מאָל אַנטלאָפן צו אירע עלטערן. אין אינדיע איז דער מנהג, ווען אַפילו זי איז אומגערעכט, פונדעסטוועגן מוז אַליין דער מאַן גיין צו איר אַהיים און זי איבערבעטן און זי ברענגען צוריק צו זיך.

— איך האָב דאָס מיר דערקלערט, — האָט ער דערציילט, אַז דאָס פּרוּווט זי אויס מײַן איבערגעגעבנקייט. זי האָט ליב געהאַט, אַז איך זאָל זי קומען אָפּנעמען. אַ גאַנצן וועג צוריק האָט זי זיך כּסדר געוואָרפן צו מײַנע פיס און געגלעט מײַנע טריט. עס האָט גאָר ניט געקענט זײַן קיין איבערקלער פון וועלכן עס איז

פֿאַרדראָס צו מיר און אויך ניט פֿון מיין זייט צו איר. ווייזט אויס, צו־יונג איז זי געווען צו געבוירן מיין קינד.

און שווייגנדיק אַ ווײַלע האָט ער צוגעגעבן:

— יאָ, דאָס אינדישע פֿאָלק האָט פֿאַרבונדן לעבן מיט טויט דורך דעם ווידערגעבורט. קיין קינד האָט זי מיר ניט געלאָזן. זי האָט דאָס קינד געבוירן ניט פֿאַרן לעבן. ווען איך האָב זייער ביידנס גליענדיקן אַש באַזאָסן מיטן וואַסער פֿון דער בראַמאַפּוטראַ, דעם ערדענעם קרוג צעבראָכן און די פֿאַרע מיט דעם אַש אינאיינעם האָט אַ שאָס געטאָן אינדערהויך, — האָט די זון מיט אַ גאַנצן גאַרב שטראַלן זיך אין דעם אַריינגעקליבן און אַלע קאָלירן פֿון רעגנבויגן האָב איך אין דעם געזען. פֿאַר מיר האָט זיך באַוויזן דער זינען פֿון לעבן איבערניי...

דאָס איז פֿאַר מיר געווען ניט דער ערשטער באַווייז, ווי עס איז גרינג צו לעבן, בעת מען קען זען אַלע קאָלירן פֿון רעגנבויגן אפילו אין זוניקן שטויב.

---

# ג אַ נ ד ה י

## 1. די טראַגעדיע פֿון אַ גרויס פֿאָלק.

שווער דורכצופֿירן אַ פּאַראַלעל צווישן אינדיע און די אַנדערע גרויסע פֿעלקער פֿון ווייטן מזרח. יאַפּאַן שטייט פֿאַר אונז פּאָליטיש באַפֿרייט פֿון אייראָפּע און אַמעריקע. יאַפּאַן האָט אַ דירעקטן חלק אין אייראָפּעישער פּאָליטיק. קיין טעריטאָריע האָט קיינער בײַ יאַפּאַן ניט פֿאַרנומען; פֿאַרקערט, יאַפּאַן איז איצטער שטאַרק אימפּעריאַליסטיש און אַליין גענייגט צו פֿאַרכאַפּן פֿרעמדע לענדער. און בנוגע מערב=ציוויליזאַציע, שטייט יאַפּאַן מיטן פֿולן באַוואוסטזיין געווענדט צו אייראָפּע און אַמעריקע און וואָס מען קען אַריבערברענגען צו זיך און אָנווענדן עס פּראַקטיש אין לעבן — טוט מען עס פּלאַנמעסיק און אָרגאַניזירט.

כינע איז פּאָליטיש איינגעפּלאָנטערט מיט דרויסנדיקע מלוכות, אָבער כמעט דאָס גאַנצע לאַנד, מיט אַן אויסנאַם פֿון אַ טייל מאַנדזשוריע, אָדער קליינע שטיקלעך טעריטאָריע אין די האַפֿן=שטעט, געהער צום כינעזישן פֿאָלק. איצטער איז אין כינע אַ בירגער=קריג, אין דער טיף באַוועגט זיך אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע — אָבער כינע האָט די מעגלעכקייט מיט אייגענע כוחות אויפֿצושטעלן אויך אַ סאָציאַלע אָרדענונג. און יעמאָלט וועלן די דרויסנדיקע מלוכות, אייראָפּע און אַמעריקע, בלייבן פֿונדרויסן, און בנוגע מערב=ציוויליזאַציע, כאָטש די כינעזער שרייען, אַז זייער קולטור איז די העכסטע און צו דער דרויסנדיקער וועלט באַדאַרפֿן זיי ניט אָנקומען, פֿונדעסטוועגן זעט מען, אַז די פֿרייהייטס=באַוועגונג אין כינע גייט אויף דעם דרך, ווי עס איז אויסגעלייגט געוואָרן דורך דעם מוח פֿון דעם מערב=מענטשן.

אַנדערש איז די לאַגע מיט דער גרויסער אינדיע, מיט אַ פאָלק פון דריי הונדערט מיליאָן נפשות. כמעט דאָס גאַנצע לאַנד ווערט באַהערשט פון אַ פרעמדער מלוכה: ענגלאַנד באַהערשט אינדיע. דאָס איז געטאָן געוואָרן ווי אין די אַלטע ביבלישע צייטן: גענומען, פאַרנומען און געוואָרן באַלעבאָס; און ווען מען זאָל באַטראַכטן, אַז ענגלאַנד האָט דאָ אינגאַנצן אַריבער הונדערט טויזנט מענטשן, קומט עס אויס אין פאַרגלייך מיט די דריי הונדערט מיליאָן אינדוסן און מאַכמעדאַנער, אַז אויף זיי איז מקויים געוואָרן די קללה, אַז „אַ קינד זאָל איבער זיי געוועלטיקן“.

ענגלאַנד קליגט זיך דאָ צו באַהערשן אינדיע מיט אינדישע הענט. איך וואָלט די לאַגע באַטראַכט פיל גינסטיקער פאַר דער באַפרייונג, ווען ענגלאַנד זאָל הערשן מיט אייגענע הענט דורכאויס. יעמאָלט וואָלט מען די הענט דערקענט. יעמאָלט וואָלט מען דורכאויס געשפירט די פרעמדע מאַכט, צו וועלכער ס'איז ניט פאַראַן קיין בענטימענט און ניט קיין מיטלייד אין דער שעה פון משפט.

ענגלאַנד האָט געלאָזן גרויסע פּראָווינצן אין די הענט פון ראַזשאַס און מאַהאַראַזשאַס, פּרינצן און מלכים פון אינדישן בלוט; אונטער זייער ברוטאַלער הערשאַפט ליגן אויסגעצויגן בײַ דער ערד מיליאָנען, מיליאָנען נפשות. דער דרוק פון די אייגענע הערשער איז פיל שווערער, ווי פון דער פרעמדער הערשאַפט. נאָר ליבער איז דאָס בײַם פאָלק:

— אייגן בלוט — זאָל עס הערשן. אַ סימן פון אַלטער גרויסקייט.

אַפילו די אייגענע באַגרייפן ניט, אַז מאַהאַראַזשאַס און ענגלאַנד איז איינס, און פאַר ביידן איז באַקוועם, אַז אינדיע זאָל בלײַבן בײַם אַלטן. וואָרעם זאָל מאַהאַראַזשאַ ווידערשפעניקן צו ענגלאַנד — וועט קומען אַ סוף צו זיין הערשאַפט. איז די קייט אַ דאָפּלט-געשלאָסענע; איז די שטריק אַ פילפאַך-געדרייטע; איז דאָס פאָלק אונטער אַ דאָפּלטן יאָך און עס זוכט אויסצוגעפינען וועמעס יאָך איז אַ שווערערער.

יאַפּאַן און כינע זיינען מאַטעריאַליסטיש. וואַך און סותריש. אינדיע איז דאָס ניט. גלייכע אידעאַלן, צי קרומע — דאָס פאָלק

איז אידעאַליסטיש דורך און דורך. די אידעאַלן שלעפּן אַרויס פון פּראַקטישן לעבן. די אידעאַלן האָבן זיך באַזעצט אין די וואָלקנס; פון ערדישער הערשאַפט האָבן זיך אָפּגעזאָגט ברייטע שיכטן פון פאָלק. דער גוף איז נאַקעט, דער מאָגן ליידיק און דער רעיון בלאָנדזשעט אין די שטערן.

און אויב אין די צוויי אײַנדערמאָנטע לענדער הערשט פיינד־שאַפט צו דעם „ווייסן מענטשן", ווי צו איינעם, וואָס האָט רויבערישע פאַרלאַנגען, איז אין אינדיע די פאַראַכטונג אויסגעמישט מיט אַ רעליגיעזן עקל. גרינג תופס צו זיין דעם אינדיערס דאָפּלטן דראַנג אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די פרעמדע מאַכט, וואָס באַהערשט, עקס־פּלואַטירט און הענגט אָן זיין אייגענע קולטור ניט געבעטענערהייט. דער פרעמדער האָט זיך מיט זיינע נעגל איינגעגעסן אין פאָלקס גוף און נשמה.

נאָכדעם, ווי אַ אינדישער סטודענט האָט פאַר מיר געמאָלן די פּערספּעקטיוון פון אינדיעס באַפרייונג; נאָכדעם, ווי ער האָט מיט ליידנשאַפט פאַרגעשטעלט זיין פאָלקס ליידן, צוליב דער פרעמדער מאַכט — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן:

— ווי אַזוי מאָלסטו זיך אויס דיין לאַנד און דיין פאָלק, יעמאָלט, ווען ענגלאַנד וועט פאַרלאָזן אינדיע, מיט גוטן, צי מיט בייזן; ווי וואָלט דיין לעבן אויסגעזען?

זיינע באַקן האָבן זיך אָנגעצונדן און זיינע שוואַרצע אויגן האָבן געשפּיזלט מיט פייער:

— אָ, וואָלסט אונזער לאַנד ניט דערקענט, ווייל אַ לויטערער שמייכל וואָלט געגרוסט איבערן פּנים פון אונזער פאָלק און לאַנד!

אַזוי האָט ער מיר געענטפערט און צוגעמאַכט אַ ווײַלע די אויגן, ווי ער וואָלט זיך געמאָלן אין געדאַנק דאָס באַפרייטע לאַנד.

איך אַליין האָב מיר בשום אופן ניט געקענט אויסמאָלן דעם „לויטערן שמייכל". ווייל פאַר מיינע אויגן שפּרייטן זיך די גרויסע, גרויע און נאַקעטע פאָלקס־מאַסן, נאַקעט אַפילו לויטן אינדישן באַ־גריף; קנעכט אונטערטעניקע, וואָס זייער לאַגע איז ניט פאַר־ענדערט געוואָרן צום ערגערן דורך אַ פרעמדער ממשלה. פאַרקערט, אַרום די הונדערט טויזנט אייראָפּעער, אָדער „ווייסע מענטשן" דער־

נערן זיך די, וואָס זיינען אַרויסגעוואָרפן פון קאַסטע, די, וואָס ביי זייערע אייגענע האָבן זיי די ווערט פון קרעציקע הינט. נאָר ער, געבנדיק דעם ענטפער, האָט געווים ניט געהאַט אין זינען די ברייטע מאַסן, וואָס זייער באַפרייונג הענגט ניט אָפּ פון ענגלאַנד, נאָר פון דעם אינערלכן פאַרקריפלטן לעבן מיט דער משונהדיקער קאַסטע־פונאַנדערטיילונג. זייער שטרענגע און בייזע רעליגיע, וואָס האָט פונאַנדערגעטיילט דאָס פאָלק אין שטערן פון הימל און אין שטיינער, וואָס וואַלגערן זיך אונטער די פיס — ביז אַזאַ באַגריף וועט ניט ווערן אויסגעמעקט, וועט דאָס פאָלק ניט ווערן דערלייזט; ביז טיפע קוואַלן וועלן ניט אַ שלאָג טאָן אינדערהויך און רייניקן פאַלשע באַגריפן — ביז יענער צייט וועט אַ קינד איבער זיי הערשן.

איך האָב מיין סטודענט פונאַנדערגעוויקלט מיינע געדאַנקען, איז ער געוואָרן אומעטיק און שפּעטער געזאָגט, שוין אַ ביסל מיט אַ געפאַלענעם טאָן:

— דו וואָלסט נענטער באַדאַרפט דערקענען די לערע פון מאַהאַטמאַ גאַנדהי, יעמאָלט וואָלסטו אַנדערש באַגריפן אונזער שטרעבן און אונזער באַגריף פון פרייהייט.

האָב איך געזאָגט:

— דאַכט מיר, אַז גאַנדהי פאַרענדיקט איצטער אַ לענגערן טערמין פון פאַסטן, צוליב דער מלחמה, וואָס האָט ניט לאַנג אויסגעבראָכן צווישן אינדוסן און מאַכמעדאַנער?

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איך האָב עס געזאָגט מיט אַ לייכטער איראָניע, און האָט זיך אָנגענומען מיט כוח דאָס אָפּצושלאָגן:

— אָ, די סוואַראַזשיס, געפירט פון אונזער גרויסן מאַהאַטמאַ גאַנדהי! ניין, „גרויסער פירער" איז קיין באַגריף ניט, איך וואָלט זאָגן: אייד עלער פירער, ביי אים און זיין פאַרטיי ליגט דער קערן פון אינדיעס באַפרייונגס־אידעאַלן.

און דאָ האָט ער געפונען דעם פלאַץ מיט מיר זיך אָפּצורעכענען פאַר מיין פריערדיקער לייכטער איראָניע; ער האָט צוגעגעבן:

— מיר זעען דעם פולן באַנקראָט פון אייער מערב־ציוויליזאַציע. גאַנדהי האָט עס אייך אַריינגעשריען אויפן הויכן קול. איר האָט פריוויליק פאַרקויפט אייער בלוט און נשמה צו אומניטיקע באַ־

דערפענישן. איך זייט איצטער אַזוי אומגליקלעך, ווי אונזער פאָלק איז געווען מיט דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק, אין צייט פון גאָטאַמאַ בודאַ. ווען מיר שטרעבן צו באַפרייען זיך פון ענגלאַנד — מיינט עס אַ פולע באַפרייונג, סיי פון פּאָליטישן יאָך און סיי פון גאַנצן ברוטאַלן רעזשים, וואָס ענגלאַנד האָט אַהער אַריינגעבראַכט — די מערב-אידעאָלאָגיע, וואָס מען צווינגט אויף אונז אַרויף. מיר זעען אַרוים אַייער גאַנצע פאַלשע אידעאָלאָגיע דורך דעם ענגלענדערס אָנגעבלאָזענעם לעבנס-שטייגער, וואָס דריקט אַזוי שטאַרק אויף דעם רובעטעלן גוף פון אינדיע.

דער דאָזיקער סטודענט, ווי אַנדערע צענדליקער טויזנטער אין זיין גלייכן, טראָגן גאַנדהיס תורה אויף זייערע ליפּן. ווען גאַנדהי האָט צונויפגעבונדן די פּאָליטישע באַפרייונג פון אינדיע אינאיינעם מיט דעם מאָראַלישן אַיינפלוס, וואָס מערב-איראָפּע האָט איבער אינדיע דורך ענגלאַנד — האָט ער עס געטאָן ווי איינער, אין וועמעס אָדערן עס ריזלט עכט אינדיש בלוט. ווען ער פאַרלאַנגט, אַז די אינדישע אינטעליגענץ, ווי אויך די אונטערטעניקע מאַסן זאָלן זיך ניט קאָאָפּערירן מיט די ענגלישע הערשער, — דאָס וואָלט ניט טראָגן אין זיך די הויפּט-אויפגאַבע, ווען ער וואָלט אין דער איינציקער צייט ניט איבערגעשטעלט קיין פּראָגראַם פאַרן אינדישן פאָלק, ווי אַזוי מען זאָל לעבן און ווי אַזוי מען זאָל זיך לערנען צו באַנוגענען מיט קליינינקייטן. דאָס איז די אַלטע בודאַיסטישע תורה, מיט אַ צוגאָב פון טאָלסטאָיס אָנווייזונגען. גאַנדהי ווייזט אָן, ווי אַזוי דאָס פאָלק זאָל זיך קליידן, אָדער בעסער געזאָגט — ווי אַזוי זיך „ניט צו קליידן".

דער אינדוס, וואָס איז שוין דורות-לאַנג דער הונגעריקסטער צווישן מענטשן אויף דער ערד, האָט געהאַט גענוג צייט זיך צו לערנען ביי דער מאַמע-נויט אַליין. ער באַגרייפט, ווי אַזוי מען קען אויסקומען מיט אַ קליינינקייט. דער קלימאַט דערלויבט אים אַרומצוגיין נאַקעט און באָרוועס. און אויב יאָ פאַרדעקן דעם גוף, באַדאַרף מען צוליב דעם ניט האָבן קיין שניידער און ניט קיין פאַרקויפער, צי לאָנדאָנער מאָדעס. גענוג צוויי פּשוטע טיכער. מיט איינער אַרומגעוויקלט די היפטן און די ברעגעס דורכגענומען צווישן די פיס

און פאַרבונדן — האָט ער הויזן, און די אַנדערע טוך אַרום די אַקסלען — דאָס איז אַלץ. קיין הוט אויפן קאָפּ באַדאַרף ער אויך ניט. וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט אַזאַ קליידונג, אויב מען שפּינט אַליין דעם פאָדים, ווען צייט איז פאַראַן, מען פאַרבט אים און מען וועבט שפּעטער אַליין דאָס געוועב?

ווען מען זאָל באמת דערגרייכן די מדרגה, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך אין גוטע צייטן קענען באַנוגענען מיט אַזויפיל, וויפיל עס האָט באַדאַרפט אין צייט פון גרויסער נויט און אינאיינעם מיט דעם זאָל אָנקומען אַ צייט פון דערלייזונג — מענטש זאָל מענטש דערקענען ווי זיין גלייכן; עס זאָל ניט מעגלעך זיין די איצטיקע פיערדיקע צעטיילונג צווישן קאַסטע און קאַסטע — צווישן מענטש און מענטש.—

וואָלט דאָך אין אינדיע געווען אַ מוסטער פון אַ באַפרייט פאָלק. קיין אינדיע וואָלט מען יעמאָלט באַדאַרף קומען און שפּירן דעם טעם פון אָטעמען פריי. דערווייל ווערט מען דערשטיקט אין דער רעליגיעזער פינסטערניש. דער ווילן ווערט אָרגאַניזירט צו קענען קוקן אין בלאַנקן חלל אַריין. ווי אַזוי קען מען צונויפבינדן דאָס פאָלק אינאיינעם און טרייבן עס צו באַפרייונג, אַז דער מענטש פון אַ העכערער קאַסטע וועט ניט זיצן ביי איין טיש מיט אַ מענטשן פון אַ נידעריקערער קאַסטע? ווען די רעליגיע דערלויבט ניט דעם פּשוטן פון פאָלק צו דערהייבן זיך דורך זיינע פעיקייטן צו אַ העכערער מדרגה — וואו איז דערווייל דער אויסוועג, אַז דאָס לעבן זאָל „שמייכלען?"

ביי אַ טויזנט יאָר — ביז צום פולשטענדיקן אָנקומען פון די ענגלענדער אין לעצטן יאָרהונדערט — האָבן אין אינדיע געהערשט די מאַכמעדאַנער. די תורה פון מאַכמעד און די באַגריפן פון הינדויזם זיינען אַזוי נאָענט איינס מיטן אַנדערן, ווי פייער מיט וואַסער. די מאַכמעדאַנער זיינען אָנגעקומען מיט שווערד און פייער, ווי זייער שטייגער, און זייער הערשאַפט האָט זיך געצויגן דור נאָך דור. אַז מען קוקט איבער די היסטאָריע פון אינדיע אין די צייטן, ווען די מאַכמעדאַנער האָבן געהערשט, אַז מען קלייבט זיך דורך איבער־הויפּט דורך דער מאָגול־דינאַסטיע, וואָס ציט זיך פון פופצנטן יאָרהונדערט, ביז זייער פולשטענדיקן אונטערגאַנג אין לעצטן יאָר־הונדערט, זעט מען, אַז דאָס אינדישע פאָלק איז געווען פאַרמוטשט

און האָט שטענדיק געוואַרט אויף ניסים. אין דעם זין פון וואַרטן אויף דערלייזערס — איז דאָס אינדישע פאָלק אַ סך געראָטן אין יידישן פאָלק. די אינדוסן זיינען אַ מוסטער פון קענען ביגן דעם קאָפּ. סיי־ווי לעבט מען אין אַ דור פון חשכות, וואָס דויערט שוין פינף טויזנט יאָר, וואָס־זשע איז די פּעולה פון ווערן זיך? דאָ טרוימט מען אויך פון אַ גאולה שלמה, ניט נאָר אַ דערלייזונג פאַר זיך, נאָר אַ דערלייזונג פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

אין דעם דאָזיקן ווירוואַר פונדעסטוועגן, ווער עס האָט זיך אויפגעבויט זיין טראָן, האָט געלעבט ווי נאָר עס לעבן עולם־הזהניקעס אין מזרח. אַט לעבן דאָך איצט אויך אַ געוועזענע צאָל פּרינצן מיט ענגלאַנדס חסד, וואָס ווייסן אַליין ניט, אין וואָס פאַר אַ ריכטונג דעם לוקסוס און אויסגעלאַסנקייט צו טרייבן. מען פאָרט אַרויס אין געשפּאַנען, וואו די פערד זיינען באַהאַנגען מיט פּערל און שמאַראַגדן. מען פאָרט אַרויס אויף העלפאַנטן באַהאַנגענע מיט צירונג. מען ווייסט אַליין ניט, וואָס פאַר אַ קאָלירן אויף זיך צו שלעפּן. און מען לעבט נאָך איצטער אין דעם לוקסוס פון אונזער שלמה המלך.

רעדט מען מיט די נידעריקע פון פאָלק אַפילו, זעט מען, אַז מען האָט הנאה, וואָס ערגעץ־וואו גיסט זיך נאָך דער אינדישער מאַיעסטעטישער גייסט, ווי אין די אַלטע לעגענדאַרע צייטן. עס האָט ליב דער אינדוס דעם איבערגעטריבענעם גלאַנץ; זאָל עס זיין אַפילו ניט ביי אים; זאָל עס זיין אַפילו, ווען דאָס ווערט געטאָן אויף זיין חשבון — „אַבי ביי אונז שיינט נאָך ערגעץ אַ רובין אין שטערן פון אַ אייגענעם פּרינץ!“

און די מאַכמעדאַנער, כאָטש זיי זיינען בלויז ביי אַ זיבעציק מיליאָן פון די דריי הונדערט מיליאָן — פונדעסטוועגן זיינען זיי די, וועמעס טעמפּעראַמענט עס לאָזט זיך שפּירן אין לעבן. דער מאַכמעדאַנער חלומט נאָך גאַנץ קלאָר און זעט זיינע מלכים זיצנדיק אויף אינדיעס טראָן, און בכלל שפּאַרט זיך דער מאַכמעדאַנער מיט זיין שווערן גוף אין פאָדערגרונד. פאַנאַטיזם פעלט אים אויך ניט. ווען אַ אינדישע פּראָצעסיע, מיט פּויקן און גלעקלעך, ציט פאַרביי אַ מאַכמעדאַנישע מאָשע אין צייט פון גאָטעסדינסט, יעמאָלט לאָזט זיך אַרויס דער גאַנצער עולם און עס ווערט אַ מלחמה, מען לאָזט מע־

מערב און שפיזן אין גאנג. רעוואָלוערן אַפילו באַווייזן זיך און קיין שטיינער פון ברוק פעלן אויך ניט.

דאָס פאַסירט אין אינדיע גאַנץ אָפט. די ענגלישע רעגירונג מישט זיך אַריין און מאַכט שלום, אָדער משפּט און זעט, אַז ביידע צדדים זאָלן ניט ווערן באַהאַלט. און מען זעט אין דער אייגענער צייט, אַז עס זאָל חלילה צו קיין אמתן שלום ניט קומען. די אינדוסן טרויען די מאַכמעדאַנער ניט. און זיי האָבן אויך דעם רעכט. ענגלאַנד ווייסט עס ווי אָפּצושאַצן. אין דער אַרמיי שטעלט מען צונויף אַ רעגימענט, אַז ער זאָל באַשטיין פון העלפט אינדוסן און פון העלפט מאַכמעדאַנער, יעמאָלט איז מען שוין זיכער מיט אַזאַ רעגימענט. טאָמער פאַרטראַכטן אַ מרידהלע די מאַכמעדאַנער, וועלן די אינדוסן דערטראָגן און, ווען פאַרקערט, וועלן די מאַכמעדאַנער מודיע זיין אין צייט.

די אינדישע מאַסן האָט מען אײַנגעוויגט און זיי גלויבן, אַז צו־רו וועט מען זיי ניט לאָזן: זאָל ענגלאַנד אַוועקגיין, וועט עמעצער אַנדערש קומען. ביים געדאַנק פון זעלבשטענדיקער נאַציאָנאַלער פרייהייט, הייבט אָן צו שווינדלען אין קאָפּ, מיט וועמען פון די סוואַראַזשי־לייט איך האָב ניט גערעדט. און ווען איך האָב אַ פרעג געטאָן:

— מיינט איר טאַקע, אינגאַנצן זיך באַפרייען פון ענגלאַנד?

— אינגאַנצן האָבן מיר מורא. פאַר אונז וואָלט פאַרלויפיק געווען אַ גרויסע סכנה, ווען ענגלאַנד נעמט און לאָזט אונז אינגאַנצן איבער אַליין. מען וואָלט אָנגעפאַלן אויף אונז. און מיר זיינען דאָך אַזוי הילפלאָז אין פאַרגלייך מיט די מיליטאַריסטישע פעלקער.

און דאָ ליגט די טראַגעדיע פון אַ גרויס פאָלק, ווען אַפילו צו דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג, צו וועלכער עס האָט געפרווט פירן גאַנדהי, איז מען אויך ניט געגאַנגען מיט זיכערע טריט.

די רעוואָלוציאָנערן באַגרייפן דעם תהום, וואָס עס ליגט צווישן די אינדוסן און די מאַכמעדאַנער, און זוכן מיט אַלע מיטלען אַן אויס־וועג, ווי אַזוי צו פאַראייניקן די באַזונדערע און דערווייטערטע צווישן זיך מחנות. דער מאַכמעדאַנער איז אַ פלייש־עסער מיט קריגעריש

בלוט. דער אינדוס איז פּאַסיוו און טרעט מיט דעם טראָט פֿון דער הייליקער קו, ווען ער באַשיצט מער ווי זיין פֿרייהייט.

גענוג צו דערמאָנען, אַז אין דער צייט פֿון מיין באַזוך אין אינדיע איז פֿאָרגעקומען דער קאָנגרעס פֿון די נאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערן; מען האָט זיך געגרייט אויף דעם קאָנגרעס, וואו מען האָט באַדאַרפֿט געפֿינען אַן אויסוועג, ווי די מאַכמעדאַנער און די אינדוסן זאָלן זיך קענען געבן די הענט און גיין אינאיינעם אין קאַמף אַנטקעגן די איצטיקע אונטערדריקער — איז פּונקט אין דעם איינעם טאָג, ווען דער קאָנגרעס האָט זיך געעפֿנט, האָט אַ מאַכמעדאַנער דערשאָסן איינעם פֿון די גרעסטע רעוואָלוציאָנערע באַפֿרייער, אַ אינדוס. גאַנדהי אַליין האָט באַדאַרפֿט אַרויסלאָזן אַ מאַניפֿעסט, כּדי צו פֿאַרווישן דעם טראַגישן פֿאַל. ער האָט גערעדט מיט הייכער מליצה, אַז דאָס פֿאַרגאָסענע בלוט וועט העלפֿן צו ברענגען שלום צווישן די מאַכמעדאַנער און אינדוסן.

איך צווייפֿל, צי פֿאַרגאָסן בלוט איז אַזוי פּרוכטבאַר פֿאַר שלום. אין ערגעץ איז דאָס ניט קיין ברכה פֿאַר דעם אָרט, וואו דאָס בלוט איז פֿאַרגאָסן געוואָרן, און נאָך מער ווערט ניט פֿאַרגעסן קיין פֿאַרגאָסן בלוט אין מזרח, וואו עס לעבט דער נקמה־געפֿיל. און בפֿרט אין אינדיע, וואו עס איז פֿאַרהאַן די האַנט, וואָס וועט זען, אַז דאָס פֿאַרגאָסענע בלוט זאָל רופֿן און מאָנען קריג און ניט קיין שלום.

מאַהאַטמאַ גאַנדהי האָט דאָס אינדישע פֿאָלק געוואָלט באַפֿרייען פֿון דער פֿרעמדער מאַכט און ער האָט געהאַט דעם היפּנאָטישן כּוח צו ווירקן אויף די ברייטע מאַסן פֿון די הונדערטער מיליאָנען. ער האָט זיי היפּנאָטיזירט און געפֿירט צו דער באַפֿרייונג. טראַגיש האָט זיך אויסגעוויקלט דער רעזולטאַט פֿאַר אים, און פֿאַר די, וואָס האָבן אין אים געגלייבט און גלייבן נאָך איצטער.

ווער איז ער, דער דערלייזער?

## 2. מאַהאַטמאַ גאַנדהי.

צום ערשטן מאָל האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אויף זיין וועג אין דרום-אַפריקע, אינאָנהייב איין-און-צוואַנציקסטן יאָר. דאָרטן האָט גאַנדהי מיט אַ צייט פריער געלעבט, ווי אַ יוריסט, און האָט כסדר אַיינגעריסן מיט דער אָרטיקער רעגירונג, פאָדערנדיק רעכט פאַר די אינדוסן און מאַלאַיער, וואָס לעבן אין אַפריקע און וואָס ווערן דאָרט עקספּלואַטירט כמעט ווי די קאַפירס.

אָבער ניט נאָר צו באַפרייען די אינדוסן פון אַפריקע איז געווען זיין הויפּטגעדאַנק. דאָרטן, אין דרום-אַפריקע, איז אים קלאָר געוואָרן די לאַגע פון זיין גאַנץ פאָלק; די לאַגע פון די הונדערטער מיליאָנען, וואָס גאַרן און וואַרטן אויף אַ דערלייזער. אין דרום-אַפריקע האָט ער נאָך זיך איבערגעלאָזן אַ נאָמען, ווי פון איינעם, וואָס לעבט אַ געלייטערטן לעבן. פאַר זיך האָט ער גאָרניט באַדאַרפט. אין אַפריקע האָט ער אַ טיפן רושם איבערגעלאָזן אויך אין די קרייזן פון אייראָפּעער, און אַז ער איז אַוועק קיין אינדיע, האָבן זיך די אינדוסן צוגעהערט צו זיינע טריט פון וויטן:

— ער איז אַוועק פון אונז מיט אַ גרויסער מיסיע. יעמאָלט, ווען ער וועט באַפרייען אינדיע, וועלן מיר זיך אַהין אומקערן.

מען האָט געגלויבט אין זיין גרויסן גייסט און אַז ער איז געבוירן געוואָרן מיט דעם באַזונדערן כוח אין זיך, צו קענען ווירקן סיי אויף הערשער און סיי אויף באַהערשטע. און מען מוז פאַרמאָגן גענוג אמונה אין זיך און אין אייגענעם גייסט, כדי די דאָזיקע מיסיע אין לעבן אַוועקצוטראָגן צו זיך אַהיים. עס פאַרשטייט זיך, אַז די וועלט-מלחמה, וואָס האָט אין אייראָפּע זיך פאַרמאָסטן מיט אַלע דערגרייכונגען פון דער טעכניק און פון דער וויסנשאַפט אין פאַרלויף פון פיר יאָר כסדר, מיט די שווערסטע האַרמאַטן אָפּצושיסן די קרוינען און צווייגן פון ביימער און אויך קעפּ פון מענטשן; פאַרסמען אַזויפיל אינזעקטן און מייז אין די פעלדער און פאַרכמען אַזויפיל מענטשן בתוכם — — פונדערווייטנס, אַז מען האָט געקוקט אויף דעם, צי פון דרום-אַפריקע, צי פון אינדיע, האָט עס געקענט אויסזען, אַז דער אייראָפּעער איז אַראָפּ פון זינען און אַז משוגע האָבן אים געמאַכט זיינע אייגענע דערפינדונגען און דערגרייכונגען-

# פון מיין רייזע אין אינדיע

יעמאָלט איז גרינג געווען אָנצווייזן צום מערב און זאָגן:

— אָט זעט איר דעם רויך, וואָס הייבט זיך אויף פון זייערע פעלדער און ציט זיך איבער זייערע שטעט — דאָס איז דער יום-הדין פון דעם ווייסן מענטשן. ער ווערט געמשפט פאַר זיינע גרויסע זינד און רויבערישע אינסטינקטן און ער אַליין פירט אויף זיך אויס די שטראָף.

די גרויסע מעכטיקע דייטשלאַנד האָט מען אַיינגעמאַטערט, אַני-דערגעלייגט זי אויף די לאָפּאַטקעס, אָנגעזעצט זיך אויפן קאָפּ, הענט און פיס און אויף דעם אַיינגעבאַלעטעם בויך האָבן די זיגער זיך אַנידערגעזעצט ציילן געלט און זיך קריגן. אוי, ווי קאָמיש דאָס האָט אויסגעזען פונדערווייטנס! ווי משונהדיק דאָס האָט אויסגעזען אין די אויגן פון אַ פאָלק, וואָס פאַרמאָגט גאָר אינגאַנצן ניט דעם חוש פאַר מלחמה.

טאָלסטאָי האָט פאַר גאַנדהין קלאָר געמאַכט דעם באַנקראָט פון דער ציוויליזאַציע. אינערגעץ האָט טאָלסטאָיס תורה ניט געפונען דעם צוגעגרייטן פעלד, ווי אין אינדיע. וואָרעם וואָס פאַר אַ פנים האָבן געהאַט די „דוכאָבאָרן“, וואָס זיינען אַוועק קיין קאַנאַדע און זיך באַזעצט אויף די סטעפּעס און געלייטערט דאָרטן זייער גייסט? וואָרעם אַז ווען אויף זיי איז געקומען דער גייסט צו ווייזן דער ציוויליזאַציע איר נישטיקייט און, ווען נאַקעטערהייט זיינען זיי געקומען אין שטאָט אַריין באַווייזן דער „מענטשהייט“, אַז דער מענטש און זיין לעבן געפינט זיך נאָר אונטער די קליידער — יעמאָלט האָט ממש די קאַנאַדער ערד אַ ציטער געטאָן. די מענטשהייט האָט שנעל אויף זייער נאַקעטקייט אָנגעטאָן פעסלעך און אַרויסגעפירט פון שטאָט אַרויס.

אין אַמעריקע, צי אין קאַנאַדע, האָט שוין אַריינגעזונגען דער צייט-גייסט זיין מעטאַלענעם ניגון; ווער קוקט זיך אויף דעם אים, ווען די עלעקטרע דעקט כיי-ווי אָפּ צופיל נאַקעטקייט פון לעבן. פון רוסלאַנד האָט מען אויך געיאָגט די „מאָלאָקאַנעס“ און די „דוכאָבאָרן“. זיי וואָלטן באַדאַרפט ציען קיין אינדיע, דאָרטן וואָלטן זיי געפונען זייער היים. דער פאַציפיזם, וואָס לעבט אין כאַראַק-

מער פון אינדישן פאָלק, איז פאַר גאַנדהין געווען דער פּרוּווּשטײן פון טאָלסטאָיס תּורה:

„וויפיל באַדאַרף האָבן אַ מענטש?"

און אינדיע זעט מען, אַז אַ מענטש באַדאַרף האָבן ווינציק. טאָלסטאָי האָט עס געזען ביים רוסישן פּויער, וואָס האָט געלעבט אין קנעכטשאַפט. זיין לעבן האָט ניט געהערט צו אים און דערי־בער האָט ער ווינציק באַדאַרפט. ניט נאָר האָט דער פּויער גע־קענט אויסקומען מיט אַ פּאָר קאַרטאָפל, אָדער מיט אַ פאַרשימלט שטיקל ברויט און וואַסער — דער פּויער האָט איך פאַרנומען שמיך, ווי אַ ברכה פון גאָט, און עס איז אים דערפון צוגעקומען אַ שטיק געזונט. געוויס האָט מען אַזאַ טעאָריע אויך געקענט באַפעסטיקן אויף דעם אויסגעמאַטערטן לייב פון פּויער.

און אין אינדיע בעט זיך אַזאַ טעאָריע אַליין פון זיך. אָט גייט דורך די גאַסן פון קאַלקוטאַ, אַגראַ, דעלהי, אָדער באָמביי, זעט די האַלב־נאַקעטע מאַסן, צופרידענע, וואָס באַנוגענען זיך מיט גאָרניט, וואָס באַדאַרפן צומאָל קיין וויכן געלעגער פאַר זיך אויך ניט; וואָס געפינען זייער רו־אָרט ביים זייט גאַס, אָדער אַפילו אינ־מיטן גאַס אויך. — און זייער שלאָף איז אַ געבענטשטער. געוויס קען אַזאַ איינעם מקנא זיין אַ מאַהאַראַדזשאַ, אַזאַ רויקן שלאָף האָט דער ענגלישער מלך אויך געקענט מקנא זיין דעם פּאַריער, וואָס ליגט אין שטויב און קוקט אין הימל אַריין, מיט דעם געפיל, אַז דער הימל און די ערד — ביידע זיינען זיינע.

איך בין אָבער זיכער, אַז דער, מיטן ליידיקן מאָגן, וואָס וואַרעמט זיינע אויסגעשטאַרצטע ריפּן אין דער זון, חלומט אַמאָל אויך אָפּצועסן צוזאַט, ווי יענער, וואָס האָט פול זיינע שפּייכ־לערס. און יעחע תּורה, וואָס לערנט דעם מענטשן צו באַנוגענען זיך מיט ווינציק, אויב די תּורה קומט פון אַ איבערגעזעטיקטן מאָגן, וועט זי האָבן אַ האַלבע ווירקונג. עס וועט יעדער הונגעריקער וועלן פּרייער פּרוּוון דעם טעם פון זאַט זיין; און יעדער איינער, וועמען דער עולם־הזהניק האָט אים פאַרמשפט אויף עולם־הבא, וועט כאָטש איינמאָל וועלן פאַרזוכן אַ טראָפּעלע עולם־הזה.

טאָלסטאָיס תורה איז געווען אָנגענומען פאַר די איבערגע-זעטיקטע, וואָס האָבן געזוכט אַ ווינקל אין לעבן, כדי זיך צו באַפרייען פון איבעריקן יאָך פון איבערגעלאָדענע באַדערפעניש. די בריטע פויערים-מאַסן, ביי וועמען ער האָט געלערנט, אַז מען קען אויסקומען מיט גאָרניט און אַז מען קען אויסקומען אָן שניט-קראָמען, ווען מען וועבט פאַר זיך אַליין אַ געוועב; מען קען אויסקומען אָן אַ שוסטער, ווען מען לערנט זיך אויס אַליין נייען שטיוול — די אַלע, וועלן ביי דער ערשטער געלעגנהייט קויפן אַ פאַבריקע געוועב און געבן דעם שוסטער נייען אַ פּאָר שטיוול. דעם פויערס פאָטעלעס האָבן אונז נאָר באַוויזן, אַז ווינטער, אין שטאַרקן פראָסט, האָט מען אַניצעס אויף אָניצעס געוויקלט און שפּעטער זיי געטריקנט ביים הייסן אויוון און פאַרשטונקען די שטוב.

די פּאָר שטיוול, וואָס טאָלסטאָי האָט אַליין פאַר זיך גענייט, זיינען געבליבן אַ מוזיי-אַרטיקל. און די שטיוול, וואָס שוסטער נייען, די געוועבן, וואָס די מיליאָנען פויערטעס האָבן אין די ווינטער-טעג אין נעכט געוועבט, — האָבן ניט קיין באַזונדערן ווערט.

פאַרשטייט זיך, אַז בודאַ איז געקומען צום אינדישן פאָלק מיט צוויי טויזנט דריי הונדערט איין-און-ניינציק יאָר פריער איידער טאָלסטאָי איז געבוירן געוואָרן. בודאַס תורה פון טויטן אין זיך אַלע פאַרלאַנגען און באַנוגענען זיך מיט גאָרניט, ניט צו פאַרגיסן קיין בלוט פון וועמען עס זאָל ניט זיין, — טרעפט זיך זייער צוגריף מיט טאָלסטאָיען. כאָטש בודאַ איז געווען אַ זון פון אַ הערשער און די תורה זיינע איז ביי אים רייף געוואָרן אונטער דעם לאַסט פון אומנייטיקע באַדערפעניש — נאָר יעמאָלט איז דאָך געווען אַ צייט, ווען רעליגיעס האָבן געבליט. און ווי ראַציאָנעל בודאַ איז ניט געווען אין זיין אַרט דענקען, און כאָטש ער אַליין האָט ניט געוואָלט רעדן פון גאָט, ווייל ער האָט אים קיינמאָל ניט געזען —, האָבן די דורות אַליין בוראַן געהייליקט פאַר אַ גאָט און צוגעשריבן זיין ווידערגעבורט אויס פון בראַהמאַ אַליין.

גאַנדהי איז אויך אַ בראַמינער און אין דער יוגנט האָט ער געהאַט אָפּצועסן צוזאַמען, פונדעסטוועגן האָט זיין דערשיינונג העלער

געשיינט צו די אינדישע פאַרהונגערטע מאַסן, ווי טאָלסטאָי — צו די רוסישע פּויערים.

אין אינדיע, וואו מען וואַרט כּסדר אויף ניסים, וואו מען גלייבט, אַז בודאַ איז שוין אין די שפּעטערדיקע דורות ווידער אַמאָל געבוירן געוואָרן, און אַז אַ בודאַ מאַיטרעיאַ וועט נאָך אויפקומען צו דערלייזן די וועלט, — איז קיין חידוש ניט, וואָס אַרום גאַנדהין האָבן זיך אַזויפיל לעגענדעס צונויפגעקליבן אין פאָלק.

---

גאַנדהי איז אַ מיסטיקער און ער האַסט די ציוויליזאַציע, ווייל זי איז ניט מיסטיש און איז אַנטירעליגיעז. אין בײַ אים אין לאַנד, אַפילו אין דעם געדיכטן מיסטיציזם, איז ניט שווער אָפּצושיידן די שטריכן פון דער מערב-ציוויליזאַציע, וואָס איז דורך דעם מיסטיציזם אַריינגעדרונגען אין די הייזער פון דער פאַרמעגלעכער געזעלשאַפט. און איך גלייב, אַז ווען דער אָרעמער אינדוס ליגט אויפן טראָטואַר מיטן פּנים צום הימל און קוקט נאָך דעם אַעראָפּלאַן, וואָס טראָגט זיך העט-ווייט, אינדערהויך אָט דער שטאָלענער פויגל, ווען אַפילו ער רופט בײַ אים ניט אַרויס קיין וואונדער, ווייל ער גלייבט, אַז מיט צען טויזנט יאָר צוריק האָט שוין אינדיע פאַרמאָגט אַעראָפּלאַנען, — פונדעסטוועגן לאָזט דער גערויש פון פּראָפּעלער עפּעס איבער אין זיינע אויערן.

דער יאָגי, וואָס זיצט מיט זיין נאַקעטן לייב אויף אַ שטול מיט שאַרפע טשוועקעס, וואָס קריכן אין זיין לייב אַריין — ער וועט געוויס ניט זיין מער קיין ביישפּיל פאַר די אָרעמע מאַסן, ווי אָרעם זיי זאָלן ניט זיין, און ווי רעליגיעז זיי זאָלן ניט זיין. אַ יעדנס פאַרלאַנג איז אויפצוקומען פון דער נידער אַ ביסעלע העכער, ווי עס טרעפט אַמאָל, אַז דער, וואָס האָט דערגרייכט צום סאַמע שפּיץ פון זיינע פאַרלאַנגען — זאָל וועלן גיין אַ פּאָר טרעפּלעך נידעריקער.

די מיליאָנען פּויערים אין אינדיע שפּינען סיי-ווי אַליין דעם פּאָדים און וועבן סיי-ווי אַליין זייערע געוועבן אין צייט, ווען דאָס פעלד מאָנט ניט די הענט. גאַנדהי האָט געווירקט אויף די טויזנטער פון דער אינטעליגענץ, וואָס איז שוין טיילווייז אַריינגעקראָכן אין אינגערע

קליידער אַריין. ער האָט געווירקט, זיי זאָלן אָנטאָן צוריק די „דאָטי“ געווירקט, אַז זיי זאָלן זיך וויקלען אין די צוויי ווייסע ליילעכער, און אויך געפּועלט, אַז די אינטעליגענץ זאָל אַוועקשטעלן ביי זיך אין זאַל אַ פּרימיטיוון וועבשטול און וועבן די „קאָדר“, די גראָבע געוועבן אַרומצוּוויקלען דעם גוף. אַ גאַנדהי־יאַרמולקע פֿון ווייסן לייוונט האָט מען דערפֿונדן, וואָס גיט ניט צו קיין חן דעם שיינעם שוואַרצהאָריקן קאָפּ.

אָבער דאָס איז ניט געווען דער עיקר. דאָס זיינען נאָר געווען די סימנים פֿון דערלייזונג פֿון דער מערב־ציוויליזאַציע. און די דערלייזונג פֿון ענגלאַנדס הערשאַפֿט, וואָס דריקט, עקספּלואַטירט און קאָרמעט מיט גוואַלד מיט מערב־ציוויליזאַציע, — אַרום דעם האָט זיך קאָנצענטרירט די הויפּט־אָנשטרענגונג.

די אייזנבאַנען, וואָס ענגלאַנד האָט אַריינגעבראַכט, טעלעפֿאָן און טעלעגראַף — פֿאַרלייקנט גאַנדהי. דאָס פֿאָלק איז געווען גליקלעכער פֿריער, ווען עס איז געגאַנגען צופֿוס און האָט זיך ניט באַנוצט מיט טעלעגראַף און טעלעפֿאָן. אמת, אַז די ברייטע מאַסן באַנוצן זיך איצטער אויך ניט מיט די אייבנדערמאָנטע גוטע זאַכן, צוליב זייער פֿאַרגעניגן וועגן. אפֿשר איז פֿאַראַן אַ קערנדל אמת, ווען ער זאָגט, אַז די אייזנבאַנען האָבן פֿאַראָרעמט און אַראָפּגעפֿירט פֿון וועג דעם פּויער און ער באַווייזט עס אַזוי:

אין אַמאָליקע ציטן האָט דער אינדישער פּויער, וואָס באַשטייט פֿון אַ פֿינף־און־אַכציק פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג, יעמאָלט, איידער אייזנבאַנען זיינען געווען, יעמאָלט האָט ער רויִק געאַקערט און געזייט זיין פֿעלד און געגעסן זיין אייגענעם, שווער פֿאַרהאָרעוועטן ברויט, אָדער רייז. אין דער פֿרייער צייט האָט מען געדרייט דעם פֿאָדים פֿון ליינען, אָדער וואָל און מען האָט געוועבט די נייטיקע געוועבן. קיין געלט האָט דער פּויער ניט באַדאַרפֿט. און איצטער, זינט די אייזנבאַנען זיינען אין לאַנד, האָט מען אַריבערגעבראַכט דעם דלות און אומרויִקייט צום פּויער. מיטן באַן קומען אָן סוחרים, ברענגען געלט און קויפֿן אויס די תבואה. דערנאָכדעם ברענגט מען ביליקע פֿאַרטיקע סחורה געמאַכט אין ענגלאַנד און אַזוי נאַרט מען שפּעטער פֿאַר די סחורה אויס דעם ברויט

ביים פויער. מען האָט דעם פויער באַרויבט און מען האָט אים אויס־געלערנט זיך צו פוילן אין זיין פרייער צייט.

די מעדיצין, זאָגט גאַנדהי, האָט חרוב געמאַכט דעם אָרגאַניזם פון ווייסן מענטשן אין די מערב־לענדער, און די דאָזיקע סם־המוותן ברענגט מען אַריין קיין אינדיע, צו פאַרסמען דעם גוף פון ריינבלוטיקן אינדוס. ער אָנערקענט נאָך קאַניטאַרישע דערגרייכונגען, האָט דאָבן אין אינדיע פאַרקלענערט די צאָל קרבנות בעת מגפות ברעכן אויס.

אַזוי האָט ער צונויפגעבונדן די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע באַפרייונג מיט דער גייסטיקער באַפרייונג, פון דער מערב־ציוויליזאַציע.

זיינע רייד זיינען פשוטע. זיינע רייד זיינען כמעט פרימיטיווע, אָבער דאָס פאָלק האָט אים פאַרשטאַנען; ווי דאָס אינדישע פאָלק איז געוויינט צו פאַרשטיין אַפילו זאַכן, וואָס זיינען שלא־כדרך הטבע.

און ניט נאָר אינדוסן, — פרומע קריסטן און גלחים באַטראַכטן גאַנדהין, כמעט ווי אַ צווייטן קריסטוס, וואָס האָט זיך באַוויזן אויף דער ערד אויסצולייזן זינדיקע נשמות.

— ווען איך זאָל נאָר גלויבן אין ווידערגעבורט פון קריסטוסן — זאָגט צו מיר אַ קריסט, וואָלט איך מיט אַ גרינג האַרץ געגלויבט, אַז ער איז ווידער אויפגעקומען צו דערלייזן די וועלט, און געקומען איז ער אין געשטאַלט פון מאַהאַטמאַ גאַנדהי.

דאָס אינדישע פאָלק, וואָס גלויבט, אַז די וועלט לעבט איצטער אין אַ דור פון חשכות און וואַרט, אַז אַ דערלייזער זאָל קומען די פינסטערניש צו פאַרטרייבן, אַז מאַהאַטמאַ גאַנדהי האָט זיך באַוויזן צווישן די געדרודפטע, באַשפיגענע פאָלקס־מאַסן, צווישן פילפאַך־אונטערדריקטע, סיי פון אייגענע און סיי פון פרעמדע און ווען ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו די „פּאַריער", צו די „סמאים" און אויסגערופן: ברידער מיינע! —

אָ, יעמאָלט, האָט מען אים מוחל געווען, וואָס ער איז אַ בראַמינער. מען האָט אים גלייך דערקענט. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז ער איז דער ווידערגעבורט פון סיוואַ. אַנדערע — אַז ער איז דער לאַנג־דערוואַרטעטער, נייער ווידערגעבוירענער בודאַ. לעגענדעס

האָבן זיך פאַרשפּרייט אַרום גאַנדהיס נאָמען, ווי אין די אַלטע צייטן אַרום „גאָטס קינדער“.

ער הייסט מאַהאַטמאַ גאַנדהי. מאַהאַטמאַ איז ניט זיין נאָמען. דאָס איז דער צונאָמען. עס קען מיינען: די גרויסע נשמה, דער פירער, דערלייזער, דער גרויסער לערער. דאָס אַלץ קען מען אַריינלייגן אין דעם וואָרט „מאַהאַטמאַ“.

און מען דערציילט:

„איינמאָל, ווען גאַנדהי האָט אין אַ געוויסער פּראָווינץ גערעדט צו אַן עולם און ווען איינער פון עולם איז אַרויסגעטראָטן אַנטקעגן אים און אויסגעלאַכט זיינע רייד, איז ער גלייך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חזיר“.

מען דערציילט:

„אויף אַ באַנקעט לכבוד גאַנדהין, ווען אַ פּאָר פון די מכבדים האָבן געוואַגט רעדן אַנטקעגן אים, זיינען די שפּייזן פון גרינצייג, וואָס זיינען געווען אויפן טיש געגרייט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בלוט“.

און מען דערציילט:

„צוויי מענטשן האָבן זיך געקריגט אונטער אַ מאַנגאָ-בוים איבער גאַנדהיס גרויסקייט. האָט איינער אויסגערופן: אויב עס איז טאַקע אמת, אַז גאַנדהי איז דער, וואָס קען אַזוינע וואונדער באַווייזן, איז וויל איך, אַז איצטער און באַלד זאָלן זיך באַווייזן מאַנגאָ-פרוכט אויף די צווייגן — און אַזוי איז געווען. דער בוים האָט תיכף אָנגעהויבן צו בליען און מאַנגאָ-פרוכט זיינען צייטיק געוואָרן“.

אַפילו אויף יענער זייט פון די הימאַלאַיער בערג דערציילט מען אַלערליי מעשיות איבער די גרויסע ניסים, וואָס גאַנדהי באַווייזט: מען האָט אויף אים געשאָסן פון האַרמאַטן — אים האָט עס ניט געשאַדט. מען האָט אים אַנידערגעלייגט אויף די רעלסן און אַ עקספּרעס-צוג איז איבער אים אַריבער — און ער איז געבליבן אומבאַשעדיקט.

דאָס איז געווען מיט אַ אַכט, ניין יאָר צוריק. יעמאָלט איז גאַנדהיס נאָמען אויפגעגאַנגען ווי אַ לויטערער פרימאָרגן איבערן לעבן פון אינדישן פאָלק. אויף אַ ווילע איז אַפילו ענגלאַנד פאַר-

בלענדט געוואָרן און ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן. זיינע רייד זיינען געווען פשוטע און דער וועג צו דערלייזונג — אַ נייער, אַ אומגעוויינטלעכער. ניט צו קיין רעוואָלוציע האָט ער גערופן דאָס אינדישע פאָלק, נאָר פאַרקערט: אומקערן זיך מיטן פלייצע צו די אונטערדריקער און צו דער גאַנצער מערב-וועלט, וואָס שיקט קיין אינדיע די קללה פון ציוויליזאַציע.

פאַסיווער ווידערשטאַנד!

ניט גיין האַנט אין האַנט מיטן ווייסן ברוט, וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס לאַנד, ניט פאַרנעמען ביי אים קיין שטעלע, ניט עסן פון זיין ברויט. אַרויס פון די רעגירונגס-אַנשטאַלטן! אַרויס פון יעדן ווינקל, וואו דער אינדוס העלפט דער מע־בדיקער ציוויליזאַציע און שטאַרקט דערמיט די האַנט פון אונטערדריקער!

ווער האָט עס געקענט באַפרידיקן? אפשר דעם הייפל אינטעליגענץ, וואָס פאַר זיי וואָלט געווים געלוינט צו באַפרייען זיך פון אַ פרעמדער קולטור און פון אַ פרעמדער דיקטאַטור. געווים פאַרלאַנגט עס דער נאַציאָנאַלער געפיל.

וואָס אָבער האָט גאַנדהי געהאַט פאַר די ברייטע מיליאָנען פון די פאָלקס-מאַסן, אָרעמע פויערים, וואָס באַאַרבעטן פאַר הונגער-לוין יענעמס פעלד? וואָס האָט ער געהאַט פאַר די מיליאָנען פאַריער, וואָס זייער פאָטערלאַנד איז דער רינשטאָק? האָט ער צוגעגרייט ברייטע רעפאָרמעס פאַרן פאָלק? האָט מען אים צוגעזאָגט פון די בראַמינישע קרייזן, אַז די קאַסט-סיסטעמע וועט גלייך אָפגעשאַפט ווערן, ווי נאָר ענגלאַנד וועט אַוועק? האָט ער געקענט צוזאָגן די אָרעמע פויערים, אַז זיי וועלן קריגן גענוג ערד? און פאַר די אָרעמע אַרבעטער אין די פאַבריקן, וואָס אַרבעטן אונטער די שווערסטע באַדינגונגען — האָט ער געהאַט אַ פאַרזיכערונג, אַז זייער לאַגע וועט זיך אויסבעסערן? און צי האָט ער געהאַט אַן אויסבליק, אַז די אַלע טויזנטער פאַמיליעס, וואָס אַרבעטן אין די טיי-פעלדער פאַר אייגענע, און פאַר פרעמדע, און וואו שוין קינדער פון דריי יאָר ווערן פאַרדינערס ביים רייסן די טיי-בלעטלעך פון די קוסטעס, און אויב זיי פאַרחלומען קריגן זיי מיט אַ רוט — צי האָט ער

געזען אַ נאָרמאַלן אויסגאַנג פֿאַר אַזאַ פֿאַרדאָרבענער עקספּלו-
אַטאַציע?

ער האָט איבערגענומען פֿולשטענדיק טאָלסטאָיס תּורה, אַז מען טאָר ניט שטעלן קיין ווידערשטאַנד די שלעכציקייטן אויף דער ערד. מען באַדאַרף וואַרטן ביז דער מוטוויליקער וועט ווערן פֿול מיט יושר און דער ברוט וועט ווערן פֿאַרוואַנדלט אין אַ באַרימהאַ ציקער מאַמע...

וויפֿיל דורות באַדאַרף די מענטשהייט אויף דעם וואַרטן, ביז ביי דעם עקספּלואַטאַטאָר וועט קראַנק ווערן זיין געוויסן? וואו און אין וואָס פֿאַר אַ לאַנד זיינען די אַרבעטער דערגאַנגען צו אַן אַכט-שעהדיקן אַרבעטסטאָג אָן אַ פֿמדרדיקן קאַמף! וואו און אין וואָס פֿאַר אַ לאַנד האָט מען דעם אָרעמען צוגעטיילט אַ שטיקל ערד, צונעמענדיק ביי די, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געוואוסט פֿון גענוג? האָט ערגעץ-וואו אַנדערש עמעצער צעטיילט זיין פֿאַרמעגן פֿאַר זיינע מיטמענטשן, זיי זאָלן קענען לעבן אַ בעסער לעבן? אויף וועמעס געדולד בויט מען אַזעלכע טעאָריעס פֿון אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד?

נאָר אין אינדיע האָט געקענט אַזעלכעס פּאַסירן. אַז די אַלע פּאַריער, וואָס האָבן בלויז ביים אייראָפּעער די מעגלעכקייט אַריינצוגיין אין שטוב אַריין און באַדינען; וואָס נאָר ביים פֿרעמדן אונטערדריקער איז אָפֿן די שטוב פֿאַר אַ צענדליק „טמאים", וואָס קריגן זייער אָרעמען לוין און אַמאָל אַ בגד און אָפּצועסן אויך — און דווקא אויף זיי האָט גאַנדהי גאָר אַ סך געבויט.

דער פֿאַרלאַנג צו באַפֿרייען זיך פֿון ענגלאַנד האָט אַלעמען פֿאַרבלענדט. אַ גרויסער גס האָט זיך דערנענטערט. אַהינטער אַ נעפּל זיינען אויפֿגעגאַנגען אַלערליי זונען, נאָר אויף זייער רעאַליטעט האָט מען ניט געקענט לייגן קיין סך געוויכט, ווי די צייט האָט עס אַרויסגעוויזן.

גאַנדהיס רוף האָט תּחילת געווירקט ווי אַ ציבער-ווינט, וואָס האָט זיך דורכגעטראָגן פֿון עק ביז עק לאַנד. ווי ער האָט באַפֿוילן — אַזוי האָט מען געפֿאָלגט. די באַנען האָט מען ניט באַדינט — האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. פּאָליציי איז געבליבן אָן פּאָליציאַנטן; הויז — אָן דינער; גאָרטן — אָן גערטנער.

געוועלבער האָבן זיך געשלאָסן. דער רוף איז געווען: נישט צו טראָגן קיין קליידער פון פרעמדן שטאָף. מען האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אייראָפּעישע קליידער און זיך געוויקלט אין פּשוטע ליילעכער; אויפן קאָפּ האָט זיך געבלייכט די ווייסע גאַנדהי-יאַר-מולקע. מען האָט צונויפגעטראָגן אויפן מאַרק אַלע פרעמדע סחורות און עפנטלעך פאַרברענט. מען האָט אייראָפּעישע קליידער פון זיך געריסן און געוואָרפן אין פייער אַריין. אַלע אויסערלעכע סימנים פון מערב-ציוויליזאַציע האָט מען אַראָפּגעראַמט פון לעבן, ווי אַ געפערלעכע פעסט. אַ רגע האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער גרויסער וואונדער איז געשען. יעדער איינער, רייך צי אָרעם, האָט זיך גענומען פאַרן פרימיטיוון שפינדל, פרימיטיוון וועבשטול און אַליין פאַר זיך גענומען וועבן אַ געוועב. מאַמע ענגלאַנד האָט געציטערט. אַ סך טעקסטיל-פאַבריקן אין מאַנטשעסטער, וואו מען וועבט פאַר אינדיע די פאַטאַלע געוועב — האָבן זיך באַדאַרפט אָפּשטעלן.

דעמאָלט איז געווען די גרויסע צייט. דער נס איז אויפגעקומען, ווי אַ פייערווערק מיט פולן אימפּעט, און געשניטן מיט אַ פייף די לופט. איצטער אָבער איז די שיין פאַרטונקלט, לעשן זיך די פונקען.

ווייל נישט קיין ניסים באַדאַרף די צייט. נישט דורך ניסים וועט אויסגעלייזט ווערן אַפילו דאָס אינדישע פאָלק, וואָס לעבט נישט מיט דער צייט און לאָזט זיך נישט באַאיינפלוסן פון הײַנטיקן יאָרהונדערט, ווי דאָס איז דער פאַל מיט אַנדערע מזרח-פעלקער.

די ענגלישע רעגירונג, וואָס האָט זיך תּחילת פאַרלאָרן, האָט פלינק אויפגעזוכט דעם פאַרפוילטן אָרט אין פאָלקס-אָרגאַניזם, וואו מען קען ווערים אויספּיקן. עס איז געווען אַ גרויסער אײַנשטעל גאַנדהין צו אַרעסטירן, נאָר אין דער ריכטיקער שעה האָט מען עס געטאָן; יעמאָלט, ווען אין פאָלק האָט דער יאוש אָנגעהויבן אויפצוקומען. גאַנדהין האָט מען אַרעסטירט און פאַרמשפּט אויף זעקס יאָר טורמע.

און ווייל קיין ערדציטערניש האָט דער אַרעסט נישט אַרויסגערופן, ווייל די זון האָט זיך נישט אויסגעלאָשן יעמאָלט, ווען מען האָט אין תּפיסה אַרײַנגעזעצט אינדיעס אײדלסטן זון; די הייליקע

טייכן האָבן ווי דער שטייגער געשטראָמט צום ים — האָט דערי־בער דאָס פאָלק ווידער זיך געלאָזט פאַרשלעפּערן.

— אָ, וואָס פאַר אַ שווידערלעכע צייט יעמאָלט איז געווען — דערציילן ענגלישע איינוואוינער נאָך איצטער מיט פּחד — מען האָט אונז געשפּיגן אין פּנים אַריין און מיר האָבן געמוזט אָפּווישן דאָס פּנים און שווייגן. וואָס האָט דען געקענט טאָן איינער אַנטקעגן הונדערט טויזנט? אַזוי זיינען מיר דאָך געווען אין צאָל יעמאָלט. דאָס ביסל מיליטער, וואָס מיר האָבן געהאַט, איז דאָך געווען אָפּ־געצויגן פון לאַנד צוליב דער וועלט־מלחמה. אייגענע דינער, וואָס ערשט נעכטן זיינען זיי געשטאַנען אויף די קני פאַר אונז — היינט האָבן זיי מיך באַשפּיגן. ווען דאָס האַלט אָן נאָך אַ פּאָר חדשים אַזוי, וואָלטן אונזערע ביז איינעם באַדאַרפט פאַרלאָזן דאָס לאַנד...

„מען האָט געשפּיגן אין פּנים אַריין און מיר האָבן געמוזט אָפּ־ווישן דאָס פּנים און שווייגן".

דאָס איז דאָך געווען יעמאָלט די איינציקע וואָפן ביים פאָלק. און מען מוז זאָגן, אַז אַפילו די דאָזיקע וואָפן האָבן זיי ניט אויס־גענוצט ווי געהעריק איז. דאָס דריי הונדערט מיליאָניקע פאָלק האָט דאָך מיט דעם אמתן שפּיי געקענט אַרויסשווענקען די פרעמדע הער־שאַפט פון פאָלק און דאָס איז ניט געשען.

דער אינדוס קייט זיין „ביטעל", אָט דעם דאָזיקן רויטן וואָרצל, וואָס סטימולירט אים זיין ליידיקן מאָגן און וואו ער גייט און וואו ער שטייט שפּייט ער און פאַרבט רויט. אָט אַזוי האָבן די ווע־שער אויסגעלאָזן יעמאָלט זייער כּעס צו די וועש פון די ענגלענדער, באַשפּיגן מיטן רויטן שפּיי די בלאַנק־ווייסע וועש פון אונטערדריקער. צו די וועש האָבן זיי אויסגעלאָזט דעם כּעס זייערן און די אינער־לעכע ביטערניש.

עס האָט מיר דערציילט אַן אויפזעער פון אַ טיי־גאָרטן, וואָס אונטער זיין האַנט געפינען זיך ביי אַ טויזנט משפּחות, וואָס אַר־בעטן אין די טיי־פּלאַנטאַציעס אינאיינעם מיט זייערע קליינע קינ־דער. ער האָט דערציילט גאַנץ אויפריכטיק און אָפנהאַרציק:

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, אַז די אינדוסן זיינען אומגערעכט? איך וועל ניט גיין ווייט. אָט ביי מיר, אין די טיי־גערטנער עקספּלואַטיר

איך זיי ווי בהמות. זיי ווייסן ניט בעסער. ביי מיר אַרבעטן שוין דריי־יאָריקע קינדער. איך לערן זיי אויס ווי צו רייסן די טיי־בלעטלעך פון די קוסטעס און זיי באַקומען עפּעס דערפאַר. פאַרשטייט זיך, ווען מיר זאָלן ניט האָבן דעם האַלב־אומזיסטיקן עולם, וואָס פאַרדינגט זיך איינגאַנצן — וואָלט מען ניט געקענט פּראָפיטירן פון דער טיי־אינדוסטרי. איך בין ניט צו שלעכט צו זיי. קענסט זיי ניט. זיי זיינען דאָך ווי קליינע קינדער, קומט אַמאָל אויס צו געבן אַ קלאַפּ אויך. דערלאַנג מיטן פּרוט. זיי באַדאַרף מען געבן צו פילן די איבערהאַנט. נאָר בכלל האָבן זיי צו מיר גאָרניט. וואָס עס קומט זיי — קומט זיי. און וואָס עס קומט מיר — קומט. איך בין ניט ווי יענע אויפזעער אין די טיי־פּלאַנטאַציעס, וואָס האָבן אַ צוטריט צו אַלע שענערע און יינגערע פרויען, וואָס אַרבעטן ביי אונז. נאָר אין יענער צייט האָבן מיינע אויך אַוועקגעוואָרפן די אַרבעט. אמת, איך האָב צו אַ פּאָר פון זיי אויסגעלאָזן אַלע בייזע חלומות.

אין פרימאָרגן — דערציילט ער — איך הער אַ גערודער און אַ געשריי, אַ גאַנצער שטראָם מענטשן ציט זיך צו מיר און מען איז באַוואָפנט מיט רידלעס, מיט גראָבאייזנס און מיט שטעקענער. עטלעכע הונדערט זיינען זיי געווען, מיינע לייט, וואָס אַרבעטן ביי מיר. נו, וואָס האָב איך באַדאַרפט טאָן? ניט געווען קיין פּעולה צו נעמען דעם רעוואָלווער. וואָס וואָלט איך געקאָנט אויפטאָן מיט אַ רעוואָלווער אַנטקעגן אַ מחנה פון עטלעכע הונדערט? פונדעסטוועגן בין איך אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן זיי און מיט אַ גלייכער ברוסט זיך אַנידערגעשטעלט אַנטקעגן זיי און געוואַרט וואָס וועט דאָ אַרויסקומען. געוואַרט, אַז אָט וועט מען מיך באַלד צערייסן אויף שטיקער, מיט די רידלעס צעפּיצלען — און זעסטו, איך בין לעבן געבליבן.

— וואָס האָסטו געטאָן? — האָב איך נייגעריק געפרעגט.

— איך? וואָס האָב איך געהאַט דען צו טאָן אין יענעם מאָמענט? נאָר זיי האָבן מיך איבעראַשט: האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ קרייז אַרום מיר, ווי אַ סטייע וועלף, וואָס האָט מורא זיך נאָענט צו דערנענטערן. האָבן געפּאָכט מיט די אייזנס, מיט די רידלעס און פלעקענער. האָבן געשריען, געוואָרנט און געזידלט זיך. האָבן מיר

אויסגערעכנט אַלע חטאים, וואָס איך בין ווען עס איז באַאַנגען אַנט-קענען זיי. געפילדערט און איינער דעם אַנדערן איבערגעשריען. און מיטאמאָל, האָט מען אויסגעשפיגן אין מיין זייט, און דאָס איז אַלץ. אמת, מען האָט מיך גוט באַשפיגן — נאָר מיט דעם האָט מען אויסגעדריקט דעם גאַנצן כעס. — — —

און אַז די צייט איז געקומען; עס איז ניט געווען, וואָס צו עסן און מען האָט באַדאַרפט גיין ווידער צו דער אַרבעט, איז מען געקומען און מען האָט איבערגעבעטן, ווי עס וואָלט קיינמאָל גאָרניט געווען. מען איז צוריק שלום געוואָרן. פאַרקערט, זיי האָבן זיך צו מיר אָנגעהויבן צו באַציען מיט מער אַכט.

אַ פשוטע דערציילונג.

און דאָס איז אַ קליינער ביישפיל, אָבער דאָס איז געווען דער אויסדרוק פון ביטערניש און פאַרצווייפלונג. דער סוף איז דאָך געווען אַ קלאָרער, אַז פריער אָדער שפּעטער וועלן זיי זיך מוזן אומקערן מיט ווייב און קינד צוריק צו דער אַרבעט. פאַר זיי האָט קיינער גאָרניט צוגעגרייט. מאַהאַטמאַ גאַנדהי האָט גענוים גאָרניט געהאַט אין זיין פּראָגראַם פאַר זיי, אויסער דעם פּאַסיוון ווידערשטאַנד. אפשר איז דאָס שפּייען אויך אַנטקעגן זיינע אָנווייזונגען. דעם ווייטערדיקן טריט וואָלט ער ניט געהייסן מאַכן: מען זאָל צונעמען דאָס פעלד פון דעם איינעם און צעטיילן פאַר די הונדערטער, ווי עס איז ניט געווען אין זיין פּראָגראַם, אַז די אַרבעטער, וואָס זיינען אַרויס אין שטרייק, אַז אויסער דעם שטרייק האָבן זיי נאָך עפּעס וואָס צו פאַרלאַנגען.

איך מאָל מיר גאָרניט אויס, אַז נאָכדעם ווי די ענגלענדער וואָלטן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אַז יעמאָלט וואָלט אויך צוניץ געקומען דער „פּאַסיווער ווידערשטאַנד". פון אַ גאָר נייעם צד וואָלט זיך אָנגעהויבן די אַקטיוויטעט. עס וואָלטן געווים די מאַהאַראַדזשאַס גלייך פאַרפירט אַ מלחמה צווישן זיך, ווער עס זאָל מער פאַרכאַפּן פון דער איבערגעלאָזענער מאַכט. עס וואָלט יעדער איינער געשאַט וואָס מער קנעכט צו זיך און וואָס מער פון נאַציאָנאַלן פאַרמעגן צו זיך.

עס וואָלטן די מאַכטמעדאַנער אויך געפּרווט נאָך אַמאָל רעס-טאַווירן דאָס, וואָס האָט זיך פון זיי אַרויסגעגליטשט אין אָנ-

הייב פון לעצטן יאָרהונדערט. און זייער מעגלעך, אַז גאַנדהי אַליין וואָלט די האַנט פון „אייגענע אַלמעכטיקע“ גאָרניט באַמערקט. אפשר וואָלט ער קענען איר ניט אָנגעווענדט אַפילו קיין פאַסיוון ווידערשטאַנד אויך ניט.

גאַנדהיס זיצן אין תפיסה האָט פסיכאָלאָגיש געווירקט אויפן פאָלק. אַגב האָט מען „אָנגעוויזן“ די פרימיטיווע מאַסן אויף גאַנדהיס נאַרישקייטן און אין געוויסע קרייזן באַשאַפן פאַר אים דעם נאָמען פון אַן אַוואַנטוריסט, כאָטש דאָס איז געווען איבעריק. גאַנדהין האָט מען דערנאָך אַרויסגעלאָזן פון תפיסה אַ קראַנקן, אַן אויסגעמאַטערטן און מיט אַן אָנהייב פון יאוש. אים אַליין האָבן די פאָרשטייער פון דער ענגלישער רעגירונג טיילווייז איבערגעצייגט, אַז דאָס אינדישע פאָלק איז נאָך ניט גרייט איבערצונעמען דעם גורל אין די אייגענע הענט. ער אַליין האָט זיך אפשר איבערצייגט, אַז ער האָט ניט אין זיין פראַקטישן פאַרמעגן קיין מכשותדיקע הילף פאַר די הונגעריקע און געיאָגטע. ערשט איצטער זעט ער אַרויס, אַז די קאַסט=סיסטעמע האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. זיין שפּראַך איז אַן אידעלע. ניט נאָר מיט קיין קאַלטן, אָדער הייסן געווער טאָר מען ניט פאַרגיסן קיין בלוט — נאָר אַפילו מיט שאַרפע רייד טאָר מען ניט אָנרירן דעם פאַנאַטיזם פון זיין פאָלק. גאַנדהי איז איצטער די שטילע טויב. ער פאַסט תעניתים און רעדט פון רעליגיע, כאָטש ער זאָגט, אַז דער חוב צו זיין פאָלק איז ביי אים די העכסטע רעליגיע.

דאָס פאָלק רופט אים נאָך איצטער אויך „מאַהאַטמאַ“, דאָס פאָלק באַגרייפט אים נאָך איצטער אויך ווי אַ הייליקן. צו אים קומט מען און מען רירט אָן דעם שטויב פון זיינע פיס און מען לייגט צו די אויגן. פאַר אים ציען זיך די שורות גלויביקע, ווי פאַר איינעם, וואָס קען וואונדער באַווייזן. און אין דעם ליגט זיין טראַגעדיע, וואָס טרייבט אים אַלץ ווייטער צו מיסטיציזם און רעליגיעזיטעט.

---

איך בין געזעסן אין אַן אָנגעזעענער הויז אין בענגאַליע, צוגאַסט ביי לייט, וואָס געהערן צו גאַנדהיס „רעוואָלוציאָנערן“ לאַ-

גער. אַ פֿאַרמעגלעך הויז, און אַלע מענער זײַנען געגאַנגען אין גראָבן לײַוונט אײַנגעוויקלט. אין אַ ווינקל פֿון שטוב איז געשטאַנען אַ פּרימיטיווע וועבשטול מיט אַ געוועב האַלב־פֿאַרענדיקט. איך האָב געפֿרעגט, ווער עס וועבט אין שטוב? האָט מען מיר געענטפֿערט:

— אַלע בײַ אונז קענען וועבן. אָט דאָס, וואָס דו זעסט אויף אונז, איז אייגענע אַרבעט. דאָס טוען אונזערע מענער אויך.

— גלויבסט איר אין דעם? — האָב איך געפֿרעגט.

— דאָס איז ניט אַלץ. דאָס איז נאָר אַ סימבאָל פֿון דעם, וואָס עס באַדאַרף זײַן בײַ אונז. דאָס לעבן באַדאַרף גיין נאָך דער ליניע, ווי גאַנדהי האָט אָנגעצייכנט.

פֿרעג איך:

— וואָס פֿעלט דעם פּויער אין אַמעריקע, וואָס באַאַרבעט דאָס פֿעלד, און געוועב פֿאַר זײַנע קליידער מאַכט עמעצער אַנדערש?

— אָ, דאָס איז דאָך די פֿאַרשאָלטענע ציוויליזאַציע, אַנטקעגן וועלכער מיר פֿירן אונזער קאַמף! — איז געווען דער ענטפֿער.

און כאָטש גאַנדהיס אײַנפֿלוס איז גרויס אין פֿאָלק, פֿונדעסטוועגן אַלץ אָפֿטער און אָפֿטער טרעט מען אַנטקעגן אים אַרויס אין דער עפֿנטלעכקייט. די אָרגאַניזירטע פֿאַבריק־אַרבעטער און אויך פּויערים, וואָס באַאַרבעטן פֿרעמדע פֿעלדער, באַקלאָגן זיך, אַז זינט גאַנדהיס אידעען פֿון פּאַסיוון ווידערשטאַנד האָבן זיך פֿאַרשפּרייט אין פֿאָלק, איז זייער לאַגע פֿיל ערגער געוואָרן. עס איז אוממעגלעך אַרויסצורופֿן אַ שטרייק, וואו אַלע, וואָס ווערן אַזוי ביטער עקספּלואַטירט, זאָלן זיך אין שטרייק אָנשליסן. די ערד־אייגנטימער צאָלן איצטער נאָך ווייניקער פֿאַר דער אַרבעט אין פֿעלד, זינט גאַנדהי האָט באַאײַנפֿלוסט די מאַסן, אַז מען טאָר זיך ניט ווידערשטעלן אַנטקעגן דאָס בייז, ווײַל חלילה צוליב אַ שטרייק קען בלוט פֿאַרגאָסן ווערן.

די איבערקערעניש אין רוסלאַנד, די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין כינע האָט אין אינדיע געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג צווישן די אַרבעטער־מאַסן און צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט. עמעצער רופֿט צו דער יוגנט, וואָס האָט די אויגן איבערגעעפֿנט און זעט די ווירק־

לעכקייט. אַקטיווע כּוחות וואַכן אויף. אין דער טיפעניש פון אינדיע רירט זיך אַ נייע רעוואָלוציע:

מיר באַדאַרפן צוגרייטן אַ נייעם דור, וואָס זאָל זיין גרייט אַוועקצוגעבן זיין בלוט, ווען די צייט וועט קומען!

אָ, ווי דרייסט עס איז פאַר אינדיע דאָס צו זאָגן אויפן הויכן קול. און דאָס זאָגט מען איצטער אָפט. דאָס זאָגט מען איצטער מוטיק. ניט פון גאַנדהיס לאַגער קומט אַזאַ מין רוף. ער פּריידיקט נאָך אַלץ, אַז ראַטעווען וועט דאָס פאָלק די שבועה ניט צו טראָגן אויף זיך קיין בגד, וואָס קומט פון דער פרעמד. עס איז מעגלעך, אַז צענדליקער טויזנטער פאָלגן אים באַוואוסטזיניק און וועבן די גראָבע „קאָדר"־געוועב — איז דאָס אַלץ?

די קאָמוניסטן טרעטן אַרויס קעגן אים אין דער עפנטלעכקייט, אָבער מען איז העפלעך מיט די אויסדרוקן. מען באַשולדיקט אים, אַז ער דינט דעם קאַפּיטאַל נאָר אומבאַוואוסטזיניק; ער וויגט איין די פאָלקסמאַסן, וואָס גלויבן אין אים און ווערן זיך ניט, ווען מען עקספּלואַטירט זיי. גאַנדהי וויל ניט, אַז דאָס פאָלק זאָל צופיל פאַרדינען, אָבער עמעצער פאַרדינט וויפיל זיין האַרץ גלוסט מיט די דאָזיקע הענט, „וואָס ווילן ניט פאַרדינען צופיל".

גאַנדהי זאָגט, אַז נאָר מיט ליבע און מיט געדולד וועט מען איבערציינגן די אונטערדריקער און ווען עס האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן די מאַכמעדאַנער און די אינדוסן און אַ עטלעכע מענטשן זיינען געפאַלן פון ביידע צדדים — האָט גאַנדהי געפאַסט איין־און־צוואַנציק טעג און האָט תּפילה געטאָן. אַ גרויסער שטריך פון קריסטלעכן שטאַנדפּונקט. און עס איז אויך אָנגענעם איבער דעם זיך צו ווּיצלען. ווייל ניט מיט מוסר וועט מען ווירקן אויף די נערוון פון פאַרזשאַווערטן דראָט, וואָס קאַפּיטאַל האָט פאַרצויגן איבער גאָר דער וועלט און נאָך מער — אין די מזרח־לענדער. קינדיש צו פאַסטן תּעניתים, בעת ברוטאַליטעט לאָזט אַפילו ניט אַראָפּ די אויגן פאַר שאַנד. דער קאַפּיטאַל אין די מזרח־לענדער, וואָס וועט זיך באַנוצן אַפילו מיטן שווייס פון דריי־יאָריקע קינדער און פון שוואַנגערע פרויען, קייכט פאַר געלעכטער אין הויפנס, ווען צו זיינע אויערן דערטראָגט זיך גאַנדהיס רייד פון ליבע און גוטער באַנעמונג.

פון די קאָמוניסטישע רייען וויל מען אָפּשוואַכן זיין רעליגיעזן און מיסטישן אײַנפלוס. מען פאָדערט פון אים, ער זאָל ניט דערלויבן, מען זאָל אים רופן „מאַהאַטמאַ“ און מיט דעם האַלטן דעם נאָך מען פאַרהייליקט אין פאָלק; מען זאָל זיך ניט בוקן פאַר אים און ניט אָנרירן זיינע טריט און לייגן דעם שטויב צו די אויגן, ווי אַ צייכן פון פאַרהייליקונג.

גאַנדהי האָט זיך פאַרטיפט אין זיינע ד׳ אַמות. סוואַראַזשי, דערלייזונג, דערלייזונג פון ענגלישן יאָך — דאָס האַלט ער איצטער, איז נאָך צו פרי. ווייל עס איז גאָר קיין כוח ניטאָ צו די בייזע נעצן, אין וועלכע עס פלאָנטערט זיך דאָס פאָלק. דאָס פאָלק טרינקט סמעדיקע געטראַנקען. קליינע קינדער גיט מען אָפּיום, כדי זיי זאָלן איינשלאָפן, ווען די מאַמע לאָזט זיי איבער און גייט אַוועק אויף אַ גאַנצן טאָג צו דער אַרבעט. נאָר דאָ וועלן קיין תעניתים אויך ניט העלפן צו דערוועקן יושר ביי די, וואָס מאַכן געלט דורך דעם אָפּיום־פאַרקויף.

מיר איז שווער צו באַגרייפן, אויב גאַנדהי, ווען ער רעדט אַזויפיל אַנטקעגן דעם מערב־מענטשן און זאָגט: „אינדיעס הינטערשטעליקייט איז אינדיעס גרויסקייט“ — מיר איז שווער צו באַגרייפן, אויב ער זעט די סאָציאַלע וואונדן אין פאָלק דורך און דורך. און בשעת ער זאָגט, אַז ציוויליזאַציע איז ניט מיסטיש און איז אַנטירעליגיעז — בין איך דאָך דער, וואָס שרייבט די דאָזיקע ווערטער ניט אין אייראָפּע, אָדער אַמעריקע, נאָר אין זיין לאַנד, וואו אַזויפיל איז דער ווייגעשריי בשעת מען גייט אום צווישן די דערנידעריקטע פאָלקסמאַסן, וואָס נאָר הינדויזם און מיסטיציזם האָט זיי געפונדן ווי שאָף און ווער עס וויל קומט און שערט; ווער עס וויל קומט און שינדט.

איצטער שינדן פרעמדע בשותפות מיט אייגענע. וועט מען די פרעמדע פאַריאָגן, וועלן די אייגענע שערן און שינדן.

גאַנדהי פאַסט תעניתים און צערט זיין גוף. זיין גוטסקייט איז אָן אַ גרענעץ, זיין ליבע איז אַן אויפריכטיקע. נאָר זיין פאָלק האָט ער ניט דערלייזט.

---

# אין די הימאַלאַיער בערג

## 1

דער וואַנדער=וועג האָט מיך דערפֿירט צו די הימאַלאַיער בערג, וואו דער אייביקער ווינטער לעבט אַטקעגן מיינע זוניקע טעג; אַנט=קעגן די אומפֿריינדלעכע און ניט=דערגרייכטע הימאַלאַיער בערג. דער עווערעסט, גענויע דרייסיק טויזנט פֿוס הייך, איז פֿאַרשטעלט אָן אַ זייט. נאָר אַטקעגן מיינע פֿענצטער איז קינטשינדזשאַנגאַ, אַ=בער אַכט=און=צוואַנציק טויזנט פֿוס הייך, און בײַם זייט, זשאַנאָ, פֿינף=און=צוואַנציק טויזנט פֿוס הייך. קינטשינדזשאַנגאַ איז שווער, מאַסיוו, פֿון ביידע זייטן שורות נידעריקערע, באַווינטערטע פֿעלזן=שפּיצן. זשאַנאָ — ווי אַ שנייִקער אָדלער מיט צוויי פֿליגלען אויסגע=שפּרייט, ווי גרייט צו פֿליִען!

ווען אויפֿן הימל איז קיין וואָלקנדל ניטאָ און די בלויקייט לאָזט זיך אַראָפּ נידעריקער, יעמאָלט ווערן די בערג אי נאָענט, אי ווייט. כמעט, ווי דו דערגרייכסט זיי מיט דײַן השגה און אין דער אייגענער צייט, שטויסן זיי אָפּ פֿון זיך מיט זייער קאַלטקייט. גע=נוג קאַלט און שטרענג זײַנען די פֿעלזן=בערג פֿון מערב=קאַנאַדע, פֿונדעסטוועגן קענסטו זיך דערנענטערן צו זיי. און דאָ, זייער אָפּט דאַכט מיר, אַז די הימאַלאַיער בערג האָבן זיך געווענדט מיט דער קאַלטער פּלייצע צו מיר.

ווען אַ שטורעם טראָגט זיך פֿון זייערע קאַלטע שניי=פֿעלדער און וואָלקן צעפּליקן זיך איבער זייערע שפּיצן — דורכן וואָלקן=גאַנג הייבט זיך אָן צו באַוועגן די גאַנצע שורה. ווי דערהויבן זײַנען די הימאַלאַיער בערג אין באַגינען, ווען איין מאָל ליגט נאָך די נאַכט אײַנגעקנוילט און טוליעט זיך אונטער אַלבאַסטער=ווײַסע וואָלקן און די העכסטע שפּיצן האָבן זיך אַ צי געטאָן צו די

ערשטע שטראַלן פון דער זון! מיינסט צייטנווייז, אַז ניט אין דער טיף זיינען זייערע פונדאַמענטן, נאָר דער פרימאָרגן האָט זיי געבירגן. אינגאַנצן, צונטער אָנגעגליטע, צעשמאָלצענער גאָלד מיט דעם גלי, וואָס רויכערט נאָך און וואָס איצטער קילן זיי זיך אָפּ. פון אונטן הייבן אָן די פאַרשלאָפענע וואָלקן צו קריכן אַנטקעגן דער זון און פון אויבן אַראָפּ גיסט זיך די גליטיקייט איבער די אייביקע שנייען.

וויפיל באַגינענס זיינען די בערג אַרויסגעקומען אַנטקעגן דער זון מיט יונגן כּוח! זייער געזאַנג האָבן די באַגינען-ווינטן צעטראָגן אין רוים. דאָ באַווייזט די ערד איר גרויסאַמקייט און קאַפּריז: — „דאָ וויל איך ניט, זאָלסט מיך אַקערן. דאָ וויל איך ניט, זאָלסט דיין באַלעבאַטישקייט אויסלייגן. דאָ וועלן דיינע לונגען אומזיסט פּאָמפּען לופט. דאָ וועט דיין האַרץ ווערן אַ שפּילכל און דיינע פיס וועלן זיך אונטערברעכן“.

די בערג-מענטשן האָבן אמונה, אַז די געטער לעבן נאָך אין די הימאַלאַיער בערג און נאָר זיי, די געטער, ווייסן די אַלע פאַרבאָרגענישן און סודות פון די בערג. און ווי צום מענטשן, וואָס וויל זיך אַוועקלאָזן אין זייערע אַוואַנטורעס, אויפצודעקן יענע סודות! זיי גלייבן, אַז ניט גוט האָבן דעריבער אָפּגעשניטן די עקשנים, וואָס האָבן געוואָלט דערגרייכן צום שפּיץ פון העכסטן באַרג. עס ווייסן די טיבעטאַנער און די אַלע שבטים אַרום, ווי אַזוי די געטער האָבן באַשטראָפט פּאַראַיאָרן די „ווייסע עקשנים“ און ווי אַזוי די געטער האָבן אַרויסגעשיקט אַ שניי-שטורעם אַראָפּצוטראָגן אין אָפּגרונט יענע שאַלקהאַפטיקע ווייסע מענטשן, וואָס האָבן מיט די געטער געוואָלט קאָנקורירן און דערגרייכן דעם עווערעסט-שפּיץ.

אויף אַ הייך פון צען טויזנט פוס, וואו אין די קאָלאָראַדער בערג, אָדער קאָרדילערן איז כמעט נאַקעט, גרוי — דאָ איז געדיכט באַוואַלדערט. די אַלע גרינע טאָלן אויף אַזאַ הייך און די טראָפּישקייט, וואָס שפּילט זיך מיט וואָלקן אין די טאָלן און די קאַפּריזנע ווינטן פון אָנהייב פרילינג, האַלטן אָן די שטענדיקע באַוועגונג אין דער אַטמאָספערע. די וואַנדערנדיקע ווינטן, וואָס קומען אָן פון אַלערליי זייטן, טראָגן די אומרויִקייט אין דער געגנט

אַריין. וואָלקן ציען אונטן, פון מזרח קיין מערב; וואָלקן ציען אויבן, פון מערב צו מזרח. בערג־שפּיצן פאַרשווינדן און דערשיינען, לעשן זיך אויס און צינדן זיך אָן. מיטאַמאָל, דער גרין פון טאָל — ווי אַ גרינער ים דעקט זיך אויף און עס דאַכט זיך, דער טאָל הייבט זיך אויף און די בערג נידערן אַראָפּ טיפער, טיפער; אָט באַלד וועלן זיי זיך איבערדעקן מיט דער אייביקער גרינקייט.

קומען אָן די אָוונטן, ווען די נאַכט הייבט אָן אַראָפּצוציען די וואָלקן צום טאָל, יעמאָלט רייסן זיך העכער ווי שטענדיק פון דער טיפעניש די שורה הימאַלאַיען. דורך טאָג האָבן זיי אינגאַנצן דיך באַצוואונגען און איצטער קומט די דערוויטערונג. אין שפּיל פון ליכט און שאָטן הייבט זיך אָן זייער וואַנדערונג אונטערן הימל. אויף דאָס ניי קערט זיך איבער די ערד. אויף דאָס ניי בייט זי אירע פאָרמען: מיינסט אַ נייע וועלט קומט אויף און פאָרמירט זיך. גרין און פורפור איז דער מערב. בלוי דער מזרח, ראָזיק דער שני. די זון האָט זיך ערגעץ אינגאַנצן צעשמאָלצן אַהינטערן האָריזאָנט און איבערגעבליבענע ליכט האָבן די העכסטע בערג־שפּיצן פאַר זיך גענומען; באָדן זיך צום לעצטן מאָל אין צעשמאָלצענער זוניקייט; קליידן זיך צום לעצטן מאָל אָן אין בין־השמשות. די שפּיצן־בערג אַנטלויפן מיט דעם ליכטיקן אוצר פון דער טיף, אָט וועלן זיי דורכשטעכן דעם בלויען הימל. אָט וועלן זיי זיך צעשמעלצן אינאיינעם מיט די שנייען אין פאַרנאַכטיקן גלוט און שטראָמען אין פאַרטראָגן דעם גאַנצן טאָל!

צו יענער צייט הייבן זיך אויף טויזנטער אָדלער פון דער נידער און צירקלען אַלץ העכער און העכער און אײַלן זיך צום לעצטן מאָל זייערע פליגלען צינדן אין פאַרנאַכטיקן גלי. פליגלען באַוועגן זיך ניט; זיי צירקלען און דערהייבן זיך אַלץ העכער. איך זייער באַוועגונג צערייצט דעם בין־השמשות אין קלעמט דאָס געמיט. עמעצער שרייט פון טאָל אַרויס צו די שפּיצן־בערג: „האַלט דאָס ליכט, לאָזט ניט אָפּ די זוניקייט, ביז מיר וועלן זיך דערהייבן צו אַייערע שפּיצן, אין דער פאַרנאַכטיקער לויטערקייט די קעפּ באָדן!" אָבער די נאַכט קלעטערט אויך אַלץ העכער. קלעטערט שנעל, ווי נאָר אין די טראָפּישע לענדער, און ווישט אָפּ דעם פאַר־

נאַכט. קינטשינדזשאַנגאַ, אַנטקעגן מיינע פענסטער, איז דער לעצטער, וואָס לאָזט זיך פון דער נאַכט פאַרגוואַלטיקן.

די נעכט זיינען טיפע און וואַכע.

2

אין אַזאַ נאַכט בין איך אַוועק מיט דריי טיבעטיאַנער, טיפער און העכער אין די בערג אַריין, נענטער צום עווערעסט, באַגעגענען דעם זונאויפגאַנג. האַלבע נאַכט אַרויס אין דרויסן און אָנגעהויבן צו קלעטערן העכער, העכער. דער סקריפּ פון שניי און די פראָסטיקייט האָט באַגעגנט. דער געיאָמער פון שאַקאַלן און געלעכטער פון היענעס האָבן זיך אויפן שניי־סקריפּ אָפּגערופן. גוט איז אַמאָל צו פילן דאָס אייגענע האַרץ, ווען עס האַמערט אין דער עכאָ קלינגט אָפּ אין די אויערן, ווען אויף אַ הייך פון צען טויזנט פוס קומט עס צוהילף מיט פאַרבאָרגענע כוחות און ביז ווייטאָג קלאַפּט עס אין די ווענט פון ברוסט.

— וואָס זעסטו אין דער נאַכט? — פרעג איך מיין באַגלייטער.

— איך זע די געטער פון די בערג, ווי זיי גייען אום אין טאָל, ענטפערט איינער, זיי זיינען ברוגז פאַר אונזערע טריט, וואָס קלאַפּן אַזוי און שטערן זייער רו.

די לבנה האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אַהינטער אַ וואָלקן און מיטאַמאָל אָפּגעדעקט די שורה פאַרשנייטע בערג ביים האָריזאָנט, וואָס מיט אַ עטלעכע שעה צוריק האָבן זיי זיך געטיילט מיט דעם פורפורנעם פאַרנאַכט. אַזוי ווייט זיינען זיי איצטער געווען. אַ שאַקאַל האָט זיך צעיאָמערט ערגעץ פון אַהינטער אַ שטיין און דער ווידערקול האָט געענטפערט פון אַלע זייטן. קומט אָן אַ פייכטער ווינט און מיט איין פליגל טוט ער אַ פאַטש אין פנים און טראָגט דורך זיין צווייטן פליגל דורך די ביימער, וואָס ענטפערן מיט אַ טרוקענעם גערויש. סקריפּ־סקריפּ, סקריפּעט דער שניי אונטער די פיס און ביים זייט — מיינע פרעמדע באַגלייטער מיט די צעפּלעך זייערע וואָס באַמבלען זיך אויפן פלייצע.

— זעסט, די בערג, ווי ווייט און קאַלט, — ברוגזט זיך אייגער, — דיינע מענטשן ווילן נאָר אויף זיי אַרויפקלעטערן. אַלין וועלן זיי קענען, נאָר ניט אויפן עווערעסט, דעם שטאָלצן. דאָרט וואַרט אויף זיי אונזער גאָט, און מיט אַ שטורעם ביים זייט וואַרט ער. אַז זאָלן זיי נאָר ווידער קומען, — ווי ער קערט אַראָפּ בלעטער פון האַרבסטיקן בוים, אַזוי וועט ער זיי ווידער אַראָפּקערן. כאַ—כאַ—כאַ!

די נאַכט איז אַ לעבעדיקע, אַ צאַפּלדיקע און הערט זיך איין צו די קאַלטע רייד פון מיין באַגלייטער. ער צעלאַכט זיך אין דער נאַכט אַריין און עס ענטפערן אים אָפּ די צוויי חברים זיינע. וואָס פירן דעם ווייסן מענטשן איצטער צו באַגעגענען דעם באַגינען. דאַכט מיר, אַז די נאַכט האָט זיך אויך צעלאַכט.

און איך האָב גאָרניט געוואוסט, אַז די דאָזיקע קאַלטע מענטשן, מיינע באַגלייטער, קענען זינגען יענעם ניגון, וואָס האָט ניט קיין אָנהייב און האָט ניט קיין סוף, וואָס הייבט זיך אָן, ווי אַ מיטן, אַן אַרויסגעכאַפּטער פון אַ פאַרנאַכט אַרויס אין אַ בערגיקער געגנט; אָדער פון יענע מדבריות, וואו שטענדיק וויכערט זיך דער זאַמד און בלאָנדזשעט אין זיילן ביז צו די וואָלקן. ניגונים, וואָס האָבן אַמאָל די גאַנצע ערד אַרומגעגאַרטלט, זיינען ניט ליכטיק, ניט פינסטער — זיינען בין=השמשותדיק, אַמאָל באַגינענדיק, אַמאָל פאַרנאַכטיק. אין איצטיקער קאַלטער און וואַכער נאַכט איז דער ניגון, פונקט ווי די אָרעמס פון אָקטאָפּוס, וואָס ציען זיך און זויגן זיך איין מיט די קרומע נעדעלעך און וועלן אַזוי גרינג ניט אָפּלאָזן.

עס פאַלט אַ שטערן אין מערב=זייט און לאָזט נאָך זיך אַ בלאַסן פּאַס. דער מזרח הייבט אָן צו בלייכן. אַ ציטעריקע בלייכקייט. דער ווינט ווערט שטאַרקער, זאָגט אָן, אַז ער קומט פון די אייביקע שנייען. די נאַכט ווערט אומרויִקער, ווען פון מזרח רייסט זיך אַריין אין איר דער בלאַסער ציטער. צעגליט זיך דער מאָרגנשטערן, ווען איך דערנענטער זיך צום העכסטן פונקט, פונוואַנען עס דערשיינט דער גאַנצער האָריזאָנט אויסגעבויגן. מזרח און מערב קוקן זיך אַריבער איבער דער בערגיקער קייט.

שלאָפן אין טאָל אַזויפיל וואָלקן מיט אַ וואַכן שלאָף. זעעסט, זיי רירן זיך, קערן זיך, רוקן זיך איבער. דאָס האַרץ האַמערט ניט מער אַזוי הויך. דער מזרח פּאַטשט מיט ליכטיקע פליגל פון דער טיף און טרייבט אָפּ אָן אַ זייט די נאַכט. לייכטער פּורפּור מיט אַ העלן גרין צעררייסן דעם וואָלקן, וואָס ליגט אין דער טיף אין מזרח־זייט. צווישן צפון־מערב וואַכן אויף די הימאַלאַיער בערג. האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי פון שלאָף אויפגעוואַכט. אַ צי געטאָן זיך העכער און אַריבערגעקוקט צום מזרח־טאָל. דער הימל פאַרנעמט די שטערן איינס נאָכן אַנדערן און באַהאַלט זיי אין זיין טיף. צווישן מזרח און מערב באַוועגט זיך די גרינקייט פון טאָל ווי אַ טיפער ים, און די ווייסע וואָלקן — אַ פאַרגליווערטער אוראַגאַן אויפן ים.

די ערשטע שטראַלן פון דער זון שטעכן זיך אַרויס העכער פון מזרח־זייט און דערלאַנגען ווייטער, העכער. אַ וואָלקנדל האָט זיך אָנגעצונדן אַריבער די בערג: ער האָט דער ערשטער אויפגעכאַפּט דעם פרימאָרגן און נאָך אים האָבן זיך די העכסטע שפּיצן אָנגעצונדן. — פון דער טיפעניש, אין מזרח־זייט, איז אויפגעקומען די זון ווי אַ טיף־רויטער, אָנגעגליטער דיסק, ווי אויפן וועג צו אויסלעשן זיך, אַרומגערינגלט מיט בלוילעכע טומאַנען, און די גאַנצע בערגיקע וועלט האָט זיך אַ הוידע געטאָן. מיט דאָרשטיקייט, מיט קאַלטן הונגער האָבן די הימאַלאַיען געריסן צו זיך דעם באַגינען. דער ערשטער האָט זיך דער עווערעסט אָנגעצונדן.

מיינע באַגלייטער האָבן אָנגעהויבן צו זינגען אויף אַ מאווימדיקן באַס, מיט אַזאַ אימפּעט און ווילדן טעמפּאָ און איך האָב דערשפּירט די קעלט, וואָס האָט מיך דורכגעדרונגען. און ווען זייערע ברוין־גרויע פיגורן האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד צו בוקן — האָט די זון געקלאַפּט אויף זייערע פּלייצעס. זיי האָבן געוויס געשפּירט דעם גאַנג פון זייערע געטער איבער די פּלייצעס. דערנאָך האָבן זיי אָנגעצונדן שמעקעדיקע גראָז און די לופט איז פול געוואָרן מיט דעם ווייראוך. האָבן אויף אַ שטריק אָנגעצויגן פּאַפּירלעך, מיט אָנגעשריבענע תפילות, און די תפילות אַוועקגעלאָזן מיטן ווינט אַנטקעגן דער זון. און איך האָב געקוקט צום נייעם פרימאָרגן, וואָס

באַגעגנט זיך דאָ מיט די אומפּריינדלעכע, ניט־דערגרייכטע בעט. איצטער זיינען זיי געווען נאָך ווייטער, נאָך העכער.

די זון האָט אָנגעהויבן פונאַנדערצוטרייבן די וואָלקן פון די טאָלן, וואָס האָבן הינטער זיך נאָך געטוליעט די נאַכט און אינ־איינעם מיט די אָנגעצונדענע וואָלקן איז אַרויפגעקומען דאָס אייביקע פרימאָרגן־געזאַנג, דאָס געזאַנג, וואָס איז אָן אַ אָנהייב און אָן אַ סוף...

---

# ביים שוועל פֿון טיבעט

1

די העכסטע שורה פֿעלזן־בערג אויף דער ערד, די הימאַלײַען, טיילט אָפּ אינדיע פֿון טיבעט. פֿאַר דער ווייטער וועלט איז נאָך טיבעט אַ מיסטעריע, ווי יאַפּאַן אָדער כינע זײַנען געווען ביז נאָך גאָרניט לאַנג. טיבעט איז אַ פֿאַרבאָטן לאַנד, וואו בודאַיזם אין אַ פֿאַרקריפּלטער פֿאָרמע הערשט איבערן פֿאָלק; וואו דער ד אַ ל י ל אַ מ אַ, דער כּהן־גדול, איז פֿאַר די טיבעטיאַנער דאָס, וואָס דער פּויפּסט איז פֿאַר די קאַטאָליקן.

נאָר די הויכע בערג זײַנען ניט קיין גענוגנדיקער באַריער. כאָטש איצטער, מיט ענגלאַנדס הילף, איז טיבעט נאָך אַלץ אָפּגעשלאָסן פֿאַר דעם אייראָפּעער, אָבער טיבעט אַליין שטראָמט אַריבער די בערג, שטופּט זיך צו דרום־זײַט. אויף אַ הייך פֿון פֿופֿצן ביז צוואַנציק טויזנט פֿוס געפֿינען זיך די דורכגאַנגען אין די בערג; דורכגאַנגען, וואָס דינען פֿאַר דעם דרומדיקן שלײַך צווישן שבֿטים.

אַז מען לעבט אין ס י ק י ם, אויף דער דרומדיקער זײַט בערג, אָטעמט מען מיט טיבעטער אַטמאָספֿערע. בײַ די טיבעטיאַנער פֿעלט דאָס אָדלערשע, וואָס מען באַגעגנט בײַ אַנדערע קינדער פֿון די בערג. דאָ זײַנען זיי שווער, רוי געפֿורעמט און גיכער ענלעך אויפֿן בופֿלאָקס, אָדער טיבעטיאַנער יאַק.

דער מאָנגאָלישער טיפּ, מיט די ברייטע געזיכט־שטריכן — אין דעם רויען קלימאַט אויף אַ הייך פֿון אַ צען, צוועלף טויזנט פֿוס — מאַכט עס בײַ אים אויסזען דאָס פּנים, ווי אַ מאַסקע, אָפּ־געגאָסן פֿון ביליקן בראָנז, גרין־פֿאַרזשאַווערט. מאַן, און אַזוי פֿרוי, בײדע פֿיזיש שטאַרק. און דאַכט מיר, אַז די פֿרוי איז מער גיבור פֿון מאַן אין די הימאַלײַער בערג. די ס י ק י מ ע ר, די פּ ו ט ה אַ נ ע ר,

די גורקאַס און אַ טייל פון די נעפּאַלער — אין האַרץ פון די הימאַלאַיער בערג, זיינען זיי פאַרהאַרטעוועט געוואָרן. אין די חי־טערדיקע פרעסט, ווען שניי באַדעקט די ערד, זעט מען אַ סך פון זיי, אַלט און יונג, שפּרינגדיק באָרוועס. די באָרוועסע פיס, וואָס זיינען אויסגעפּרוווט צו די רויע וועגן, צו די שפּיציקע שאַרפע שטיינער, זיינען ווי פון טשוגון געגאָסן. און אַזוי די שווערע, ניט געוואַשענע הענט. דער טיבעטאַנער האָט איבערגענומען פון כינע בירושה דעם צאָפּ און כאָטש אין כינע איז שוין באַלד אינגאַנצן אויסגעקומען דער צאָפּ אונטער דעם דרוק פון דער נייער צייט — ביי די טיבעטאַנער באַמבלט זיך נאָך דער בלאָטיקער צאָפּ אויפן פּלייצע.

די קאַלטע לופט האָט זיי אויסגעלערנט ניט צו וואַשן זיך און שווער צו געפינען צווישן מענטשן אַזאַ בלאָטיקייט אויף די טיילן לייב, וואָס זיינען אָפּגעדעקט. עס שיילן זיך די סלויען פעטע בלאָטע פון פּנים אַראָפּ. צוליב אַ סגולה וועגן, שמירן זיך אַנדערע פרויען דאָס פּנים מיט חזיר־בלוט. אַזוינע פאַרשוינען דרייען זיך אַרום און מאַכן זיס דאָס לעבן. פונדעסטוועגן האָט זיך צירונג צוגעקלעפּט צו דער פרוי. גענוג לויטערע און פרישע קאָלירן אין די קליידער, אָדער שמאַטעס, וואָס וויקלען איין דעם קערפּער.

די פרוי אין די הימאַלאַיען וואַרפט פשוט אָן אַ פּחד מיט איר גבורה און מיט די משאות, וואָס זי טראָגט אויף זיך. ווי אין די גאָר אַלטע צייטן, אַזוי נאָך איצטער, ציען זיך די שטעגן, וואָס גאַרטלען אַרום יעדן באַרג און בערגל. און ניט אויף קיין וואָגן קען מען טראַנספּאָרטירן משאות. אויף דעם רוקן פון פערד הענגט מען אָן די משא, צעטיילט אויף ביידע זייטן. אָדער אויפן פּלייצע פון מענטשן. מענטש טראָגט מער משא פון פערד. און די פרוי — מער פון מאַן. דער אופן, ווי מען טראָגט די לאַסט, איז אייגנאַרטיק:

די משא לאָדט מען אויפן פּלייצע, צוזאַמענסטן אין אַ טיפן, געדיכט־געפלאָכטענעם קויש, שמעלער אונטן ווי אויבן. פון קויש ציט זיך אַ ברייטער רימען, אָדער אַ געפלאָכטענער פאַס און אַריבערגעהאַנגען איבער שטערן. פאַקטיש הענגט די גאַנצע משא אויפן קאָפּ, געלענט אויפן נאַקן. אַזוי שלעפּן ווייבער שווערע שטיינער

פאַר מיילן צום אָרט, וואו מען מויערט אַ בנין, אָדער צום אָרט, וואו מען פאַרריכט וועגן. אַזוי וואַנדערט מען איבער פון געגנט צו געגנט מיטן גאַנצן פאַרמעגן אָנגעהאַנגען איבערן קאָפּ. אַ משא, וואָס איז שווער פאַר דעם שטאַרקסטן מאַן, טראָגן עס פרויען זינגענדיק. קליינע מיידלעך פון צען יאָר אַלט טראָגן שוין שווערע משאות אויף דעם אייגענעם אופן.

כאָטש בכלל זיינען די בערג-מענטשן פריינדלעך, פונדעסטוועגן וואַרפן זיי אָן אַ אומהיימלעכקייט מיט דער ווילדקייט אין אויסזען און מיט דעם אופן פון לעבן. יעדער איינער גייט אום מיטן „קוקערי-מעסער“ אין רימען. עס איז ניט קיין איינפאַכער מעסער, נאָר כמעט אַ קורצע, קרומע שווערד פון בעסטן שטאָל. מיט דעם מעסער טוט ער אַלץ: האַקט האָלץ און פאַרטיידיקט זיך אין אַ געשלעג, ווען עס איז נייטיק. די אָרעמקייט איז אַ גרוי-ערדיקע. מיט די בערגיקע שטעגן זעסטו אָפטמאָל גאַנצע פאַמיליעס, איבערציענדיק פון פּלאַץ צו פּלאַץ און אַ קלאַסישע שמאַטעדיקייט וויקלט איין די וואַנדערער. אַזאַ ליידיקייט ביי מענטשן איז צו זוכן. מען לויזט זיך גייענדיק און שטייענדיק. אַבי די זון טוט אַ שיין, דערלויבט מען זיך דעם פאַרגעניגן פאַר דער גאָרער וועלט.

אָבערגלויבן איז אין פאָלק שטאַרק, ווי נאָר אין אַזוינע ווילדע בערג, און ווי נאָר צווישן שבטים, וואָס לאָזן זיך פאַרפירן פון פאַנאַטיזם. רוחות, שדים איינער איבערן אַנדערן. פון אויף יענער זייט בערג, פון טיבעט, קומט דער לאַמאַיזם, דער פאַרדאָרבענער בודאַיזם. פון די טאָלן קומט הינדויזם און מען דינט אַלע געטער אינאיינעם. בערגלעך, וואו אין שכניש שטייט אַ לאַמא-מזבח און אַ אינדישער טעמפּל. דער גאַנצער לאַמאַיזם דאָ באַשטייט פון דרייען אויף אַ שטעקעלע דעם זילבערנעם, מעשענעם, אָדער הילצערנעם צילינדערל, איינוויניק מיט אַ תפילה אויף אַ מגילה, זאָגנדיק כסדר איינע און די זעלבע פראַזע:

„אָם מאַני פאַדמע, הום“ („זאָל זיין געגריסט די צירונג פון לאָטאָס-בלום“), מיינענדיק אַ טיבעטאַנער גאָט, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַ אָפענער לאָטאָס-בלום.

דרייען זיך אַרום לאַמאָס, האַלבע ווילדאַקעס, כּהנים צום גרויסן בּודאַ, אין זייערע בּלאַטיק-רויטע סוּטאַנעס, אַ לאַטע אויף אַ לאַטע. און ווי אין טיבּעט, אַזוי אויך דאָ, זיינען זיי די פּאַראַזיטן אויפן פֿאָלקס-אָרגאַניזם. מען קען זיך ניט פֿאָרשטעלן קיין גרעסערע און טיפֿערע פּיזישע שמוץ ווי די, וואָס ליגט אויף אַ טיבּעטיאַנער לאַמאַ. אויף אים זאָגט מען, אַז ער וואַשט זיך קיינמאָל ניט. אַזוי גייט ער אום און דרייט מיט זיין צילינדער אויפן שטעקל און חזרט די פֿראַזע: „אָם מאָני פּאַדמע, הום“. די בּעטלער-לאַמאַס נעמען ניט אַבּי וואָס מען גיט. אויף די מערק לאָזן זיי ניט דורך קיין איין מאַרק-ייִצערקע און בּיי יעדערער רייסט מען עפּעס אויס. מען דינגט זיך און מען קריגט וואָס עס געפֿעלט. דאָס פֿאָלק גלויבּט, אַז אַ לאַמאַ טאָר מען ניט אָפּזאָגן, אויבּ ער פֿאָדערט עפּעס. אַז ניט, דערגייען ניט די תּפילות וואוהין מען שיקט זיי. דער לאַמאַ קען זיך שטעלן אין וועג און ניט דערלאָזן, אַז די תּפילות זאָלן דערגיין צו זייער ציל.

און די תּפילות שיקט מען אויף אַ גאַנץ אָריגינעלן אופֿן: מען שרייבּט זיי אָן אויף פּאַסן פּאַפּיר, אָדער לייוונט, און מען הענגט זיי אויף אַ הויכן בּאַמבּוק-שטעקן, און אַזוי פֿלאַטערט זיך די שמאַטע אָדער פּאַפּיר אין לופֿט און דער ווינט טראָגט שוין אַוועק די תּפילה וואוהין מען בּאַדאַרף. אַרום אַ לאַמאַ-מזבּח שטייען צענדליקער בּאַמבּוק-פֿלעקענער און אויף זיי די לייוונטענע פּאַסן מיט די תּפילות.

צו די לאַמאַ-מזבּחות, אָדער טעמפּלען, קומט דאָס פֿאָלק און בּרענגט געלע בּלומען-מתּנות. דער בּלאָטיקער לאַמאַ בּענטשט און בּאַשמירט די מתפּללים מיט ווערמיליאָן דעם שטערן. דערנאָך הייבּט ער אָן אויסצולייזן די קעשענעס בּיי די עולה-רגלניקעס. קומען ווייבּער מיט דער פֿולער צעשראָקנקייט אין פּנים, גייען אַרום זיבּן מאָל אַרום מזבּח און קניען פֿאַר׳ן בּלאָטיקן לאַמאַ. דערנאָך הייבּט זיך אָן די פּראָצעדור פֿון אַרויסציען געלט. קיין קופּערלעך נעמט ער ניט. — „גיבּ נאָך, גיבּ נאָך!“ און די פֿרוי ציטער׳ט און גיט.

פֿאַרדאָן יונגע לאַמאַס, צען יאָריקע ייִנגלעך מיט פּנימער פֿון דערפֿאַרענע שווינדלער, פֿאַרוועון די עבֿודה ווי גרויסע — און אַלטע לייט, מענער און פֿרויען פֿאַלגן זיך. ער ליידיקט אויס די קעשענעס

ביים עולם נאָך פֿלינקער ווי די אַלטע לאַמאַס. די צענדליקער באַמבוק־פּלעקענער בײַט די פלאַטערדיקע תפילות כאַפּן אַרום דעם פּרימי־טיוון אינסטינקט. דאָס פּנים ביים פּרימיטיוון עולם פלאַמט, ווען מען קריגט פון לאַמאַ אַ שמיר מיט דעם רויטן פלעק איבערן שטערן, און „באַגליקט" לאָזן זיך די באָרוועסע טריט באַרג־אַראָפּ פון טעמפּל אַראָפּ.

2

די ביזן הימל אויפגעטורעמטע געגנט אין די הימאַלאַיער בערג, וואָס האָט געשמידט און פאַרהאַרטעוועט דעם כאַראַקטער פון די בערג־אײַנוואוינער, האָט פונדעסטוועגן איבערגעלאָזט אין זייער וועזן די נאַטירלעכע נייגונגען צו שפּיל און טאַנץ. אינעווייניק ברויזט די ענערגיע, ווי בײַ יעדן פּרימיטיוון מענטשן. ניטאָ דער טאָג, וואָס מיט די קרומע שטעגן זאָלן ניט דורכציען יום־טובדיקע פּראָ־צעסיעס, פאָלקסטימלעכע, באַגלייט מיט אַזאַ ווילדער, גוינטיקער מו־זיק. פּויקן און פּיקלעך, צימבלען און גלעקעלעך, אינדערהייך פון אַכט, צען טויזנט פוס, צעשאַלט זיך עס און שלאָגט זיך אָפּ מיט ווידערקולות. טענצער טאַנצן אויף דעם היען וועג: ניט קיין קליי־ניקייט, מען טראָגט בלומען אַ מתנה צו אַ טעמפּל, אָדער מען טראָגט אַ לאַנגן באַמבוק־פלאָקן מיט די תפילה־פאָנען.

טרעפט, מען טראָגט אין אַ „האַמאַק" דעם חתן צו דער כלה, ווען ער ציט צו פאַרנעמען דער כלה צו זיך אַהיים. אָדער אויפן וועג צוריק, ווען די כלה ווערט שוין געטראָגן און דער חתן פּגט נאָך פון הינטן אויף אַ שקאַפּע, אַרומגערינגלט מיט רייטנדיקע באַ־גלייטער. עס איז די פולע מאָס פרייד‏יקייט, וואָס שוימט צווישן עולם. דעם ניגון איז כמעט שווער אַרויסצובאַקומען פון די מוזיקער, נאָר די פּויקן ברענגען אַריין אַ טאַקט און די טענצער מאַכן עס פולער מיטן ריטמישן טאַנץ.

באַווייזט זיך אַ סך קאָליר אין דער קליידונג. די טיבעטיאַנער, אין טונקעלע סוועטערס מיט לאַנגע אַרבל, וואָס קומען אַרויס פון אונטערשטן בגד: — רויט, געל, גרין. די לאַנגע אַרבל זיינען פאַרקאַשערט. דאָס האָט אַ טראַדיציע הינטער זיך:

„עס האָבן אַמאָל צוויי פיינטלעכע שבטים געפירט צווישן זיך מלחמה. שפּעטער, ווען עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו זוכן אַ שלום, האָבן ביידע צדדים אַרויסגעשיקט פרידנס־שלוחים. לאָזט זיך אויס, אַז איינער פון די שלוחים האָט אין לאַנגן אַרבל געטראָגן אַ שפּיז און האָט דערהרגעט דעם שליח פון שונאס לאַגער. עס איז געווען אַ מאָראַלישער פאַרברעכן. און מען האָט איינגעפירט, אַז די לאַנגע אַרבל, וואָס דערגרייכן אַמאָל אַ אייל לענגער פון האַנט, זאָלן זיין פאַרקאַשערט, כדי די האַנט זאָל זיך אַרויסזען".

די ווייבער הענגען אָן אויפן האַלז ברייטע, פירעקיקע קמעות פון גאָלד, אויסגעזעצט מיט טורקיזן. די נעפּאַלער פרויען טראָגן אוירינגען, זיינען עס גאַנצע דיסקן גאָלדענע, וואָס פאַרדעקן די אויערן. נאָזרינגען, ביי דער זייט אַ דיסק, ווי אַ גרויסע מטבע. די שווערע זילבערנע רינגען אויף די פיס איז איבערגענומען בירושה פון אינדיע. די מענער טראָגן אין רעכטן אויער אַ גרויסן אוירינג מיט אַ שווערן טורקיז. און בשעת עס ברויזט אויף, ווי אַ שטראָם, די ענערגיע, דורך מוזיק און קליידער־פאַרביקייט, אַז עס באַוועגט זיך צווישן די בערג אַ יום־טובדיקע פּראָצעסיע — טראָגט זיך אַוועק דער געדאַנק אין אַ וואַלד פון ווייטע דורות.

אַ חידוש, ווי קומט אַזאַ וואַרעמקייט אין מענטשנס כאַראַקטער אין דער דאָזיקער בערגיקער וועלט. מען מוז אָבער לעבן אין די הימאַלאַיען און פאַרטראָגן ווערן מיט דער זוניקייט פון די לויטערע טעג, ווען די בערג ווערן אַליין יינגער און באַוועגלעכער. מען באַדאַרף דאָ אַריינלעבן אין פרילינג אַריין, ווען אויף דעם פּאָן פון די פאַרשנייטע בערג הייבן אָן צו בליען טראָפּישע ביימער, פייגל קומען פון וואַרעמען טאָל און מאַכן פול די לופט מיט זייער קאָליר און געזאַנג — יעמאָלט איז באַגרייפלעך, פאַרוואָס די אָנגעכמורעטע בערג־מענטשן ווערן מיטאַמאָל גרינג אויף די פיס און לאָזן זיך אַוועק אין אַ הפקר־טאַנץ, רייסן זיך אויפן האַלז און פילן אָן די לופט מיט ווילדע מעלאָדיעס. די פרויען מיט די שווערע משאות אויפן פּלייצע, אַפילו די צעניאָריקע קינדער מיט די קוישן שטיינער אויפן פּלייצע, גייען זינגענדיק זייער וועג.

אײך אַהער האָט ענגלאַנדס לאַנגע האַנט דערגרייכט. עפּעס זוכט זי דאָ, די דאָזיקע האַנט; עפּעס טאַפּט זי, עפּעס שאַרט זי אַרום צו זיך. מיסיאָנערן פון אַלע קריסטלעכע וועלטן זיצן דאָ און זשאַווערן אין די בערג און שטאָפּן אין די בערג־מענטשן אַריין קריסטנטום, לערנען זיי די אויסגעווייקטע קריסטלעכע ניגונים. קאַטאָליציזם לערנט די בערג־מענטשן ווי צו קומען און מתוודה זיין אויף זינד. און דער באַרג־מענטש פאַרשטייט ניט, אויף וואָס ער האָט זיך צו מתוודה זיין. וואָס פאַר אַ זינד? ניטאָ קיין שטאַרקער באַגריף פון זינד. קיין מענטשן ניט געהרגעט — איז קיין זינד ניטאָ. צוליב־וואָס זיך מתוודה זיין?

די ציוויליזאַציע ווערט דאָ געשטריכלט, ווי אומעטום ביים פּרימיטיוון מענטשן. די קאַלטע הימאַלאַיער שליידערן זי אָפּ פון זיך. די מאָנגאָלישע שבטים זיינען מער צו דער שורה בע״ג געווענדט.

ווען עס קומט אָן די נאַכט און שלינגט איין די גאַנצע געגנט מיט אירע איינוואוינער, ווען דורך דער לופט שניידט דער געיאָמער פון שאַקאַלן, אָדער סאָוועס קרעכצן — יעמאָלט דאַכט זיך מיר זייער אָפּט אויס, אַז איך בין נאָך אין אַ וועלט, וואָס האַלט זיך אין פאָרמירן, לעב איך אַליין איבער דעם געפיל פון פּרימיטיוון מענטשן.

---

# בלעטער פון מיין טאָגבוך

דאַרזשילינג, 28 יאַנואַר.

שוין אַ חודש, אַז איך לעב אין די הימאַלאַיער בערג. זייער אָנבליק האָט מיך צוגעשמידט צו דער דאָזיקער הייך, וואו צייטנווייז פעלט אויס אָטעם. די מענטשן, וואָס דאָ איז זייער געבוירט=פּלאַץ און וואָס פאַרן טאָל האָבן זיי מורא — אין זיי איז פאַרקערפּערט די פאַרהאַרטעוועטע גבורה פון די בערג. אַליין ווייסן זיי עס ניט, ווי זייער פּנים האָט אָנגענומען דעם קאָליר פון די בערג=ריפּן, וואָס האָבן פון זיך דעם שניי אַראָפּגעטרייסלט.

דער צענטראַלער באַרג אַנטקעגן מיינע פענסטער איז קינטשינדזשאַנגאַ, איבער אַכט=און=צוואַנציק טויזנט פוס הייך. ביז ניט לאַנג האָט מען אים גערעכנט פאַר דעם העכסטן באַרג. עווערעסט שטייגט אים איבער מיט אַ טויזנט פוס. דערפאַר איז קינטשינדזשאַנגאַ פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט אַ שורה בערג, רעכטס און לינקס. צו מערב=זייט אָטעמט אַרויס קאָברו, פיר=און=צוואַנציק טויזנט פוס הייך. אַ ביסל טיפער שפּרייט זיינע פליגל אויס זשאַנאָ, פינף=און=צוואַנציק טויזנט פוס הייך. צו מזרח=זייט איז ער געשלאָסן מיט פּאַנדים, צוויי=און=צוואַנציק טויזנט פוס, און סיניאָלטשו, צוויי=און=צוואַנציק טויזנט פוס הייך.

היינט בין איך אַרויסגעגאַנגען אין אַ פראָסטיקן פרימאָרגן און זיך געצויגן צו די זון=פלעקן ביים זייט וועג, וואו עס איז וואַרעמער געווען. הויך אין די בערג, דאַכט זיך, אַז דאָס לייב איז ווי אַ זיפּ שיטער געוואָרן און די לופט זיפּט זיך דורך.

דאַרזשילינג איז אַ קליין שטעטל, וואָס לעבט אָפּ נאָר אין פרילינג און אין די ערשטע זומער=חדשים. דאָ איז אויך די זומער=רעזידענץ פון בענגאַלער גענעראַל=גובערנאַטאָר. ווינטער איז דאָ שטיל.

זוניק און קאַלט. מיין גאַס ציט זיך ביים זייט פון אַ באַרג=אַרויף
און יעדן אינדערפרי טרעף איך שוין די יונגע צוועלפיאָריקע מיסט=
קערער, אינדוסן, פּאַריאַס. אויך אַהער דערגרייכן זיי. עס סטייעט
פּאַריאַס, אַפילו פאַר די הימאַלאַיער בערג, וואו נאָר מענטשן מיס=
טיקן. וואָס פאַר אַ אויגן ביי זיי, און ווי פיין און איידל זייערע
געזיכט=שטריכן! שלאַנק=געבויטע קינדער. עס מאַכט דעם אַיינדרוק,
אַז צייטווייליק האָט מען זיי אָנגעטאָן אין דער אוניפאָרם פון מיסט=
קערער און רינשטאָק=רייניקער. איך באַגריס זיי, און זיי זיינען ניט
געוווינט דרייסט צו ענטפערן. בלייבן נאָר שטיין מיט די בעזימער אין
האַנט. פריער קוקן זיי זיך ביידע דורך מיט פאַרוואונדערונג און
שפּעטער קוקן זיי מיך נאָך:

— אַ חידוש, אַ ווייסער מאַן זאָל באַגריסן.
איך זאָג זיי יעדעס מאָל אין מיין געדאַנק:
„אייער צייט קומט...“

---

1טן פעברואַר.

היינט אינדערפרי, ווען איך בין געגאַנגען מיט מיין גאַס אַרויף=
צו צום קיילעכדיקן פּלאַץ, וואו עס שטייט אַ קאַזינאָ און אַ פּאָר
בענק צום זיצן און וואו די זון שיינט צום וואַרעמסטן, גייענדיק
אַהין, האָב איך באַמערקט, ווי אַ פויגל פאַלט פון אַ גאַנץ גרויסער
הייך און אַ אָדלער לאָזט זיך נאָך דעם פאַלנדיקן פויגל. עטלעכע
מאָל האָט דער אָדלער דעם פויגל אונטערגעכאַפּט, אָבער ניט גאָר
געשיקט, נידעריק, האָט ער מורא געהאַט צו ריזיקירן און גע=
לאָזן דעם פויגל פאַלן אויף דער ערד.

לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז געווען אַ געוויינטלעכע שוואַרצע
הון, וואָס דער אָדלער האָט ערגעץ פון אַרום אַ שטוב געכאַפּט
און האָט ניט גאָר שטאַרק די נעגל אַריינגעשטאָכן אין איר לייב,
איז זי אַראָפּגעפאַלן. כאָטש עס איז געווען אַ חידוש, ווייל אָדלער
האָבן אַ טבע שוין אין פלי צו רייסן שטיקער פון זייער געפאַנג,
און דאָ איז די הון ניט געווען שטאַרק פאַרוואונדעט; איכער ביי
די זייטן, דאָרט, וואו די פליגל וואַקסן אַרויס, איז געווען קענטיק

די צייכנס פון אָדלערס נעגל און בלוט־קרעלן. און נאָך מער וואו־דער, וואָס פאַלנדיק פון אַזאַ הייך, איז די הון נאָך געבליבן אַ היילע לעבעדיק. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט מיט אויס־געשפּרייטע פליגל, ווי צום פליען, און באַלד צוריק געפאַלן אין אָנ־מאַכט, טויט.

ווייזט אויס, אַז פאַרברענגענדיק אין דער לופטן, כאַטש אין אָדלערס נעגל, האָט זי געקראָגן דעם אימפּעט צו פליען.

---

3טער פעברואַר.

מיין צימער קומט אַרויס מיט די מזרח־פענסטער צו די בערג און די דרום־פענסטער קוקן אַריבער אַ גאַס, צו אַ דערהויבונג, ביים צופוסנס פון אַ באַרג, וואו עס לעבט אַ פאַמיליע סיקימער אין טיבעטיאַנער.

די בערג, אין מזרח־פענסטער, זיינען פון מיר אַ דרייסיק, פער־ציק ענגלישע מייל. צווישן מיר און זיי, — אַ ברייטע געגנט מיט דזשונגל און פעלזן; בערג־כוואַליעס און גרינע פלעקן פון טיי־פלאַנטאַציעס. דורך די דאָזיקע פענסטער זע איך דעם טאָג, ווי ער קומט אָן און פאַרגייט. איך זע די וואָלקן, וואָס ציען פון טיבעט און פאַרטשעפּען זיך אויפן שפּיץ קינטשינדזשאַנגאַ, אָדער זשאַנאָ. דורך דעם מזרח־פענסטער דערטראָגט זיך אויך צו מיר דער חוף פון „מולאַ“ אינדערפרי, וואָס רופט די עטלעכע מאַכמעדאַנער פון דער געגנט אין קליינעם מאָשע אַריין, דאָרטן, אונטן, אין טאָל.

און דאָ, אַנטקעגן מיין דרום־פענסטער, שפּילט זיך פאַר מיר אָפּ דאָס לעבן פון דער קליינער פאַמיליע. איין מאַן זע איך און אַ דריי ווייבער, אַ צוויי מיידלעך, און אַ דריי, פיר קלענערע קינדער, יינגלעך און מיידלעך. יעדן אינדערפרי, ווען עס איז פראָסטיק, שלעפּן די קינדער צונויף צווייגלעך, בלעטער און פּאַפּיר און מאַכן אַ פייער צו דערוואַרעמען זיך. היינט האָט דאָס לעבן זיך באַוויזן אויף אַ אייגנאַרטיקן אופן:

אין דער זון, וואָס האָט זיך אויסגעלייגט מיט אַ לאַנגן פּאַס פאַרן שטוב, איז די ערשטע געזעסן די עלטסטע פרוי; אַהינטער

איר — די ייִנגערע; אַהינטער דער ייִנגערער — נאָך אַ ייִנגערע, און דערנאָך די צװײ מײדלעך, אין דעם אײגענעם סדר. און אַזױ זײנען געװען פֿאַרנומען די הענט, אײנע בײ דער אַנדערער אין קאָפּ: די הינטערשטע האָט געלױזט די פֿאָדערשטע, ביז צו דער עלטסטער. די פֿאָדערשטע האָט געלױזט דאָס ייִנגסטע קינד.

גאַנץ לאַנג האָט מען זיך געטאָן די דאָזיקע מלאכה. איך האָב צװישן מאַלפּעס ניט געזען קײן בעסערע איבערגעגעבנקײט. עס װאָלט נאָך אַלעמען ניט געװען אַזױ קאָמיש די זאַך צו זען. אַזעלכעס זעט מען נאָך איך דער װעלט. נאָר דאָ לײגט מען די אומפּלײט אין מויל אַרײן, װי עס טוען די מאַלפּעס (אַגב, טוען עס די אינדיאַנער אין דרום־אַמעריקע און באָליװיע. און די כינעזער, צו קײן גנאַי זאָל זײ ניט זײן, טוען עס אויך).

דערנאָכדעם, אַז מען האָט פֿאַרענדיקט מיטן לויזן זיך, האָבן די עלטערע װײבער גענומען זיך אָנשמירן די באַקן מיט חזיר־בלוט. אַ סגולה צו שײנקײט.

דאָס האָט מיר ניט געשטערט שפּעטער זיך װענדן צום פּענסטער, אין מזרח־זײט, און זען די שורה בערג, װאָס האָבן פֿון זיך אַראָפּגעװאָרפֿן דעם מינדסטן װאָלקן און שאָטן און אין דער אײביקער פֿאַרטראַכטקײט זײערער האָב איך דערקענט, אַז ניט װײט זײנען מיר פֿונדעסטװעגן מיט אונזער מדות פֿון יענע גרױסע דערשײנונגען אין דער נאַטור. כאָטש איך װײס ניט, אויב עס איז נײטיק געװען צו אײנשטעלן דאָס האַרץ און די לונגען און קלעטערן, און דװקא דערקלעטערן צום העכסטן שפּיץ פֿון די הימאַלאַיער בערג און פֿליען אַראָפּ אין כּף־הקלע אַרײן, װי ס׳איז געװען דער פֿאַל מיט דער לעצטער עקספּעדיציע.

שפּעטער האָט מיר אַ טיבעטיאַנער דערצײלט פֿון דער קאַטאַסטראָפֿע און צוגעגעבן מיט קלוגשאַפֿט: —

— דאָס האָבן זיך די געטער פֿון די בערג אָפּגערעכנט מיט דעם מענטשן, פֿאַר זײן פֿאַרלאַנג צו דערגרײכן זײערע סודות. און ער האָט צוגעגעבן:

— קײנמאָל װעט מען צום שפּיץ פֿון עװערעסט ניט דערגרײכן.

עס איז ניט אײנגאַנצן װי ער מײנט. עס איז נאָר געװענדט, דורך װאָס פאַר אַ פענסטער מען קוקט, װי הײנט האָט עס מיט מיר געטראָפן. און נאָך אײנס מוז איך פאַרצײכענען, אַז דער דרום=פענסטער ציט מײן אויפמערקזאַמקײט ניט מער, װי דער מזרח=פענסטער. עס איז כמעט געװאָרן אַ נײטיקײט צו זען יעדן אינדערפֿרי, װי קינדער ליגן אָן אַ פײער און װאַרעמען זיך בײ אים, ביז די זון קלעטערט אַריבער די בערג און צעװאַרעמט זײערע דורכגעפראָרענע גלידער.

---

10טן פעברואַר.

...מיט אַזאַ פאַרדאַכט בלאָזן די װינטן אין די בערג. גאָר אומגעריכט קומען זײ אָן און אַזוי פאַרשװינדן זײ. גאָר אומגעריכט צעיאָמערט זיך אַ װינט הינטערן סאַמע מזרח=פענסטער, כאָטש קײן אײן װאָלקנדל איז דרױסן ניטאָ. די בערג שנײדן מיט זײערע שנײען די בלויקײט פון די הימלען און דער װינט יאָמערט.

פון דער ערשטער נאַכט אָן, זינט איך בין דאָ, פאַרפעלן ניט די שאַקאַלן צו קומען אַנטקעגן די פענסטער און פאַרגײען זיך מיט זײער װאָיען. מחנותװײז קומען זײ אַרויס פון דער נידער און גיבן צו װיסן פון זיך. פאַרשאָלטענע הינט. פונװאַנען קומט צו זײ אַזאַ דערשראָקנקײט? אַזאַ מין האַלטן זיך נידעריק בײ דער ערד און דאָס אויסבאַהאַלטן זיך פאַרן טאָג? די נאַכט איז זײערע. דערנענטערן זיך צו די הײזער. אײנער הײבט אָן װאָיען און אַ סך ענטפערן. מען ענטפערט פון אַלע זײטן: אוי, אוי, אוי—האָ—האַ—האַ—האַ—הו—האַ—הו — — — —

הײנט בײנאַכט, נאָכדעם װי די שאַקאַלן האָבן געענדיקט זײער פּזמון און נאָכדעם װי דער װינט האָט פון זײן זײט אָפּגעשפּילט אויף זײן פלײט, איז מיט שטילע טריט אַרײנגעקומען, אַ באָרװעסער, אײנער פון די באַדינער אין הויז, װאָס איז איצט מײן באַדינער. עס איז די מאָדע, ער זאָל גײן אין אַ װײסן כאַלאַט, אַ װײסן טורבן אויפן קאָפּ און באָרװעס. דרױסן איז הײנט פראָסטיק און ער גײט אַרום באָרװעס. ער איז אַרײנגעקומען און זיך אַנידערגעזעצט אויף

דער ערד. איך קען זיך מיט אים צונויפריידן אויף ענגליש. און די שפראך, ווי ער באנוצט זי, און זיין יוניפארם און זיינע שווארצע, פון קעלט צעפלאצטע בארוועסע פיס, און זיין איינגעצויגנקייט אין זיך אליין, — דאס אליץ מאכט אים אויסזען ניט דערוואקסן, כאטש ער איז שוין אוודאי אלט א יאר פערציק.

— וואס וועסטו זאגן גוטס? — פרעג איך אים.

— זאגן האב איך גארניט, באס, איך וויל אזוי קוקן אויף דיר, און זען, וואס דו טוסט.

— האט דיך עמעצער געהייסן, דו זאלסט אכטונג געבן אויף מיר, כדי צו וויסן, וואס איך טו?

שווייגט ער.

— נו, אפשר ווילסטו ביי מיר עפעס פרעגן? — פרעג, שעם זיך ניט.

— דו ביסט פון א וייט לאנד, יא, ביסט פון אמעריקע?

— יא, איך בין פון אמעריקע.

— דארט גייען אזוינע ווי איך ארום בארוועס ביים באס אין הויז?

— זיי טוען, ווי זיי ווילן. אז זיי ווילן, קענען זיי גיין בארוועס, אויב עס איז נאר ווארעם, נאר ווען עס איז קאלט, טוען זיי אן שיך.

— און ביים באס אין שטוב אויך?

— נו, געוויס, ביים באס אין שטוב אויך.

איך האב אים באטראכט, ווי ער איז געזעסן אינמיטן שטוב, די פיס אונטער זיך. צי איז דאס טאקע אליץ, וואס ער האט געוואלט ביי מיר פרעגן? איז עס דאס איינציקע, וואס אים דריקט טאקע, נאר זיין אומגיין בארוועס אין דער קעלט?

נעמט ער ארויס אן אמעריקאנער פינף-דאלער-אסיגנאציע און באווייזט מיר:

— איינער א מענטש האט מיר דאס איבערגעלאזן מיט א חודש צוריק. אפשר קענסטו אים?

— מסתמא, ווען איך וואלט אים געזען, וואלט איך אים אוודאי געקענט. איך מוז אים אפריער זען, כדי אים צו קענען, —

נאָר זאָג מיר בעסער, ווער שיקט אַהער די שאַקאַלן, אַז זיי זאָלן נאַכט אין נאַכט וואָיען אַהינטער די פענצטער?

— כאַ—כאַ—כאַ, — האָט ער זיך צעלאַכט, — די שאַקאַלן, באָס, ווייסט ווער זיי זיינען?

— שאַקאַלן זיינען הינט אַזעלכע, בלאָטיקע און שרעקעדיקע הינט, וואָס ביטאָג באַהאַלטן זיי זיך און ביינאַכט קומען זיי אַרויס.

— ניין, באָס, ניט קיין הונט איז אַ שאַקאַל. ניט אַלע הינט וואָיען אין לבנה־נעכט. און שאַקאַלן וואָיען אין לבנה־נעכט. דו האָסט, באָס, ניט געזען, ווי זיי זעצן זיך אַנידער אַנטקעגן דער לבנה, מיט דער הינטערשטער פוס דראָפען זיי זיך אונטער דער פאָדערשטער פוס, קוקן צו דער לבנה און וואָיען. הינט טוען עס ניט.

— ווער־זשע זיינען די שאַקאַלן, קענסטו מיר ניט זאָגן?

— איך האָב מורא, באָס, דיר צו דערציילן, דאָס איז שלעכט צו זאָגן אַ ניט־אונזעריקן.

און אַזוי בין איך דאָסמאָל ביי אים ניט דערגאַנגען, פונוואַנען די שאַקאַלן קומען אַרויס. איך האָב שוין דעם גאַנצן אָוונט אַליין מיט מיין פאַנטאַזיע ספעקולירט און געוואָלט דערגיין, פונוואַנען די שאַקאַלן קומען אַרויס און וועמען באַקלאָגן זיי. אפשר זיינען עס, לויט מיין באַדינערס ידיעות און זיין גלייכן, די נשמות פון אומגעקומענע וויסע מענטשן, וואָס האָבן דאָ אין אַלערליי ציימן זיך געריסן אויף די גלייכע ווענט צו שלינגען און איינצושלינגען, וואו אַ שבט און וואו אַ שטיקל פאָלק, וואָס קלאָטשעט זיך אין די בערג?...

אין דער אייגענער צייט איז אַרויפגעקומען מיין ווירטין, ביי וועמען איך וואוין (מיין דירה איז אין הויז פון אַן אַלמנה. געווען די ווייב פון אַ ענגלישן פאָליציי־לייטענאַנט. אַליין, מיט איר זיבעצן־יאָריער טאָכטער, האַלט זי אויף אַ קליינעם פאַנסיאָן אין די בערג). זי איז אַריינגעקומען און דערציילט, אַז מיט אַ שעה צוריק האָט מען געזען אַ גרויסן לעמפערט, ניט ווייט פון אונזער הויז און אַז ס'איז אַ מורא אַרויסצוגיין.

מיין דינער האָט זיך געשפירט אומבאַקוועם, וואָס זי האָט אים געטראָפן ביים באָס אין צימער אַזוי פריי זיצנדיק אויף דער

ערד. ביי איר וועט ער זיך ניט דערלויבן אריינצוקומען אין שטו־
ב־אריין יעמאלט, ווען ער האט ניט נייטיק עפעס צו טאן אין שטוב.
ווען ער איז ארויסגעגאנגען מיט אראפגעלאזענע אויגן, האט זי נאכ־
געקוקט זיינע באר־וועסע פיס און באמערקט:

— זיי פארזיכטיק מיט זיי. דיין גוטסקייט ווערט באטראכט פאר
דיין שוואכקייט. די אמעריקאנער האבן נאך ניט באהערשט קיין
„ווילדע פעלקער", און דעריבער וויסן זיי ניט, ווי אזוי זיך אויפ־
צופירן, ווען זיי קומען צו אונז. די היגע לייט, ווידער, דערשפירן
שוין צו וועמען זיי קענען זיך צולאזן. אבער דאס טאר מען ניט
טאן. אזוי מאכט מען קאליע א ראסע, וואס גיט אונז גוטע דינער־
שאפט. אפנים, נאר דאס ענגלישע פאלק ווייסט, ווי אזוי צו דער־
ציען ווילדע פעלקער.

זי האט זיך אין די שפעטערדיקע באגעגענישן ארויסגעוויזן פאר
פיל קליגער און דעמאקראטישער; נאר דאסמאל האט פון איר ארויס־
גערעדט דאס בריטישע בלוט, וואס האט זיך געוואלט אויספיינען
אין געגנווארט פון אן אמעריקאנער.

מיר פארזעגנען איז היינטיקן אוונט אין זינען געלעגן דער סוד
פון דעם שאקאלן־געיאמער, וואס דער סיקימער האט באהאלטן פון
מיר.

---

15טן פעברואר.

מיט רעליגיע איז פארגעקומען דאס אייגנע, וואס מיט וויין,
ווען ער יערט אויף זיינע הייוון. דער וויין האט זיך אויסגעוועבט,
אויסגערונען און געבליבן איז געדיכטע, בלאטיקע הייוון מיט א
זויערן ריח.

צו דער דאזיקער מדרגה האבן שוין דערגרייכט אלע רעליגיעס.
מער ווי הייוון האט זיך ניט אפגעזעצט אין לעבן פון די פעלקער,
וואס האלטן זיך ביי דער, אדער יענער רעליגיע. צום קלארסטן זעט
מען עס ארויס אין לאמאיזם — די פארקריפלונג פון בודאיזם, —
וואס האט געלאזן א פרייען וועג פאר אן א סוף אבערגלויבנס,
רוחות און שדים, וואס מאכן אונטערטעניק דעם ווען פון פרימי־

די היטווע שבטים. דאָ שטראָמט אַריבער דער לאַמאַיִזם אַריבער די מאַלאַיער בעג אינאיינעם מיט די טיבעטיאַנער, וואָס קלאָטשען זיך אין דער געגנט און וואָס טרייבן דעם האַנדל פון טיבעט אַהער דורך די בערג=דורכגאַנגען.

די בערג=מענטשן, וואָס לעבן אויף אַ הייך פון צען, ביז פופצן טויזנט פוס, וואו די קעלט איז אַ רייע, דער ווינטער אַ שטאַ־קער — דאָרטן לעבט גאָרניט דער פאַרלאַנג זיך צו וואַשן; פאַרקערט, וואָס מער פעטע בלאָטע עס איז אָנגעזעצט אויף דער הויט, אַלץ וואַרעמער האַלט עס דעם גוף. די לאַמאַס, די גייסטיקע פאָרשטייער, האָבן אויף זיך אָנגענומען דעם פיזישן שמוץ, ווי אַ מוסטער פאַ־ די גלייביקע אין לאַמאַיִזם. אַרומוואַשן די דאָזיקע מענטשן אין אַ הייסער באָד, אַראָפּבריען פון זיי די צענפאַכיקע פלאַכטן בלאָטע, — ווערן זיי אויס גלייביקע. ביי זיי וואוינען די שדים אין דער הויט.

שפּאַצירנדיק יעדן טאָג באַרג=אַרויף, דערקלייב איך מיר צו אַ קליינעם לאַמאַ=טעמפּל, וואָס באַשטייט פון אַ עטלעכע שטיינער, באַפּאַרבטע מיט ווערמיליאָן, אַרומגערינגלט מיט אַ הונדערט באַמבוק=שטעקנס, אַריינגעשטעקט אין דער ערד. צו די שטעקנס זיינען צוגעטשעפּעט פּאַפּיר=פּאַסן אָדער שמאַטקעס לענגלעכע מיט אָנגעשריבענע תּפילות. און ווינט פלאַטער'ן די פּאַפּירן און די שמאַטקעלעך מיט די אויפשריפטן — „די בערג קוקן אויס, ווי צו זיי טראָגן זיך די תּפילות פון די בערג=מענטשן“.

דאָס פאָלק ציט זיך אַהער מיט אַלע שטעגן, וואָס פירן פון סיקימער זייט, פון נעפּאַלער זייט; קומען נעפּאַלער פרויען מיט נאָזרינגען און די דאָרטיקע אוירינגען; קומען שווערע, געזונטע פרויען, — אַזש די ערד קרישלט זיך אונטער זייערע באָרוועסע פיס, און ברענגען געלע בלומען און מתנות דעם לאַמאַ=פּריסטער, וואָס וואַכט ביי דעם דאָזיקן טעמפּל.

היינט האָב איך צופעליק אַכטונג געגעבן, ווי עס איז געקומען אַ שיינע פרוי, מיט בלויע און רויטע סטענגעס אַרום און אַרום באַהאַנגען און געבראַכט מיט זיך צוויי ווייסע טויבן און אַ גרויסן בונט געלע בלומען. דער אַלטער לאַמאַ איז ניט געווען. נאָר איינגעוויקלט אין אַלטנס ברוין=רויטער סוויטענע, האָט דעם אַ־ט פאַ־

גומען אַ יונגער יינגל פון אַ יאָר צוועלף, אַן אָנגעפּאַשעטער, מיט רויטע באַקן (יונגע לאַמאַס דרייען שוין דאָס רעדל, ווי די אַלטע). ער האָט פריער גענומען זאָגן די תּפילות און זי האָט אים נאָכגעזאָגט. נאָר די פרוי, מיט איר פרישן, געזונטן אויסזען האָט אים אַראָפּגעשלאָגן פון טאָלק און ער האָט זיך פאַרלאָרן. דאָס אייגענע האָט געטראָפן מיט איר איך. זיין יונגער און געזונטער אויסזען, זיצנדיק אויפן שטיין, לעבן די פיס אַ באַרג געלע בלומען — דאָס איז געווען איבער אירע כּוחות. נאָך די תּפילות, ווען זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו אים מיט די טויבן, ער זאָל מיט ווערמיליאָן אָנרירן זייערע קעפּלעך און דערנאָכדעם, ווען זי האָט געבויגן איר קאָפּ צו אים, ער זאָל אָנרירן מיט ווערמיליאָן איר שטערן, — האָט זי זיך פאַרלאָרן און אַריינגעפאַלן מיט איר קאָפּ אין זיינע אָרעמס. — — —

— — — ווען איך האָב אין דער יוגנט געלערנט תּנך אין חדר, האָט דער רבי מיט אונז איינגעלערנט די מעשה מיט עלי הכּוהן און זיינע זין, ווי אַזוי דער נביא שמואל האָט אים אויסגעוואָרפן, אַז ער מאַכט זיך ניט זענדיק, בעת די פרויען קומען צום געצעלט מיט זייערע קרבּנות פאַר גאָט — איז יעמאָלט גאָר גענומען זייערע זין און באַשלאָפן די פרויען.

די ביבלישע דערציילונג האָט דאָ איבערגעלעבט אין דער אָבערגלויבערישער און ביז צום שימל אויסגעיערטער רעליגיע. וואָס מער מיסטעריע — אַלץ מער ממשלה אויף די פרויען. דעריבער האָט קאָטאָליציזם די גרעסטע ממשלה איבער פרויען.

---

25טן פעברואַר.

היינט דעם גאַנצן טאָג זיינען די הימאַלאַיער געווען שווינגנדיקער ווי שטענדיק. נאָך אַ שאַרפן מזרח־צפון־ווינט, וואָס האָט קאַלט געבלאָזן, האָט זיך אויסגעלייטערט אַנטקעגן פאַרנאַכט. די זון, ווי שטענדיק, האָט היינט צום לעצטן זיך אויף אַ ווייַלע אַראָפּגעזעצט אויף קינטשינדזשאַנגאַ, — נאָר די פּאָסט האָט צו מיר היינט געבראַכט פון ווייט, איבער אַזויפיל ימען, אַ טיפן, שניידנדיקן טרויער און אַנטקעגן נאַכט נאָך מער אים פאַרשאַרפט.

אסתּר שומיאַטשער מיין באַגלייטערין, האָט היינט אַ סך מאָל אויסבאַהאַלטן פון מיר די טרערן, נאָך אַנטקעגן אָוונט, ווען מיר זיינען, ווי דער שטייגער, אַרויסגעגאַנגען אויף דעם שפּאַציר אַרום באַרג, אין צענטער פון דאַרזשילינג, ווען מיר זיינען אַרויסגעקומען אַנטקעגן דעם פאַרנאַכט, וואָס האָט רעפלעקטירט אויף דער שורה הימאַלאַיען, האָט זי זיך צעוויינט אויפן הויכן קול.

דער שטח, וואָס שפּרייט זיך פון מיר ביז מיין דיכטער־משפּחה אינדערהיים, דאָס הייסט, פון ניו־יאָרק ביז אַהער, אין די הימאַלאַיען, וואָס האָט מיר שטענדיק אויסגעוויזן אַזוי ווייט און אָפּטמאָל פאַרנעפּלט, האָט איצטער זיך צונויפגעשרומפּן און געוויקלט אין דעם אייגענעם טרויער. און צום טויזנטסטן מאָל האָט זיך מיר היינט ווידער אויסגעדאַכט, אַז אונזערע יידישע דיכטער אין ניו־יאָרק, אין דער זיבן־מיליאָניקער באַפעלקערונג, צווישן צוויי מיליאָן אייגענע, זיינען געגליכן צו די גראָזן, וואָס קומען אויף ביי די ווענט פון די וואָלקנקראַצער. ביים לעבן באַגרייפט מען עס ניט. ביים לעבן העלפט מען בויען ניו־יאָרק. אָבער נאָכדעם, ווי מען פירט אַוועק דעם אָדער יענעם דיכטער צו זיין אייביקער רו, אויף יענער זייט מזרח־טייך, ערגעץ הינטער ברוקלין, וואו עס ציען זיך די מיילן־לאַנגע בית־עולמס, — יעמאָלט, די באַגלייטער, וואָס פאָרן נאָך דער קבורה צוריק אין דער גרויסער, זיבנמיליאָניקער באַפעלקערונג און צו די צוויי מיליאָנען אייגענע — יעמאָלט...

אפשר שפּירן זיי אויך דאָס אייגענע, וואָס איך האָב געשפּירט עטלעכע טעג פאַר מיין פאַרלאָזן ניו־יאָרק מיט גענוי צוויי יאָר צוריק, ווען איך בין אין אַ רעגנדיקן טאָג געפאָרן צוריק, זייט ביי זייט מיט יהואָשן, פון ספּעקטאָרס לוויה.

יעמאָלט האָט ער, יהואָש, ווי זיין שטייגער, נאָך אַלץ גערעדט פון זיין יידישער איבערזעצונג פון תּנ״ך און היינט, אַז די פּאָסט האָט מיר געבראַכט די, אַזוי פאַרשפּעטיקטע ידיעה, אַז מען האָט שוין אַוועקגעפירט צו זיין אייביקער רו פון דער זיבנמיליאָניקער באַפעלקערונג און פון די צוויי מיליאָן אייגענע, אויך אים, דעם אין זיין דיכטונג פאַרליבטן גרויסן יהואָשן, האָבן שוין דעם גאַנצן

טאָג. די הימאַלאַיען געשוויגן און מיין וואַנדערנדיקע דיכטערין האָט געוויינט אויפן הויכן קול.

איז נאָך געבליבן די ווייטקייט, וואָס האָט צו מיר היינט נאָך מער גערעדט מיט אַ שפּראַך, וואָס קומט אַרויס פון טויזנטער מיילער און ניו-יאָרק אַליין האָט זיך צו מיר אויף אַ רגע באַוויזן, וויגנדיק אין דער בלויער לופט די שפּיצן פון אירע וואָלקן-קראַצער.

---

יוֹאָש האָט זיינע אַלע יאָרן געהאַט קראַנקע לונגען און זיינע אַלע יאָרן געשריבן לידער און איבערגעזעצט די ביבל. פון דער ביבל האָט ער גערעדט מער, ווי פון זיינע לידער, כאָטש יעדע ליד האָט ער באַדאַרפט אויסדיכטן און די ביבל האָט ער זיך געשטאַרקט איבערצודיכטן און מיט דעם אונטערצושטעלן אַ פונדאַמענט דער, אויף זאַמד-אויפגעטורעמטער, יידישער שפּראַך און ליטעראַטור. אין די לעצטע יאָרן איז אים טאָפּלט גוט געגאַנגען. זיינע לידער האָבן דערגרייכט די הויכע מדרגה פון מייסטערשאַפט און די ביבל-איבערזעצונג האָט זיך צום לעצטן מאָל איבערגעשליפט און יהואָש האָט שוין געקענט זאָגן:

„מיין ביבל ווערט אין אַ פּאָר יאָר אַרום זיין פּאַטיק".

איך האָב אים זעלטן באַגעגנט. נאָר זיין אָרט אין די בראָנקס האָב איך געקענט. זיין גאַס האָב איך ליב געהאַט אַמאָל דורכגיין. און וואָס פאַר אַ צייט עס זאָל ניט זיין, שפּעט, צי פרי, האָב איך געוואוסט, אַז אין יענעם הויז זיצט אַ דיכטער, וואָס זיין גאַנץ לעבן זיינען אים טריי זיינע לונגען, כאָטש גאַנצע אינוואַלידן. און ער, יהואָש, איז זיין גאַנץ לעבן זיין שרייבטיש טריי, כאָטש אַליין אַ אינוואַליד, — נאָר מיט דער אייביקייט האָט ער געקניפּט זיינע רגעס.

איצטער, איז אינדיע לעבעדיק, און גאָר ניט לאַנג ווען איך האָב געלעזן זיינע צוויי קורצע לידער, האָב איך געטראַכט: —

„ניט אומזיסט דיכטעט יהואָש איבער די ביבל, ווייל ער אַליין האָט באַדאַרפט זיצן אין אַ מזרח-לאַנד. צו אַ מזרח-פאָלק געהערט ער דאָך".

---

און איצטער, ווען דורך מיין טרויער וויגן זיך די שפּיצן פון די ניו-יאָרקער וואָלקנקראַצער, זע איך יהואָשן ניט קיין געשטאָרבענעם. דאַכט זיך מיר: עס איז אַ פאַרנאַכט, אַ ווינטערדיקער איבער ניו-יאָרק. און יהואָש האָט איבערגעלאָזן זיין שרייבטיש גאַנץ פרי און זיך געלאָזן צום דעלענסי-בריק און ער וויל אַזוי צופוס אַוועקגיין צו יענעם בית-עולם, אַהינטער ברוקלין, וואו עס ליגן אין איין שורה אַלע אונזערע דיכטער, וואָס האָבן אומגעבלאָנדזשעט צווישן די זיבן מיליאָן ניו-יאָרקער און צווישן די צוויי מיליאָן אונזערע אייגענע, אין דער שטאָט ניו-יאָרק. געוואָלט האָט ער באַטראַכטן זייער רו-אָרט, ווייל זיין ביבל האָט ער שוין איבערגעדיכטעט. נאָר קומענדיק אויפן בריק אין שעה פון שקיעה און דערזעענדיק, ווי עס שפּילט דאָס פאַרנאַכטיקע זונענליכט אין די טויזנטער פענסטער פון דער משפחה וואָלקנקראַצער, ביים ראַנד ניו-יאָרק, — האָט ער זיך געכאַפּט, אַז צו לאַנג איז ער געזעסן ביי דער ביבל און ניט באַמערקט, ווי אין דער שטאָט ניו-יאָרק זיינען געוואַקסן מויערן אַזוי ווי די סעקוואָי-ביימער אין קאַליפאָרניע, וואָס לעבן און אָטעמען און רירן די וואָלקן מיט זייערע קרוינען.

לאַנג איז ער אַזוי געשטאַנען און געטראַכט, אַז צו-פרי האָט ער זיך אויפגעהויבן פון שרייבטיש. ער וועט גיין צוריק און פאַרצייכענען, אַז ער לעבט אין אַ שטאָט פון אַ זיבנמיליאָניקער באַפעלקערונג און צוויי מיליאָן אייגענע. און אַז ער איז געוואַקסן ווי אַ גראָז, שטיל ביים וואַנט פון אַ פופציק-שטאָקיקן מויער; געוואַקסן האַרט ביים וואַנט, כדי ניט ווערן צעטראָטן פון די פיס פון דער זיבנמיליאָניקער באַפעלקערונג און צוויי מיליאָן אייגענע.

די נאַכט איז היינט פרייער ווי שטענדיק צוגעפאַלן און פרייער ווי שטענדיק האָבן זיך די שאַקאַלן דערנענטערט מיט זייער געוואָי צו מיינע פענסטער.

---

6טן מערץ.

די לעצטע טעג האָט זיך פאַרמערט אין דער געגנט דאָס געזאַנג פון פייגל. דער פרילינג שלאָגט זיך באַרג-אַרויף פון טאָל און מיט אים זיינען אָנגעקומען אַלערליי קאָלירטע זינגפייגל, וואָס

האָבן אויפן ווינטער פון די הימאַלאַיען אַוועקגעצויגן. די לעצטע נאַכט האָבן זיך געטראָגן פון דער הייך די קולות פון ווילדע קאַטשקעס, וואָס ציען מחנותווייז קיין טיבעט, וואו אויף די אָזערעס האָט שוין דער אייז געלאָזן און וואו זיי וועלן לייגן אייער אין אויסוואַרעמען אומגעשטערט די קליינוואַרג.

די מאַגנאָליע און די ראָדעדאָדראָן־ביימער האָבן זיך אַזוי לײדנשאַפטלעך פונאַנדערגעבליט מיט זייערע גרויסע בלומען, רייטע, ווייסע און ראָזע, און דאָס פאָלק אין די בערג האָט זיך אויך אָנגעטאָן אין לויטערע קאָלירן: רויט און בלוי און גרין. פרויען ציען צו די לאַמאַ־טעמפלען מיט בינט געלע בלומען. דער שניי אויף די הימאַלאַיען ווערט דערווייל ניט געמינערט, נאָר שטאַרקער גליען זיי איצטער, אין דער זון פון האַלבן טאָג. די אײנוואוינער אַנטקעגן מיין פענסטער, אין הויז־זייט, האָבן אויפגעהערט אָנצולייגן פייערלעך יעדן אינדערפרי, צו דערוואַרעמען די דורכגעפרוירענע ביינער.

צווישן די געסט, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון טאָל צוריק, אין די בערג צו זומערן, זיינען אויך אַ גאַנץ גרויסער עולם מאַלפעס, ווייס־פנימדיקע און ברוינע פון אַ גאַנץ גרויסן מין און הייגט, אויף מיין געוויינטלעכן שפּאַציר אַרום אַ באַרג, וואָס ברענגט מיך אַרום נאָענט צו דער שורה הימאַלאַיען, פינוואַנען איך קען זיי באַטראַכטן אומגעשטערט, האָבן די מאַלפעס אַרויסגעוויזן, אַז זיי קענען זיין איינפערדיכטיק און אַריינמישן זיך אין ענינים, וואָס געהערן ניט צו זיי.

דער שטעג האָט זיך געצויגן אַרום באַרג. פון דער רעכטער זייט — אַ טיפער, ווייטער טאָל און צו דער לינקער האַנט — באַרגאַרויף, געדיכט באַוועלדערט. זייט ביי זייט מיט מיר איז געגאַנגען אסתּר שומיאַטשער. און אויבן, צו דער לינקער זייט, האָבן געשפּרונגען פון בוים צו בוים און געהאַלטן זיך פּאַראַלעל מיט אונז — אַ גאַנץ גרויסע מאַלפע־פאָר־פאָלק. זי פאָרויס און ער, אַ סך אַ שווערער פון איר, האָט זיך געהאַלטן פון הינטן.

מיר האָט זיך גאָרניט געגלויבט, אַז אַ מאַלפע זאָל קענען אַריבערטראָגן איר אייפערזוכט אויף אַ מענטשן. די „זי" האָט ניט פאַרגונען מיין באַגלייטערין, פאַרוואָס זי גייט מיט אַ מאַן, און האָט

דעריבער אַרויסגעוויזן איר ווילדן כעס. זי האָט געשריען און געשפּיגן אויף מיין באַגלייטערינס זייט. אַלעמאָל געבליבן אויף אַ צווייג אַראָפּגעבויגן און מיט אַ פּויכט געוואָרנט, ממש גרייט געווען אַראָפּצושפּרינגען פון בוים און זיך וואַרפן אויף אַ יידישער דיכטערין. צו מיר האָט זי קיין שום שנאה ניט אַרויסגעוויזן.

דער „ער" האָט זיך אין דער דאָזיקער אייפערזוכט-סצענע דירעקט ניט באַטייליקט. ער האָט אָבער אַכטונג געגעבן, אַז מען זאָל פון אונזער זייט „זיינער" ניט אָנגרייפן. אַז איך האָב זיך צו איר פאַרמאָסטן מיט אַ שטעקן, אַפילו יעמאָלט, האָט זי איר כעס אויף מיין זייט ניט אַריבערגעטראָגן. און וויל איך האָב נאָך גיט געהאַט קיין דערפאַרונג, צו וואָס פאַר אַ רעזולטאַטן סקען פירן די אייפערזוכט פון אַ מאַלפּע, האָב איך זיך אומגעקערט צוריק און אַראָפּגענייגט פון וועג. זי האָט נאָך אַ צייט געוואָרנט מיטן פויסט אויף אונזער זייט און נאָכגעשריען.

אַזוי האָב איך מיר באַקאַנט געמאַכט מיט אונזער שייכות צו מאַלפּעס. אסתר שומיאַטשער האָט אומדערוואַרט, אין די הימאַלאַיען גאָר, דערשפּירט דעם בליק און די שטים פון אייפערזוכט.

---

8טן מערץ.

איך האָב מיר פיל מאָל געחידושט, וואו נעמט ענגלאַנד אַזוי פיל נאַראָנים, וואָס זאָלן זיך וועלן באַגראָבן אויף אַ גאַנץ לעבן אין די טראָפּישע געגנטן און דאָרטן, מיט די „הוילע הענט", איינהאַלטן די לייצעס, וואָס צאַמען די, פון דער ציוויליזאַציע אָפּגעשטאַנענע פעלקער.

אַזויפיל אינוואַלידן האָב איך באַגעגנט, וואָס האָבן זייער בלוט אַוועקגעגעבן צו די מאַלאַריע-מאָסקיטן און מיט איינגעפאַלענע אויגן און מיט שיטערע בלוט אין די אָ־ערן „געשטאַנען אויף דער וואַך", אָפּצוהיטן די אינטערעסן פון ענגלישן אימפּעריאַליזם און קאַפּיטאַל. דאָס זיינען מענטשן, וואָס האָבן זיך באַגראָבן אויף אַ גאַנץ לעבן. ווען זיי קומען אַמאָל אַהיים צו מאַמע-ענגלאַנד, קוקט מען אויף זיי, ווי אויף יאָלדן, וואָס זיינען געוואָרן אויסגעטאָן פון דער וועלט. אמת, די מאַמע ענגלאַנד גופא קען ניט באַזאָרגן ביי זיך אין דער היים

אַלע טויגעניכצן, וואָס זי האָט — שיקט זי זיי אַוועק קיין אינדיע, קיין בירמאַ, אויף די מאַלאַיער אינזלען, קיין סינגאַפּור, און זיי, די אויסגעשוויצטע חכמים, אַז איר רעדט מיט זיי, האָט איר דעם איינדרוק, אַז דאָס רעדט איר מיט די פאָרשטייער פון דער ענגלישער פּסיכאָלאָגיע און פאָרשטייער פון דער בריטישער מאַכט.

עמעצער זאָגט, אַז אויף צו באַקומען די מאַכט, באַדאַרף מען גאָר קיין שכל ניט האָבן. די אירלענדער, וואָס האַלטן זיך פאַר קליגער פון די ענגלענדער און וואָס פאַרמאָגן אַ בערנאַרד שאָו, אַ סינדזו, אַ יעיטס, — זיי זיינען אַ גוטער באַווייז, אַז די אויבנדערמאָנטע טעאָריע איז ריכטיק. און היינט ביינאַכט האָב איך זיך אויך איבערגעצייגט אין דעם, אַז עס איז ניט נייטיק צו זיין קיין חכם, אַבי מען איז אַ בריטישער פון דער ריינסטער פראָבע:

פון די מאַלאַיער אינזלען איז געקומען אַ ריכטער אין די מיטעלע יאָרן, געקומען זיך אָפּרוען אין די בערג און האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיין פּאַנסיאָן. אַ מענטש, וואָס האָט געענדיקט אָקספאָרד און באַנוצט אַ געשליפענע שפּראַך ביים רעדן, האָט ניט געקענט באַהאַלטן זיין אייפערזוכט, אַלס בריטישער, צו די אויפגעקומענע פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. און נאָך אין דעם ערשטן אָוונט, איידער ער האָט זיך אויסגערוט ווי געהעריק, האָט ער שוין געזוכט אַ געלעגנהייט זיך אויסצוטענהן מיט מיר, הלמאי אַמעריקע, „וואָס ווערט איצטער ממש געשוואָלן פון עשירות, וואָס זי האָט אין צייט פון מלחמה אָנגעשאַרט, האָט זיך איצטער פאַרנומען צו פאַרשוואַרצן ענגלאַנד דאָס פּנים און שטערן אירע אינטערעסן אויפן ווייטן מזרח".

— ווער דען, אויב ניט ענגלאַנד, — טענהט ער צו מיר, — וואָלט בכוח געווען אויפצוהאַלטן די אַלע הונדערטער מיליאָנען? צי דען באַדאַרף עס ענגלאַנד? צי דען באַדאַרף איך זיצן ביים עקוואַטאָר און אויסשוויצן מיינע טעג און נעכט? צי דען וואָלט איך אין דער היים ניט געפונען, וואָס בעסער צו טאָן? איך בין אַ ריכטער. איך האָב געענדיקט אָקספאָרד — באַדאַרף איך דאָ זיצן?

— איך מיין, אַז דאָס איז טאַקע פאַר דיר ניט קיין עסק, — האָב איך געזאָגט.

— וואָס דען, אָפּטרעטן און לאָזן, אַז די גאָלד־דאָרשטיקע אַמעריקע זאָל אונזער פּלאַץ פאַרנעמען?

— איך פאַרטיידיק ניט אַמעריקע איצטער, — האָב איך געזאָגט— אָבער ניט אַמעריקע האָט אויסגעשפּרייט די ממשלה איבער קאַנאַדע, ניי־זעעלאַנד, אַוסטראַליע, דרום־ און מזרח־אַפריקע, אינדיע, עגיפּטן, אַראַביע און נאָך פיל אַנדערע געגנטן...

האָט ער אויף מיר אָנגעשטעלט אַ פּנים און אויגן, גלייך ווי איך וואָלט אויף זיין מאַמע־ענגלאַנד, און אפשר אויף אים פּערזענלעך, איינגעטראַכט דעם גרעסטן בלבול. ער איז בלאַס און רויט געוואָרן און ווידער בלאַס געוואָרן און דורך די ציינער דורכגעזייט:

— מיר ווייסן, אַז אַמעריקע איז איצטער אונזער גרעסטער שונא. אָ, פאַרוואָס האָט ענגלאַנד אַרויסגעוויזן יעמאָלט אַזאַ שוואַכקייט און אַרויסגעלאָזן אַמעריקע פון אירע הענט!

— ווען יעמאָלט? — האָב איך געפרעגט.

— יעמאָלט, אין סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט, ווען זי האָט געלאָזן פאַראייביקן דעם נאָמען פון דעם גענעראַל מיטן ווייבערשן פּנים, — אייער דזשאָרדזש וואַשינגטאָן!

און אַזוי האָט ער אין ערשטן אָוונט געבראַכט דערצו, אַז מיר זאָלן זיך שוין מער ניט באַגריסן. ווייזט אויס, אין מיין געשטאַלט האָט ער געזען דעם „אָנקל סעם", וואָס גייט פאַרנעמען זיין קיניגרייך.

---

# ש נ י י = ו ו י י ס

פאַר די עטלעכע חדשים, וואָס איך האָב געלעבט אין די הימאַלאַיער בערג, אין דעם ראַיאָן, וואו עס קומט זיך צונויף סיקים און נעפּאַל און די בערג=וועגן, וואָס פירן אַריבער קיין טיבעט, איז מיר אויסגעקומען צו באַגעגענען דעם דאָזיקן מאָרט מענטש, וואָס דער ווינט האָט אים געטראָגן פון ערגעץ, מיט דער דעה אין כף=הקלע אַריינצושליידערן.

מען באַגעגנט זיי אין אַלע בערג, די דאָזיקע אַלפּינער, וואָס האָבן זיך אַריינגענומען אין זינען דווקא צו דערקלעטערן צום העכסטן שפּיץ. געוויס, דאָרטן, וואו אַלע הייכן זיינען שוין דערגרייכט געוואָרן, אַלע סודות אַנטדעקט געוואָרן, דאָרטן פעלט שוין דער מיסטעריעזער קוק פון די בערג=קלעטערער.

די הימאַלאַיען, אַט די „באַשעפער פון בליץ און דונער“, זיי האָבן געוויס ניט איינעם שוין אַראָפּגעפירט פון זינען מיט זייער אייז=קאַלטן אָטעם. איך האָב באַגעגנט אַזעלכע, וואָס זיינען אָנגעקומען מיט קוראַזש פון פאַרשיידענע לענדער, געקומען גרינג ווי אַ פעדדל גרייט צו פליען. נאָר איבערזיצנדיק אַ געוויסע צייט אַנטקעגן דער שורה בערג, וואָס שפּאַרן זיך אַרויס פון מורח=זייט מיט אַזאַ אייז=קאַלטער ברוסט אַרויס, — האָט עס אין זיי אויסגעלאָשן דעם פייער אין די אויגן. אַנדערע האָבן נאָך געמאַכט הכנות צום ווייטערדיקן וועג; אויף די ליפּן האָט אויפגעבליט: „עווערעסט“, און אַזוי איז דער נאָמען פאַרוועלקט געוואָרן. מען האָט אַפילו ניט באַמערקט, ווען דער מענטש איז נעלם געוואָרן.

איך האָב זיך אָנגעהערט גענוג מעשיות פון גרויסע איינשטעלער, וואָס האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אין וועג, מיט אַ גאַנצן עולם טיבעטיאַנער, אָדער סיקימער, וואָס טראָגן נאָך דעם באַגאַזש אויף די פּלייצעס, אָנגעלאָדן און מיט אַ רימען אַרום קאָפּ אַרומגענומען,

נאָר שפּעטער האָט מען דערציילט, אַז אַזאַ און אַזאַ האָט חרטה געהאַט, אינמיטן וועג פונאַנדערגעצאָלט זיך מיט די טרעגער און מיט אַ זייטיקן וועג איז ער אַרויסגעפאָרן פון דעם בערג־ראַיאָן.

פאַרקערט, דערציילט מען פון דעם, אָדער יענעם, וואָס האָט אַוועקגעקלעטערט צום עווערעסט, און עפּעס האָט מיט אים געטראָפן: אינמיטן פון קלעטערן איז ער אַראָפּגעפאַלן און די ביינער זיינען צעשאָטן געוואָרן...

און ניט נאָר מענער לאָזן זיך אַוועק אין דעם ריזיקאַלישן וועג. פאַראַן אויך פרויען, וואָס קומען אָן מיט אַ סך קוראַזש און מיט דעם פאַרלאַנג צו ריזיקירן מיטן לעבן, אַבי צו דערקלעטערן צו אַזאַ פונקט, פונוואַנען מען זאָל קענען זען די גרענעץ פון לעבן און טויט. אָדער אַליין דערגרייכן די דאָזיקע גרענעץ. פרויען קומען אָן מיט מער איפערונג און צערודערטקייט. מענער טוען עס קאַלטער, אויסגערעכנטער. אַ מאַן זעט דעם דורכפאַל אַרוים שווערער, דערפאַר, ווייל ער האָט מורא פאַר דורכפאַלן. פרויען דערשפירן אים גרינגער און טראָגן אים איבער גרינגער.

איך האָב געטראָפן אַזעלכע, וואָס זיינען געקומען מיט דער דעה צו קלעטערן אויפן עווערעסט און האָבן אַזוי זיך געקליבן, געקליבן און יוצא געווען מיט דעם פאַרלאַנג. געבליבן וואוינען אין די בערג און שטענדיק, ביי דער געלעגנהייט, האָבן זיי ליב צו דערציילן, אַז אַזויפיל מאָל האָבן זיי זיך געגרייט, אַלע פלענער געמאַכט, כמעט מיט דער פולער זיכערקייט צו דערגרייכן; אַזוי האָבן זיך אַריינגעמישט אַלערליי שטרויכלונגען, ממש פון די בערג־גייסטער אַליין אונטערגעלייגטע און — עס איז ניט געלונגען... ביי אַזעלכע דערקענט איר אין די אויגן, אַז אַ פרעמד פייערל ברענט דאָרטן; דאָס אייגענע פייערל, וואָס ברענט ביי מענטשן מיט גרויסוואַן.

---

אַז איך האָב זי צום ערשטן מאָל דערזען, שטייענדיק מיטן פּנים צו די הימאַלאַיען, ביים ראַנד, וואָס פירט אַראָפּ פון דאַרזשילינג קיין סיקים, איז זי אויסגעקומען מיט דער פלייצע צו מיר. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייסן וואָלענעם אָנצוג, ווי בכיוון אָפּצושוואַכן דעם שניי־ווייס פון אירע האָר.

איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז זי איז אַן עלטערע פרוי, כאָטש די שמאָלע און גלייכע פלייצע אירע, וואָס האָט זיך אָפּגעצייכנט דורך אירע קליידער, איז געווען אַ יונגלעכע. און דערצו דער שניי־ווייס פון אירע האָר האָט ניט אויסגעזען, אַז ער איז געקומען דורך אַ פאַמעלעכן עלטער־פּראָצעס. ווען זי איז אַזוי געשטאַנען מיטן פּנים צו די בערג, האָט עס אויסגעזען, אַז מען האָט אָפּגעריסן אַ שטיק פון דעם אייגענעם קאַלטן שניי־ווייס, וואָס דעקט צו די הימאַלייען, און באַדעקט איר קאָפּ. איך האָב מיר געפּרוווט אויסמאָלן אַ פּנים, וואָס זאָל זיך אַריינפּאַסן אין אַזאַ שניי־ווייס.

ווי פאַרוואונדערט בין איך געוואָרן, ווען זי האָט אומגעזענדט איר קאָפּ און איך האָב דערזען נאָך גאָר אַ יונגן, כמעט קינדישן פּנים. אירע אויגן האָבן געהאַט דעם קאָליר פון גאַנץ העלן טורקיז, מיט אַ מאַטן גרין אין זיך. ווינציקער פון אַלץ האָב איך נאָך געוואַרט צו טרעפן אַזעלכע אויגן אין אַ קאָפּ, וואָס טראָגט אַזאַ שניי־ווייס אויף זיך.

איך האָב מיט זיך געהאַט מיין פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, האָב איך זיך אַנטשולדיקט און געבעטן, זי זאָל פּאָזירן פאַר מיר, איך וועל זי פּרוון נעמען אויף דעם פאָן פון די פאַרשנייטע הימאַלייען.

תחילת האָט זי זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, גרייט צו אַנטלויפן. אַ פּאָר טריט האָט זי בלויז געמאַכט און געבליבן שטיין אויף אַן אָרט. דערנאָכדעם האָט זי דערקענט, אַז איך פיל מיר ניט באַקוועם פון איר פלוצלונגער באַוועגונג, האָט זי געמאַכט אַ טריט נענטער צו מיר און געזאָגט:

— ניין, ניין, איך בעט דיך, פאָטאָגראַפיר מיך ניט, אַז איך זאָל אויסקומען מיט די בערג אינאיינעם. יעדער איינער, וואָס האָט אַן אַפּאַראַט, וויל מיך פאָטאָגראַפירן — און איך בין מיד פון דעם.

האָב איך זיך אַנטשולדיקט פאַר מיין באַאומרויקן זי און האָב דעם אַפּאַראַט צוגעמאַכט און געוואָלט אַוועקגיין. האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנט, ווי זי בעט ביי מיר דעם אַפּאַראַט. איך האָב ניט פאַרשטאַנען, וואָס זי וויל, נאָר איך בין איר גערן אַנטקעגן געגאַנגען.

זי האָט געגומען בײַ מיר דעם אַפּאַראַט, האָט אים געעפנט, אַרײַנגעקוקט אין שײַבל, וואָס ווײַזט אָן דעם געגנשטאַנד, וואָס מען וויל פאָטאָגראַפירן, און אָנגעשטעלט אַנטקעגן די הימאַלאַיען. לאַנג געקוקט. איך האָב געמיינט, זי וועט פאָטאָגראַפירן, נאָר זי האָט עס ניט געטאָן. זי האָט אָבער דעם אַפּאַראַט מיר ניט אומגע־געקערט, געטראַכט, געטראַכט און שפּעטער געזאָגט:

— פאַרקויף מיר אים.

— איך האָב דאָ ניט וואו צו קויפן קיין אַנדערן און אַגב, בין איך שוין צו אים געוווינט.

— איך וועל דיר גוט באַצאָלן פאַר אים.

— עס האַנדלט זיך ניט אין געלט. איך וואָלט דיר דעם אַפּאַראַט אַוועקגעשענקט, אויב עס גייט דיר אַזוי אין לעבן אַרײַן.

נו, גוט, — האָב איך צוגעגעבן – לאָמיר זיך בײַטן, איך וועל אים דיר אַוועקגעבן און דו דערצייל מיר דעם סוד פון דײַנע שניי־ווײַסע האָר.

האָט זי צוגעדריקט צו זיך דעם אַפּאַראַט ווי אַן אבן־טוב און אירע מאַט־בלויע אויגן האָבן אַ גלי געטאָן, מיט דעם פאַרבאָר־גענעם פײַער, וואָס אַן אָפּפאַל באַווײַזט, ווען אין אים רעפלעקטירט ליכט.

— איך פאָר מאָרגן אַוועק פונדאַנען, און אפשר וועל איך נאָך גאָרניט פאָרן, — אָ, הימאַלאַיען, די הימאַלאַיען!

און איר יונגער פּנים האָט זיך צעקנייטשט ווי צום וויינען. זי האָט ניט געוויינט, נאָר אַ פּלוצלינגע פאַרענדערונג איז פאָר־געקומען אין איר פּנים; אָט ווי עס ווערט פאַרענדערט אַ לאַנד־שאַפט דאָ, אין די בערג, ווען נאָך אַ פאַרפלייצונג פון זוניקייט טוט פּלוצלונג אַ לויף אַ וואָלקן און פאַרוויקלט אים אין טונקלע־ניש.

— ניין, דאָס איז דאָך אַזוי שווער צו דערציילן. און וואָס הידער קען מען דערציילן פון אַ אומבאַגרענעצטער ליבשאַפט, וואָס איז אַזוי ניט באַשטימט און איז ניט באַגרענעצט? אָט זעסטו, דאָרט רעכטס, אָן אַ זייט פון באַרג קינטשינדזשאַנגאַ און קאַברו, איז פאַרהאַן אַ הורכגאַנג קיין טיבעט, דער „דזעלעפּ־לאַ־הורכגאַנג“, פערצן

טויזנט פוס הייך. אָט דאָרטן בין איך געווען. דאָרטן איז דער שניי אַזוי חיים, ווי מיינע האָר, — — יאָ, אָט אַזוי גלייך, אַז מען קוקט צו מזרח=צפון=זייט, דאָרט איז „להאַסאַ". אַהין האָב איך זיך מיט אים געלאָזט. אַ העלפּט האָט זיך פון מיר אָפּגעריסן און געבליבן אויף יענער זייט בערג...

שפּעטער האָט מען געקענט מיינען, אַז זי איז אַליין געגרן צו דערציילן די סיבה, וואָס אירע האָר זיינען איר אַזוי פרי ווייס געוואָרן, מיט דער ווייסקייט פון די פאַרשנייטע בערג. אַליין איז זי פון שאָטלאַנד, אַ טאָכטער פון אַ רייכן גוטסבאַזיצער. אַ איין=און=איינציקע. קינדווייז האָבן זי די עלטערן גענומען אויף אַ רייזע קיין אינדיע און איר איז געבליבן אין זכרון דער אָנבליק פון די הימאַלאַיער בערג. זי האָט עס קיינעם ניט דערציילט, אַז אינאיינעם מיט איר וואוקס זיינען אַלץ רייפער געוואָרן אין איר ווען די הימאַלאַיען. ביסלעכווייז האָט עס פאַרנומען אַלע אירע געדאַנקען. אין שול, ווען עס איז פאָרגעקומען די לעקציע איבער געאָגראַפיע, האָט איר אינטערעסירט נאָר די מאַפּע, דער וועלט=טייל, וואו די הימאַלאַיער בערג האָבן זיך געפונען.

— זעסט מיינע האָר, — האָט זי זיך אַ נייג געטאָן צו מיר, — אַנו טרעף, וואָס פאַר אַ קאָליר זיי האָבן געהאַט? מיינסט אַוודאי בלאָנדע? אָ, ניין — כמעט שוואַרצע, — און אויגן דווקא טונקל=בלויע, יאָ, אַלע מיינען, אַז מיינע האָר זיינען געווען בלאָנדע... אים האָב איך באַגעגנט אין מיטל=שול. מיט מיר אין איין שורה איז ער געזעסן. איך האָב אים כסדר צוגעוואָרפן אין דער שטיל: „איין וועלט פאַרהאַן — די הימאַלאַיער בערג! די וועלט גיב מיר, נאָר די וועלט גיב מיר". ער האָט מיך ליב געהאַט. און איך האָב אים געזאָגט: „וועסטו מיט מיר קלעטערן אויף יענע בערג — יעמאָלט וועל איך. יעמאָלט בין איך גרייט מיט דיר צו גיין אַפילו אין פייער און וואַסער" — ער האָט מיר צוגעזאָגט. ער איז געווען מיט איין יאָר עלטער אינגאַנצן פון מיר.

און ווייטער האָט זי דערציילט, ווי זי האָט מיט אים אָפּגעמאַכט אינדערשטיל, אַז נאָכדעם, ווי זיי וועלן ענדיקן, ווען זיי וועלן אַלט ווערן, ער איין=און=צוואַנציק יאָר און זי — צוואַנציק, זאָלן זיי

אַרויספאָרן מיט באַזונדערע וועגן. ער — דורך יאַפּאַן און כינע, און זי — דורך עגיפּטן און באָמבּיי. און דאָ וועלן זיי זיך טרעפן, וועלן בּיידע קומען אײַננעמען די דאָזיקע בּערג. ערגעץ אין יענע בּערג וועלן זיי זיך פאַרקנסן. — —

— און אפשר האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז מיר וועלן אַרויפ־קלעטערן אויפן עווערעסט, — האָט זי צוגעגעבּן.

איך האָבּ בּאַמערקט, אַז אין לויף פון איר דערציילונג האָט זיך איר פּנים געבּיטן, ווי אײנע׳, וואָס לעבּט איבּער נאָך אַמאָל אַ גרויס גליק. — — —

— אָט זעסטו, צו דער רעכטער זײַט, וואו עס זעט זיך דער דזשעלעפּ־לאַ־דורכגאַנג, דאָרטן — דאָרטן — האָט ער זיך פון מײַנע אָרעמס אַרויסגעגליטשט און געפאַלן... דער שניי האָט אים אײַנגע־שלונגען. — — אָ, פון יעמאָלט — די בּערג לעבּן אין מיר. און ער מיט די בּערג, מיט די הימאַלאַיען — לעבּט ער אין מיר. אָט דאָס איז דער שניי אויף מײַן קאָפּ. ניט קיין האָר — און מער בּאַדאַרף איך ניט. אַ־עדער וויל מיך פאָטאָגראַפירן אויפן פאָן פון די הימאַלאַיען, כּדי מײַן קאָפּ זאָל זיך צונויפגיסן מיט יענע שנייען, — איך נייטיק זיך ניט אין דעם. — אַ־עדן יאָר, אין דער צײַט, קום איך אַהער — — כאַ—כאַ—כאַ.

און זי האָט זיך צעלאַכט אויפן קול, דריקנדיק צו זיך מײַן פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט.

עס איז ניט שווער געווען אַרויסצוטיילן די פאַקטן פון איר אייגענער פאַנטאַזיע, ווייל דער שניי־ווייס אויף איר קאָפּ איז געווען אַ פאַקט, ווי עס איז אַ פאַקט דער אייבּיקער שניי אויף די שפּיצן פון די הימאַלאַיען. דער מאַטער בּלוי אין אירע אויגן, וואָס האָט צייטנווייז געגליט ווי אַן אָפּאַל, ווען ער רעפלעקטירט אין זיך ליכט, — איז אויך געווען פאַרשטענדלעך... די ליבּע צו אַ מאַן, אָדער די ליבּע צו די הימאַלאַיער בּערג, קענען בּיידע זיין גע־פערלעך.

---

מיר האָט נאָר געוואונדערט, ווי אַזוי זי האָט מיך שפּעטער נאָכגעקוקט, ווען איך האָבּ זיך מיט איר געזעגנט. האָט, ווייזט

אויס, נאָכגעשפּירט, וואו איך וואוין. ווייל אינאָוונט האָט זי אָנגעקלאַפּט ביי מיר אין טיר און האָט זיך אַנטשולדיקט:

זי האָט מיר אָפּגעבראַכט צוריק מיין פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט און דערקלערט, אַז צוליב דעם איז זי געבליבן דאָ דעם גאַנצן טאָג, ווייל זי האָט באמת מיין אַפּאַראַט ניט באַדאַרפט, נאָר זי האָט חושד געווען, אַז איך האָב זי פאָטאָגראַפירט, ווען זי איז געשטאַנען מיטן פנים צו די בערג. האָט זי געגעבן צו אַ פאָטאָגראַפער צו אַנטוויקלען דעם נעגאַטיוו און זיך איבערצייגט, אַז דאָס לעצטע בילד איז גאָר געווען פון אַן אַלטן לאַמאַ-פּריסטער. זי האָט זיך נאָך אַמאָל אַנטשולדיקט דערפאַר, וואָס זי האָט נאָכגעפאָרשט וועמען איך פאָטאָגראַפיר, און האָט מיר אין אַ קאָנווערט איבערגעגעבן דעם אַנטוויקלטן נעגאַטיוו.

אין הויז, וואו איך האָב געוואוינט, האָב איך זיך נאָכגעפרעגט אויף איר, האָט קיינער פון איר קיין אַנונג ניט געהאַט. נאָר אַז איך האָב אויפגעעפנט דעם קאָנווערט צו באַטראַכטן דעם נעגאַטיוו, האָב איך געפונען אַ צעטעלע מיט איין שורה:

„ניט גלויבט, וואָס מענטשן דערציילן אייך אין די הימאַלאַיער-בערג".

# ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע

## 1

עס זיינען פאַרגאַנגען באַלד צוואַנציק יאָר, זינט יענער ווייטער און נאָנטער ווינט האָט געצויגן דורך מיין גאַנצן וועזן. יעמאָלט איז דער נאָמען ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע אָנגעקומען פון מזרח קיין מערב. שווער געווען צו באַגרייפן, פון וואָס פאַר אַ ווייטקייט דער נאָמען קומט. אינדיע איז גענוג ווייט פאַר אונזער באַגריף און טאַגאָרעס לידער, מיט דער שטימונג, וואָס האָט פון זיי געצויגן, האָט דאָס לאַנד ניט קיין סך דערנענטערט. פון צווישן די שורות האָט זיך אויפגעהויבן אַ טוי, ווי עס הייבט זיך אויף דער פאַרנאַכטיקער טוי צווישן ביידע ברעגעס פון אַ גרויסן טייך און פאַרשטעלט דעם איבערפלאַך פון וואַסער. נאָך ביז איצטער ניט געקומען דער פרימאָרגן-ווינט און באַגינען-זון, וואָס זאָלן דעם נעפל צונעמען. די צייט האָט אונז מיט אינדיע נאָך ניט דערנענטערט. איצטער איז טאַגאָרעס געזאַנג פאַר גאָר אַ סך דער ווינט צווישן גראָזן, אין שפעטן פרילינג און שווער איז, אין דעם נאָך מלחמה-פעריאָד, דעם ווינט צו פאַרנעמען.

די נאָנטקייט, וואָס איך האָב יעמאָלט פערזענלעך דערשפירט צו אים, האָט געהאַט צו טאָן מיט מיינע שטימונגען. נאָך מיט פינף יאָר פריער האָב איך פאַרעפנטלעכט מיינע „וואַנדערער-טרוימען" און אַנדערע לידער אין פראָזע — און געוואָרן אויסגעהוזקט פון קריטיקער:

— „מיר באַדאַרפן האָבן ברויט און ניט קיין בלומען!"

ניט אַלץ האָט זיך געביטן פאַר דער צייט. קוואַלן זיינען נאָך ניט אויסגעשעפּט געוואָרן און טייכן לויפן נאָך אַלץ צום ים אַ־אָפּ. און עס האָט זיך אויך ניט איבערגעריסן דער פּאָרים, וואָס ציט זיך

אַוועק, העט-ווייט, ביז צו יענעם לאַנד, וואו עס זינגט אַזאַ פרייִדיק-טרויעריקער דיכטער די געזאַנגען פון זיין פאָלק.

כמעט אין דער יוגנט האָט ער געטראָגן דעם ערנסט פון יאָרן:

— „מען האָט מיך אײַנגעלאַדן צו וועלטס גרויסן יום-טוב, און אַזוי איז מיין לעבן געבענטשט. מיינע אויגן האָבן געזען און מיינע אויערן האָבן געהערט“.

— „אויף מיין טייל איז אויסגעקומען צו שפּילן אויף מיין אינסטרומענט, און אַלץ, וואָס איך האָב געקענט, האָב איך געטאָן“.

— „איצטער פרעג איך: צי איז שוין געקומען די צייט, אַז איך זאָל גיין און דיך זען און דיך באַגריסן מיט מיין שטילשווייגן?“

וויפיל ער האָט פאַר אונז ניט געמאָלן זיין לאַנד און זיין פאָלק; וויפיל ער האָט זיך ניט באַמיט צו דערנענטערן אונז מיט זיין פאָלק און לאַנד, — איז דאָס אים ניט געלונגען, ווייל דורך זיין שווייגן האָט ער עס געטאָן. ווי קלאָר ער האָט זיך ניט אויסגעדריקט (און ניט אַ סך ווי ער אין דער וועלט-ליטעראַטור האָבן האָבן אַזוי קלאָר געלייטערט זייער וואָרט און ליד); פונדעסטוועגן איז טאַגאָרען ניט געלונגען צו עפענען פאַר אונז דעם פאָרהאַנג, אַז מיר זאָלן קענען זען פון ווייטן זיין אייגענעם לעבן.

איך האָב אים שפּעטער געהערט אין ניו-יאָרק רעדן עפנטלעך, אין אַ גרויסן זאַל פאַר אַ גרויסן עולם. ער האָט געקריטיקירט דעם מערב-נאַציאָנאַליזם און שטאַרק אָנגעגריפן די דערוואַכטע יאַפּאַנער. און מיר האָט אַלץ געקלונגען אַ שורה פון זיינס אַ ליד:

„איך בין ווי אַ רעשטל וואָלקן אויפן האַרבסטיקן הימל. אָ, מיין לויטערע זון האָט זיך נאָך ניט אײַנגעזויגן אין מיר, צו פאַרוואַנדלען מיך אין ליכט...“

עס איז געווען שוין אין רעכטן פלאַקער פון וועלט-מלחמה. אים האָט אונטערגעשטויסן עמעצנס אַ האַנט: „רעד העכער, ווייל מען וועט דיך ניט דערהערן“.

זיין גאַנצער שטרעבן איצטער צו פאַראייניקן אידעיש מזרח מיט מערב — איז זיין חלום און אפשר אויך די לעצטע אַנטוישונג זיינע. וואָרעם ניט נאָר ווייטע ימען טיילן פונאַנדער מזרח און מערב,

און טײלן פונאַנדער די פעלקער פון די בײדע װעלט־טײלן. עס
עס װאָלט די װײטקײט ניט געװען קײן גרױסע שטערונג. דער מערב
האָט פאַרנענטערט די שטרעקע דורך שיפן און לופטשיפן; דורך
ים־קאַבעלן און דראָטלאָזן טעלעגראַף און — די דערנענטערונג קומט
ניט. מערב װיל קײנעם אױסער זיך ניט קענען. מערב װיל הערן
נאָר זײן אײגענע שטימע און דער מערב פאַרשרײַט זײן אײגענע שטימע.

איך האָב זײן װײטאָג פאַרשטאַנען, װײל ער איז דאָך פון
די אײנציקע געלײטערטע, װאָס טראָגן ניט קײן בײז צו קײנעם.
און אפשר זעט ער ניט די גאַנצע בײז, װאָס עס טוט זיך אונטערן
הימל. ער זאָגט דאָך:

„די רעגנטראָפּנס קושן די ערד און שעפּטשען צו איר אין דער
שטיל: אָט זײנען מיר, דײנע טרײַעריקע קינדער, װאָס קערן זיך צו
דיר אום פון הימל".

אָדער:

„די שפּינװעבס זעט אױס גלײך, װי זי װאָלט געװען אָנגעצײגן,
אױפצוקלײַבן די טױ־טראָפּנס".

אָדער װען ער פרעגט:

„אָ, װאָס איז דאָס, װאָס דריקט אַזױ מײן האַרץ?" — און
ענטפערט: „עס איז מײן נשמה, װאָס װיל אַרױס צו דער אומענדלעכ־
קײט, און אפשר גאָר די נשמה פון דער װעלט, װאָס װיל אַרײַן
אין מײן האַרץ" —

אפשר איז ער פאַרבלענדט פון אינדיעס זון און זעט ניט דאָס
שלעכטס, װאָס טוט זיך אונטער דער זון. איצטער איז אים שװער.
ער קלאָגט זיך, אַז צופיל איז ער באַלאָדן מיט יאָרן און כּבֿוד. ער
בענקט נאָך דער פרײַער יוגנט זײנער. געװיס איז ער געװען אין
זײן יוגנט פרײַ, אױף װיפיל ער האָט זיך אַלײן דערקענט אין דער
נאַטור און האָט זיך פאַרבּרידערט מיט זײן בענגאַלישער נאַטור
און אירע קאַפּריזן. זײן יוגנט איז קײנמאָל ניט אַרױס פון די קינ־
דערשע גרענעצן. ער װיל עס נאָך עד־היום ניט מודה זײן.

„אַלע מיר זײנען קינדער און שפּילן זיך בײם ברעג ים מיט שטײנד־
לעך. און אַפילו דאָס, װאָס איז פאַר דערװאַקסענע װערטפול, —
פאַר קינדער איז קײן חילוק ניט".

זיין פאלק האט אים ליב. זיין בענגאליע. די בענגאלישע שפראך, וואס ער האט צום לעבן דערנענטערט דורך זיין געזאנג, — די שפראך רוישט אים איצטער אין די אויערן ווי דער באגינען-ווינט צווישן די מאנגא-ביימער.

2

מיר האט פארדראסן, וואס ער איז פונקט געווען אין אייראפע, בעת איך בין אנגעקומען קיין בענגאליע. און נאך טיפער האט מיר וויי געטאן, וואס דאס ווייט-אויסגעחלומטע לאנד האט פאר מיר אויפגעדעקט די קראנקע אריענטאלישע ווירקלעכקייט. כאטש איך האב געוואוסט, אז קאלקוטע, די גרויסע שטאט, איז ניט דאס פעלד, וואו צווישן די ביימער גייט אום טאגאר'ס ליבע מיט שטילע טריט. אויך ניט אין קאלקוטע זיינען די „פארבלאנדזשעטע פייגל", די מחשבות זיינע. אויב מחשבות — זיינען זיי אין קאלקוטע ביטערע. איך האב מיר דערוואוסט, אז טאגאר'עס אמתע היים איז גארניט אין קאלקוטע, וואו עס שטייט זיין הויז אין טאגאר-געסל, נאר א הונדערט מייל אוועק, אין ווייטן פעלד, ערגעץ אין דער שטילער וועלט האט ער זיין היים, וואו שוין מער ווי דרייסיק יאר דערציט ער א יוגנט און לערנט זי צו גיין אין זיינע וועגן. דאס בענגאלישע פאלק רופט אים: דער פאעט. מען ווייסט וועמען דאס פאלק מיינט. דאס פאלק האלט אים פאר א הייליקן, פאר אן אויסדערוויילטן. נאר וואו איז די ווירקונג זיינע אין לאנד? צווישן די, וואס זינגען געלייטערטע לידער?

ניט פון זיין לאגער אדיים קומט דער גרויסער פראטעסט צו אינדיעס אונטערדריקער. דער פראטעסט קומט פון גאנדהים לאגער, פון יענעם לאגער שלייערט מען שטיינער דער מערב-ציוויליזאציע און פון דארטן קומט דער רוף:

„זאל דער מערב לאזן אינדיע אומגיין נאקעט און זיך פארטיפן אין דער אייגענער נשמה!"

א בעל-חלומות א גרעסערער איז טאגאר'ע, וואס חלומט, אז מזרח און מערב וועלן זיך באגעגענען און מענטש וועט מענטש דערקענען.

קיין אינדיע האָב איך געבראַכט מיין אייגענעם חלום און געזוכט אים אויסצובאָרן אין אינדיעס פרידלעכן לעבן. און איך קען ניט זאָגן ווי טאַגאָרע:

„מיינע מחשבות ציען ווי מחנות פייגל אונטערן הימל, אָ, איך פאַרנעם זייערע פליגל...“

איך האָב שוין גיכער מיטגעפילט מיט אים, ווען ער זאָגט:

„די צעווייטאָגטע וועלט קושט מיין נשמה און פאַרלאַנגט, איך זאָל דעם ווייטאָג פאַרוואַנדלען אין געזאַנגען“.

ווי האָט מיך געדריקט די לאַגע פון די אינדישע מאַסן, די הונגעריקע און אויסגעווייטאָגטע, וואָס דינען צו אַלע געטער און אָפּגעטער און ברענגען קרבנות, האַקנדיק קעפּ פון ציגן־בעק און בופלאַקסן! אַ רויטער נעפּל האָט זיך אַ צייט געשפּרייט פאַר מיינע אויגן, נאָכדעם ווי איך האָב עס צוגעזען. איך האָב געמוזט איבעררייסן מיין שוין צעשטערטן ניגון און אַוועק אין די הימאַלײַער בערג. אַ גרויסע בענקשאַפט האָט מיך אַרומגעכאַפּט דאָ, אין אינדיע, ווי נאָך קיינמאָל ניט. און דווקא דערפאַר, וואָס פון אינדיע קומט ער אַרויס, דער אַזויפיל געלייטערטער טאַגאָרע. אויך איצטער, ווען איך האָב זיך געוואַרעמט אונטער זיין זון און זיך געקילט אין שאָטן פון זיינע מאַנגאָ־ביימער — קען איך אַליין קיין באַשייד ניט געפינען צו מיינע, אין טרויער־פאַרנעפּלטע שטימונגען.

3

לעבנדיק שפּעטער אין די הימאַלאַיער בערג, ביי דער טיבעטיאַנער גרענעץ, צווישן פּרימיטיווע שבטים, וואָס זיינען קולטורעל הינטערשטעליק דעם אינדישן פאָלק, דאָרטן האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט אַ סך איבערצוטראַכטן. דאָרטן, אויף אַ הייך פון צען טויזנט פוס, איז מיר גרינגער געווען אַריבערצוואַרפן מיטן געדאַנק אַ בריק צווישן מזרח און מערב און אַליין פרוּוון איבער איר אַריבערגיין.

מיר איז פונדערווייטנס קלערער געוואָרן ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע, וואָס לעבט מיט זיין מהות גאָר אַ סך אין דער מערב־וועלט. גלייך

זוי די אויסדערוויילטע פון די מערב-מענטשן, וואָס מזרח און מערב ווערט ביי זיי פאַרבונדן דורך איין זון אין איין לויטער טאָג.

שטראָמען מעכטיקע ציען דורכן לאַנד און פאָלק און איצטער דאָס, וואָס רעגט דעם מערב, רעגט דעם מזרח. און וואָס בלייבט איצטער פאַר אונזער יאָרהונדערט, אויב ניט צו בינדן פאָלק מיט פאָלק און מענטש מיט מענטש? די אויסגעשטרעקטע הענט ציען זיך דאָך איינס צום אַנדערן; די הענט קומען פון דער טיף, פון צווישן די דערנידעריקטע מאַסן; זיינען דאָך אין אינדיע אויך פאַראַן די דאָזיקע הענט, — כאָטש גאַנדהי שעפּטשעט אין דער שטיל: „מזרח, מזרח איז אַייער וועלט“. טאַגאָרע און גאַנדהי — צוויי באַזונדערע וועלטן.

ווען טאַגאָרע האָט זיך אומגעקערט פון איראָפּע, בין איך געפאָרן צו אים אויפן לאַנד. און דאָס איז געווען נאָכדעם, ווי איך האָב זיך שוין באַקאַנט מיט זיין לאַנד און מיט זיין פאָלק, ווען ליכט און שאָטן פון אינדיעס ווירקלעכקייט האָבן זיך קאַליידאָסקאָפּיש געמישט פאַר די אויגן. וויפיל מאָל האָב איך זיך געחידושט, ווי אַזוי פון אַזאַ פאַרקריפּלט לעבן קענען אַרויסקומען טאַגאָרע-דערשיינונגען. און אַ סך מאָל בין איך אַליין אין אינדיע אומגעגאַנגען אין אַ יום-טובדיקער וועלט, די אויגן האָבן ניט באַמערקט, ניט די אָרעמקייט, ניט דעם פאַנאַטיזם, ניט די פאַרשמירטע און געצייכנטע פּנימער, און ניט די פרויען פון פאָלק, אַרומגערינגלטע מיט די מחנות קליינע, אָפּגעריסנע און אויסגעהונגערטע קינדער.

פאָרנדיק צו אים מיטן באַן פון קאַלקוטע, איז מיט מיר אין קופּע געזעסן אַ מיטליאָריקער אינדוס, וואָס האָט, נאָך אַ לאַנגן באַטראַכטן מיך, זיך געווענדט צו מיר:

— דו פאָרסט אַוודאי צו אונזער גרויסן דיכטער?

— ווי אַזוי האָסטו עס דערקענט?

— ווייל מיט דער באַן, אַז אַן אויסלענדער פאָרט, איז דאָס געוויס צו ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע. ער האָט אַ סך באַזוכער פון צווישן אויסלענדער. זעט אויס, אַז אין אויסלאַנד לעזט מען זיינע ווערק מער ווי דאָ, ביי אונז.

איך האָב מיר דערוואוסט, אַז דער אייגענער מאַן האָט געהאַט אַ קינד ביי טאַגאָרען אין שול און ער האָט עס שפּעטער אָפּגענומען. איך האָב געוואָלט וויסן, פאַרוואָס ער האָט עס געטאָן. האָט ער מיר דערקלערט:

— מיר, נאַציאָנאַליסטן, גייען זיך פונאַנדער מיט זיינע אידעען. מעגלעך, אַז מיר קענען אין אַייערע אויגן אויסזען פאַנאַטיש. אָבער מען באַדאַרף אונז פאַרשטיין. אפשר איז מאַהאַטמאַ גאַנדהי איך ניט גערעכט אינגאַנצן, ווען ער פאַרוואַרפט אָן אַ זייט, ווי עפּעס שעדלעכס און אומריינס, די מערב-קולטור און ציוויליזאַציע, — אָבער דאָס איז נייטיק. אַנדערש הערט זיך אונזער פאָלק ניט באַפרייען. אַנדערש וועט עס ניט ווערן וואַך צו די אייגענע באַדערפענישן. טאַגאָרע ווידער, איז באַאיינפלוסט פון מערב-איראָפּע. ער וויל אונז מאַכן גלויבן, אַז פון דאָרטן קומט חכמה און פּראַקטישקייט, קולטור און אויך עטיק. — און אַזוי לאַנג, ווי ענגלאַנד באַהערשט אונז; אַזוי לאַנג, ווי ענגלאַנד האָט דאָ דעם שול-וועזן אונטער איר קאָנטראָל, די שפּראַך איז ענגליש — אַנטקעגן וועלכער מיר קעמפן, כדי זי זאָל ניט נעמען די איבערהאַנט איבער אונזער שפּראַך — יעמאָלט איז טאַגאָרעס לערע פאַר אונז שעדלעך. ער וואָלט אונז גרינג געקענט באַאיינפלוסן, אַז מיר זאָלן זיך אָנהייבן צו באַציען סימפּאַטיש צו אַלץ, וואָס ענגלאַנד האָט אַהער אַריינגעבראַכט. ווייל יעמאָלט, אויב איראָפּעישע קולטור איז דאָס העכסטע, טאָ צוליב וואָס פאַרטרייבן די ענגלענדער? האָבן מיר דאָך די בעסטע געלעגנהייט איצטער. וואָס וואָלט ענגלאַנד ניט פאַרפלאַנצט, ווען מיר לאָזן זיך? כאָטש מיר, בענגאַליער, ווייסן ווער טאַגאָרע איז. מיר פאַרגעטערן אים פּשוט. וואָרעם וואָס איז אונזער שפּראַך געווען ביז ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע איז אויפגעקומען? אַ לעבעדיקער און קרעפטיקער דיאַלעקט, אָבער ווייט פון דער הייך, וואָס די שפּראַך האָט דערגרייכט אַדאַנק אים. זיינע לידער זינגען אויף די ליפּן פון בענגאַלישן פאָלק.

ווען דער צוג איז אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע באַלפּור, פונוואַנען מען פאָרט אַ עטלעכע מייל ביז ווישוואַ באַראַטי, טאַגאָרעס רעזידענץ, איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט. מיטן אויטאָ-

בום בין איך געפארן דורך א אומבאקאנטן סטעפ צו דעם, אזוי ווייטן און נאענטן מענטשן. צו שפעט בין איך אנגעקומען, און ער איז שוין געשלאפן.

מיר האט מען אויסגעבעט א געלעגער אין שטוב. אויפן טישל, לעבן מיין געלעגער, זיינען געלעגן א פאר פון טאגארעס לירישע זאכן. איך האב געבלעטערט זיינע שריפטן און דורך מיין געמיט האט געצויגן יענע צייט, ווען איך האב זיך מיט זיינע געלייענטע, לירישע לידער באקענט צום ערשטן מאל.

די אויגן האבן זיך אנגעשלאגן אויף די ערשטע שורות פון א לירישער זאמלונג:

„הארבסטיקע פייגל פארבלאנדזשעטע ציען פארביי מיין פענסטער און זינגען, זינגען — — —

און הארבסטיקע בלעטער פארגעלטע, וואס קענען ניט זינגען, זיפצנדיק פאלן זיי און פאלן...“

פון ערגעץ האבן זיך געטראגן טענער פון דער וויינע און א לייכטער, איינזאמער בום... בום... פון א פויק. איך בין שלעכט געשלאפן די נאכט.

4

זעקס-און-זעכציק יאר איז ער אלט. זיין שטימע שוואך. און אזוי זעלטן הייבט ער אויף די אויגן, בעת ער רעדט. און ווען ער עפנט די אויגן, איז זיין בליק אזוי ברייט, אזוי באלויכטן. און זיינע צוויי הענט, ווייכע, צארטע הענט, ווען זיי האבן ארייגגענומען מיין האנט, האב איך אין זיי געשפירט אינדיעס הייס און מידן זומער.

זיין וועלט. אליין פאר זיך האט ער באשאפן א וועלט. שווער ליגן אויף זיינע אקסלען די יארן און נאך מער — די לאסט פון כבוד. אזוי אפט דערמאנט ער איצטער דעם סוף פון זיינע יארן:

„און אז דער טויט וועט קומען און מיר אײנראמען א סוד: דיין שעה איז געקומען, — וועל איך אים זאגן:
— איך האב געלעבט און געליבט.

וועט ער ווידער פרעגן: — צי וועלן דיינע לידער נאָך דיר איבערבלייבן? וועל איך ענטפערן: — ניין איך ווייס ניט. נאָר איינס ווייס איך, אַז אָפט, ווען איך האָב געזונגען, האָב איך די אייביקייט געשפירט. — —"

זיינע גרויסע שטרעקעס לאַנד האָט ער פאַרוואַנדלט אין לאַנד פאַן פרידן און אייביקן פרילינג. כאָטש די זון האָט געגליט איבער זיין לאַנד, ווען איך בין ביי אים געווען — נאָך ווי שיין האָט געלעבט דער פרילינג צווישן זיינע צעבליטע ביימער:

זיינע צוויי הונדערט תלמידים, בחורים און מיידלעך, זיינען כיתות־ווייז געזעסן מיט זייערע לערער אין שאָטן פון צעבליטע ביימער, האָבן געשפילט און געלערנט.

וויפיל זון אַרום זיינע פענסטער! די נידעריק־געמויערטע, ברייטע שטוב אין פעלד מיט דעם אָפענעם דורכגאַנג אינמיטן און רעכטס, זיין באַשיידענער שרייב־צימער, מיט פענסטער פון אַלע זייטן. די רויטע ערד אַרום האָט זיך געגליט אין דער באַגינענדיקער זון. און ער — מיט זיין פעדער אין האַנט, ריינער, ווייסער פּאַפּיר פאַר די אויגן, און די שווערע ברעמען אַראָפּגעלאָזן — — —

נעכטיקנדיק ביי אים, האָב איך איבערגעלעבט דאָס אייגענע, וואָס מיט צוואַנציק יאָר צוריק, ווען איך האָב די ערשטע נאַכט געשלאָפן ביי יצחק לייב פרץ, אין וואַרשע, לעבן זיין שרייבטיש. יעמאָלט, זיצנדיק לעבן מיר, אין זיין לאַנגער נאַכטהעמד, אין אַ הייסער זומער־נאַכט (ער האָט געקוקט צום באַגינען, וואָס האָט זיך געגרייט אין פענסטער). ער האָט זיך באַמיט מיר אָנצווייזן אויף די שטילע וועלטן, וואָס לעבן אין אונזער טומלדיקן לעבן און טרויעריק צוגעגעבן:

— אין אונזער ליטעראַטור גייט מען אום מיט שווערע טריט; קלאַפּט מען מיט די אָפּצאַסן, געשמידט מיט אייזערנע פּאָדקאָוועס.

נאָך ביז היינטיקן טאָג הילכן די שווערע טריט, אָט די, מיט פּאָדקאָוועס געשמידטע אָפּצאַסן. איצטער, זיצנדיק קעגנאיבער טאַמאַרען, לעבן זיין שרייבטיש, בין איך געווען אין דער אַבסאָלוטער שטילקייט, אַחוץ דעם גאַנג פון מיין בלוט אין די אָדערן האָב איך

געקענט הערן און פון דער שטילקייט פאַרנומען די ענגלעכע ווער־טער:

— אין אונזער ליטעראַטור גייט מען אום מיט שווער׳ע טריט...

— אַ וואונדערלעך פאָלק, דאָס יידישע — דאָס טאָ״ען נאָך אַ לאַנגען שטילשווייגן אַרויסגעזאָגט — אַזוי צעוואָרפן איבער דער וועלט, אַזוי צעשפּרייט, און פונדעסטוועגן איך אַלע געביטן אַזוי פּראָדוקטיוו. אַ וואונדערלעך פאָלק.

דאָס איז געווען אַן ענטפער אויף מיינע רייד איבער אונזער ליטעראַטור אין די לעצטע יאָרן. איך האָב דערביי געוואָלט אויסמעסטן דעם שטח, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט צווישן מיר, דעם יידישן שרייבער, און אים, דעם בענגאַלישן. אונזער שמועס האָט זיך געצויגן. ווערטער זיינען געפאַלן ווינציק: „מזרח״, „מערב״, „אייראָפּע״. „סאָציאַלע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד״. „אַמעריקע און אינדיע״. „מענטש און וועלט״. „פרייד פון לעבן און שטאַרב, וואָס ליגט זיך אויף די באָרוועסע פיס...״

אין אינדיע קען מען מיינען כסדר, אַז די לויטערע אויגן פון פאָלק לייכטן פון שטויב אַרויס.

דאַכט מיר, אַז איך בין קיינמאָל אַזוי פּראַקטיש ניט געווען מיט מיינע רייד, ווי אין יענעם באַגעגעניש, ווען איך בין געזעסן אַנטקעגן דעם שיין גרוי געוואָרענעם טאַגאָרען, ביי זיין שרייבטיש. אפשר האָט ער פאַרשטאַנען מיינע געדאַנקען. אפשר געשפּירט דאָס אייגענע, וואָס איך אין יענעם באַגעגעניש, ווען די זון איז אויפגעגאַנגען און ער איז געזעסן ביי זיין שרייבטיש מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

איך האָב זיך געוואָלט טיילן מיט מיינע שווערע איבערלעבונ־גען ביי אים אין לאַנד, גאָר ווי אַזוי האָב איך דען געקענט ווייטאָן דעם מענטשן, וואָס זאָגט:

„איך בין ווי דער וועג אין דער נאַכט, וואָס פאַרנעמט
דורך דער שטילקייט די טריט פון זיינע זכרונות״?

ער איז ליכטיק, מיסטיש געשטימט, און אַזוי אויך זיינע תלמידים,

זיינע קינדער, לערנען אונטער די ביימער — אינדיעס אייהעלע זין און טעכטער.

---

אַלץ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, איז אַוועקגעגאַנגען אויסצוהאַלטן זיין שול. ער פאַרמאָגט שוין ווייניק. „גוטע מענטשן אין אַמעריקע קומען אים צו הילף".

— איצטער בין איך מיד. אַ סך איבערגעלעבט אין אייראָפּע. מיין האַרץ איז מיר שוואַך. גוט וואָלט געווען איצטער צו רוען. טרייבן מיך די פליכטן, איך זאָל פאָרן איבערן לאַנד. מען האָט מיר צוגעזאָגט פאַר מיינע פאָרלעזונגען. מיין שול איז אין נויט. איך מוז עס אָננעמען. שטויב, היץ, אָנשטרענגונג — איך מוז עס צו דער עלטער אָננעמען. ביי דער רעגירונג פאַרלאַנג איך ניט. מיין קאַפּריז און מיינע אידעען — ניט אַ סך פאַרשטייען עס ביי אונז אין לאַנד. ביי אייך פאַרשטייט מען מיך בעסער.

די לימודים גייען אָן פון זונאויפגאַנג ביז עלף און דערנאָכדעם, פון דריי, ביז צו דער שקיעה. אין די שעהן פון מיטאָג איז אַלץ אַרום שטיל. די ביימער קאָרטשען זיך אונטער דער ברענענדיקער זון. אין דער דאָזיקער היץ בין איך אומגעגאַנגען איינער אַליין צווישן די ביימער, וואָס דער דיכטער האָט געפלאַנצט, אַריינגעקוקט אין די טיפע ברונימער, וואָס ער האָט געגראָבן, און פאַרנומען די שטילקייט, וואָס ער האָט אַרום און אַרום אויסגעשפּרייט.

5

אינאָוונט האָבן איינס נאָך איינס עטלעכע שילער, יונגע בחורים און אַ פּאָר מיידלעך פאַרבייגעגאַנגען מיין פענסטער. פאַמעלעכע טריט אין סאַנדאַלן. איך בין געשטאַנען אין פענסטער, האָבן זיי מיך באַגריסט. די נאַכט אין אינדיע פאַלט צו מיט האַסטיקע טריט. איך בין אַרויס צו דער יוגנט און אַ צייט האָבן מיר זיך צוגעהערט צו די זעג־זשוקעס און צו די גרילן, וואָס האָבן זיך דורכגערופן. אַזוי זיינען מיר געקומען צום טעמפּל, וואו איינמאָל אין

וואָך רעדט פאַר זיי דער גרויסער לערער זייערער, פון לעבן און ציל פון לעבן. און איינער האָט מיט באַשיידנקייט געזאָגט:

— אונזער דיכטער לערנט אונז, ווי אַזוי צו פאַרשטיין אייער וועלט. ער לערנט אונז, ווי אַזוי מיר זאָלן זיך קענען דערנענטערן צו דער מערב־וועלט.

שטיל האָט אַ מיידל געזאָגט:

— ווייל אונזער דיכטער זאָגט, אַז קיינמאָל קען קיין שלום און שלווה ניט זיין אויף דער ערד, אויב די דאָזיקע דערנענטערונג וועט ניט קומען.

דער הימל האָט זיך אויסגעשטערנט. (גרויסע, שווערע שטערן רייסן זיך פון הימל אין אינדישע נעכט). די שילער זיינען געזעסן אַרום מיר און איך האָב געשפּירט זייערע בליקן, ווי זיי פאָרשן מיך, דעם פרעמדן, וואָס איז פאַר זיי אַ רעטעניש, ווי פאַר מיר זיינען אַזוי אָפט געווען אַ רעטעניש די קינדער פון אינדיע. מאַ־נאַטאָן האָבן זיך דורכגעוואָרפן רעפּליקעס און געפאַלן אויף מיין זייט:

— איר זייט קלוג, זאָגט אונזער דיכטער, נאָר דאָס, וואָס איר פאַרמאָגט, באַפרידיקט אייך קיינמאָל ניט, ווייל בודאי איז צו אייך קיינמאָל ניט דערגאַנגען.

— ביי אייך עסן מענטשן לעבעדיקע באַשעפענישן. אמת, אַז ביי אייך הרגעט מען די קו, וואָס ביי אונז האַלט מען זי הייליק?

— אמת, אַז איר קלייבט זיך נאָך צו פירן מלחמה מיט אַלע פעלקער פון מזרח?

און אַ מיידל האָט געזאָגט:

— אייערע פרויען ריידן פון זאַכן, וואָס מיר פאַרשטייען ניט. און זיי קוקן אויף אונז, ווי עלטערע קוקן אויף קליינע קינדער.

— איר זייט טאַקע דערוואַקסענער פון אונז, כאָטש דאָס אינדישע פאָלק איז אַ סך, גאָר אַ סך עלטער פון אייך.

עס איז אונטערגעקומען דער ווינע־שפּילער, וואָס בעת שפּילנדיק ביטאָג פאַר מיר, האָט ער זיך געקלאָגט, אַז דער טאָג איז צו־שרייעדיק, און פאַרשרייט די איידעלע טענער פון דער ווינע. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל איצטער פאַרריכטן דאָס, וואָ

דער טאָג האָט אים בייטאָג צעשטערט. ער האָט עס גערן געטאָן. אונזערע רייד זיינען צערונען און צעשוואומען געוואָרן, ווען ער האָט אָנגעהויבן צופּן די סטרונעס פון דער ווינע. די נאַכט האָט די אָפּגעריסענע קלאַנגען אויפגעכאַפּט און זיי אויסגעצויגן, אַוועקגעזומען צו זיך אין איר טיפעניש, די טענער האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ פאַרבענקטען נאָכקלאַנג.

— דאָס איז די מעלאָדיע, וואָס אונזער דיכטער האָט ליב. איצטער איז ער אַוודאי וואַך און ער הערט זיך איין.

— אַוודאי איז ער וואַך.

— ער שלאָפט ניט אַפילו יעמאָלט, ווען מען קען מיינען, אַז ער שלאָפט.

און זיי האָבן פאַרצויגן שטיל אַ ליד: טאַגאָרעס ווערטער אין טאַגאָרעס מעלאָדיע. די ווינע האָט באַגלייט און די קלאַנגען האָבן זיך געוויגט אין דער נאַכט.

---

ערגעץ זאָגט טאַגאָרע:

„אונזערע נעמען זיינען, ווי די פאָספאָר־פונקען, וואָס שטאַרבן, ניט לאָזנדיק קיין צייכן נאָך זיך".

מען קען עס ניט זאָגן אויף אים. ער איז אַ קינד פון זיין פאָלק און ער זינגט דאָס געזאַנג פון זיין פאָלק.

---

## „ווען עס זינגען די שטערן״

פֿאַרהאַנען בײַ די אינדוסן אַ גאַנץ אַלטער מוזיקאַלישער אינ-סטרומענט, אַ זיבן-סטרוניקער, פֿון גימאַ״ע-שניט — ווינאַ הייסט ער. די זיבן סטרונעס זײַנען אָנגעצויגן אויף אַ לאַנגן גריף, וואָס פֿאַרענדיקט זיך פֿון בײדע ברעגעס מיט פֿײַן-אויסגעהילטע באַלן ווי דיניעס, וואָס גיבן אַ רעזאָנאַנס דעם אינסטרומענט. די אינדוסן דער-ציילן, אַז די געטער האָבן נאָך געשפּילט אויף דער ווינע. נאָך איצטער איז די ווינע דער אינסטרומענט פֿון די בראַמינער. שפּילן אויף איר, מיינט דביקות. דער שפּילער האַלט דעם אינסטרומענט אָנגעשפּאַרט אויף די קני, בעת ער זיצט די פֿיס אונטער זיך. אַ צופּ אַ סטרונע מיט איין פֿינגער, דער טאָן קומט אַרויס און דער שפּילער באַוועגט זיך מיטן גאַנצן גוף, הוידעט זיך. נאָך די באַ-וועגונגען בויגט זיך דער טאָן, וואָס איז פֿון דער ווינע אַרויסגע-ריסן געוואָרן. די רעכטע האַנט טוט אַ צופּ די סטרונעס און לאָזט זיך שפּעטער אַוועק זוכן אין דער לופֿטן. די רעכטע האַנט באַגלייט דעם טאָן, ווען ער קײַקלט אין דער לופֿטן אַרום.

די האַנט פֿרעגט:

„אוי, וואָס איז דער תּכלית פֿון לעבן? און פֿאַרוואָס וויל די נאַכט ניט רוען און אַנטשווײַגן ווערן? אוי, ווי, אוי, ווי...״

דער ווינע-שפּילער בײַ ראַבינדראַנאַט טאַגאָרען האָט צוויי זייער אַלטע אינסטרומענטן, און ער ציטערט איבער זיי, ווי איבער צאַרטע, לעבעדיקע וועזנס. ווען ער האָט אײַנגעוויליקט צו שפּילן פֿאַר מיר, האָט ער שטאַרק באַדויערט, וואָס אים איז אויסגעקומען שפּילן פֿאַר מיר אין לויטערן בײַטאָג, ווען די נאַטור אַרום איז אָנגעגליט און וואַך. ער האָט געשפּילט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און זײַן גאַנצער קערפּער האָט זיך עלאַסטיש געוויגט. אַ מין התפּשטות הגשמיות. די רעכטע האַנט האָט נאָך יעדן קלאַנג זיך געצויגן ווי אַ שלאַנג

און געבעטן און גערופן דעם קלאַנג: „ניט פאַרלאָז מיך אַזוי שנעל!“ דער טיפער קלאַנג האָט זיך געקרייזלט אַרום, געברומט און געציטערט און זיך צעשפּליטערט אויף קולות און ווידער-קולות.

דערנאָכדעם האָט ער אויפגעעפנט די אויגן און ווי פאַר זיך גערעדט:

„די ווינע שפּילט נאָר גוט ביינאַכט, ווען די שטערן זינגען. די נאַכט איז וואַך און זי העלפט און זי הויפט די טענער פון דער ווינע אַרויס. זי רעדט צו דער ווינע און רופט פון איר אַרויס די קלאַנגען, וואָס שטאַמען נאָך פון די געטער אַליין. איצטער זעסטו, די ביימער אַרום זיינען צי-וואַך, שטערן מיר. און ביינאַכט זיינען זיי אין האַלבן דרעמל און האַלב אויף דער וואַך. יעמאָלט פאַרנעמען זיי אירע קלאַנגען און זיינען אַ טייל פון אַ נייער יצירה. אין דער ווינע איז די נשמה פון אונזער פאָלק. פון דער ווינע אַרויס וויברירט זי און בעט און ציט זיך צו אַלע וועלטן“.

ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווייל׳ע, מיט דער רעכטער האַנט זוכנדיק אין דער לופטן דעם טאָן, וואָס איז נאָר-וואָס פון אים פאַרשוואונדן.

געוויס האָט אונזער מוזיק ווייט זיך אָפגערוקט פון דעם פּרימיטיוון, מוזיקאַלישן באַגריף. אויפן פאַסטעך-פייפל שפּילט עמעצער דעם ניגון פון אַ פאָלק, און אויך אויף די סטרונעס פון אַ גיטאַרע טאַנצט פאָלקס חשק און געוויסן. די אָריענטאַלישע פעלקער, וואָס גרעסער דאָס פאָלק, אַלץ איינזאַמער בלאָנדזשעט אַרום זיין ניגון. און אויך די קלאַנגען פון דער ווינע, וואָס האָבן מיך אַזוי פאַמעלעך און זיכער אַרומגעוויקלט, אויך די דאָזיקע מעלאָדיע האָט מיך געריסן אין אַ זייט פון היינטיקער צייט אַרויס; געשלעפט מיין מהות צו אַ שטילן יהודהדיקן ווינקל. דורך דער מוזיק איז גרינג זיך צו דערקלייבן צום גרויסן מהלך, וואָס ליגט צווישן מזרח און מערב. אויף הויפּל מיר, דעם יידן, איז נאָנט דער מזרח-ניגון, האָב איך אין אים כסדר געשפּירט דעם גילגול פון אונזער אייגענעם ניגון, וואָס בלאָנדזשעט ביים ראַנד פון אַ מדבר.

אין יאַפּאַן האָט געדויערט אַ צייט, ביז זייער מוזיק האָט דורכגעלעכערט מיין אויער און געפונען אַ וועג צום גילגול פון מיין אײ-

גענעם ניגון. דער יאַפּאַנער האָט ניט ליב אָפּצולאָזן דעם ניגון ווייט פון זיך. זיין דבקות איז געצאַמט, דערשטיקט אין זיך. די מע־לאָדיע, אַז זי רייסט זיך אַרויס פון יאַפּאַנערס האַלז, זעט אויך יסורים אויפן זינגערס פּנים. דערשטיקט אין האַלז די לעצטע טע־נער. אַפילו די באַגלייטונג, ווען זי קומט פון מוזיק פייקל אַליין, אָדער פון דעם דריי־סטרונעדיקן „סאַמעסאָן" — אַלע קלאַנגען אינ־איינעם ווערן פאַרגוואַלדיקט.

דער כינעזער שרייט זיין ניגון אַרויס צו דער וועלט. זיין ניגון איז אַ חוצפּהדיקער. אַ מין ווילן זיך אַליין איבערשרייען. צום כי־נעזערס ניגון האָב איך קיין פּאָדים פון מיין יידישן ניגון ניט גע־קענט צובינדן. און אַזוי אויך די באַגלייטונג, די טאַצן און פּייקן, זיי פאַרשרייען און פאַרטומלען דאָס גאַנצע לעבן.

און אינדיע, וואָס וויל זיך ניט באַטייליקן מיט אונז אין מיט אונזער רוף פון די חושים; אינדיע, וואָס איז באַוואוסטזיניק אַ שותּף צו אַלע געטער, קלוגע און נאַרישע, האָט אויך דעם ניגון אירן פאַרבונדן מיט דעם לעבנסוועג, וואָס קומט פון ערגעץ און פירט ניט אין ערגעץ.

איך האָב ביגעוואוינט אַ קאָנצערט פון אַ באַקאַנטן פאָלקס־זינגער. דעם ערשטן ניגון האָט ער געקרייזלט אַריבער אַ שעה צייט. דער ניגון איז מיר געווען וואויל באַקאַנט. צייטנווייז האָב איך געמיינט, אַז ער קומט פון די יום־כּיפּורדיקע תּפילות אַרויס. דער ניגון האָט זיך די גאַנצע צייט געקרייזלט, ווי פון דעם זינגערס פינגער אַרויס, וואָס האָבן די גאַנצע צייט ספּאַזמאַטיש געזוכט אַרום זיך. ער האָט צוריק מיט די פינגער דעם ניגון צונויפגעדרייט און אים דער־שלונגען, ווי עס טוט דער זשאָנגלער, וואָס קען הונדערט איילן טעגנגעס אַרויסציען פון האַלז, צונויפוויקלען צווישן די פינגער, פלינק אַריינשליידערן אין מויל און דערשלינגען ווי ניט געווען. באַרג אַרויף און באַרג־אַראָפּ האָט זיין ניגון געקלעטערט און דורך זיין דבקות האָב איך אים דערקענט. געשפּירט, אַז אויך איך בין אַ קינד פון אונטער אַזעלכע הימלען, מיט דעם איינציקן אונטער־שייד, וואָס איך האָב זיך שוין געלאָזט פאַרכאַפּן פון דעם פרעמדן ניגון אין מערב־לאַנד, וואָס ווערט אויף טעלערלעך צעלייגט צווישן

ניין צענדליק אָדער הונדערט אינסטרומענטן פֿון אַ סימפֿאָנישן אָרקעסטער.

דער אָריענט קען עס נאָך ניט באַווייזן. איז צו־שטרענג אינדיווידועל, אָדער שאַרף עקזאָטיש. ווען עטלעכע כּלי־זמר באַגעגענען זיך, — איז כאַאָס. די פּייקן העלפֿן אַריינצוברענגען טאַקט און אָרדענונג אין כאַאָס אַריין. צי איז דער אָריענט מוזיקאַליש — אויף דעם וויל איך ניט ענטפֿערן. נאָר דער אָריענט איז אַ קוואַל פֿון מוזיק. פֿון אָריענט גייט צום מערב אַ טיפֿער ניגון. ניט נאָר דער גילגול פֿון אַ ניגון, נאָר דער ניגון גופֿא. פֿון אים האָט מען בלויז שטיקלעך געפּליקט און לייכט איינגעפֿלאָכטן אין אונדזער מערבֿ־מוזיק. דעם עיקר ניגון האָט מען דערווייל אויסגעלאָזן. אין אינדיע וויקלט זיך, מערער ווי אומעטום אין די מזרח־לענדער, אַ גרויסער ניגון דורכן לעבן פֿון פֿאָלק. און אַמאָל דאַכט זיך מיר אויס, אַז דער ניגון שפּרייט זיך ביים ראַנד פֿון לאַנד און ווערט פֿון די הייליקע טייכן פֿאַרשוועכט.

די „ווינע“ איז אין אינדיע אויסדערוויילט, אַז אויף איר זאָלן שפּילן אויסדערוויילטע. אָבער די פֿלייט, דעם פּאַסטעכס פֿייפֿל, איז אין אינדיע אַריינגעפֿאַלן אין דער נחלה פֿון די „נידעריקע“ מאַסן, פֿון די אַרויסגעשטויסענע, ווייל דער אינדוס האַלט זיין מויל פֿאַר אומריין. אַ סך מאָל וואַשט ער זיין מויל נאָך זיין עסן אין פֿאַרלויף פֿון טאָג. דעריבער איז אַ לעפֿל מיאוס. ווי באַלד מען האָט די געהאַלטן אין מויל ביים ערשטן זופּ, איז די אומריין געוואָרן, און צום צווייטן מאָל די לייגן אין מויל אַריין, מיינט, פֿאַראומרייניקן זיך. עסט דעריבער דער אינדוס מיט די הענט. און אַ פֿלייט, אַ קלאַרנעט מוז מען דאָך כּסדר האַלטן אין מויל, אָדער ביים מויל און אַזוי איז דער ניגון, וואָס קומט אַרויסגעבלאָזן פֿון מענטשנס לונגען דורכן באַמבוק־פֿייפֿל, אָדער אַנדערן מין בלאָז־אינסטרומענט — אַ ממזר־ניגון. און די, וואָס שפּילן אויף אַזאַ אינסטרומענט — זיי זיינען דער אָפּפֿאַל פֿון דער געזעלשאַפֿט. דעריבער זיינען נאָך דער ווינע דערהויבן געוואָרן אין אינדיע אַלערליי קליינע פּייקלעך, וואָס מיט די הענט און פֿינגער רופֿט דער אינדוס פֿון זיי אַרויס קלאַנגען. אויך דאָס פּייקל איז דאָ פֿאַרן יחיד און זיינע שטימונגען.

נאָך פֿאַרהאַן אַ צייט, ווען ניט בלויז די יחידים אין אינדיע זוכן תּיקון הנפש דורך פֿאַרטראַכטע קלאַנגען פֿון דער ווינע אָדער פּייקל. קומט די צייט, ווען דאָס פֿאָלק זוכט דורך מוזיק דעם וועג צו לאָזן אַלע ליידנשאַפֿטן אָפּ צום דרויסן. יעמאָלט, ווען פֿאַנאַטיזם רייסט זיך אָפּ פֿון קייט ביים טיר פֿון טעמפּל, אָדער אין אַ פּראָצעסיע מיט די געטער, יעמאָלט זוכט ניט די ווינע און אירע טענער, יעמאָלט זינגען ניט די שטערן מיט דער קאַפּעלע, יעמאָלט איז די מוזיק בכּוח אויפֿצוטרייסלען דעם טאָג, ווי לויטער, ווי שרייעדיק ער זאָל ניט זיין. אַ גרילצנדיקער קלאַנגעט, אַ געלע האָרן־שטימע און דער עיקר — פּויקן און מעשענע קלאַפּערס. אין ערגעץ האָט דער פּויק ניט אַזאַ פֿולן אויסדרוק ווי אין אינדיע. כאָטש דער יאַפּאַנעזער און כינעזער האָט אַ סך נשמה אַריינגעלייגט אין פּייקל אַריין, נאָר ווי קומט עס צו די אינדישע פּייקלעך. ביים אינדוס זיצן תּחות און שדים אין די פֿינגער. מיט דער הוילער האַנט און הוילע פֿינגער טאַנצט ער אויף דעם אָנגעצויגענעם פֿאַרמעט. ווי ווערן די הענט און די פֿינגער ניט מיד שווינדלענדיק שעה נאָך שעה איבערן פּייקל?! דער טאַקט איז אַ בולטער, אַ נערוועזער און דאָך אַ באַשטימטער. נאָכן טאַקט זינגען די זינגער, כאָטש די פּייקלעך שרייען זיי איבער. עקסטאַז פֿון די מאַסן שפּילט מיט.

נאָר אָפּטמאָל, אין דער נאַכט, הערט מען בלויז אין פּייקל מיסטעריעז, מיט אַ לייכטער שאַטירונג פֿון קלאַנג ביז קלאַנג: בום־בום, און אין דעם בום — איז דער נאָקטורן־מהות פֿון אינדוס, וואָס איז וואַך בעת ער זיצט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. גלויבסט נאָרניט, אַז דער בום־בום קומט פֿון דעם אייגענעם פּויק, וואָס אויף אים האָבן ביי טאָג די פֿינגער געלאָפֿירט נאָך דער אויפֿרעגונג פֿון די מאַסן, אין דער צייט פֿון אַ רעליגיעזער פּראָצעסיע.

פֿאַרהאַנען באַוואוסטזיניקע אינדוסן, וואָס ווילן דורכפֿירן אַ פּאַראַלעל צווישן מערב־מוזיק און זייער אייגענער. שטעלן זיך אַליין אַריין אין אַ פֿאַרנאַכטיקער ליכט, אין דער צייט, וואָס מערב־מוזיק דערקלערן זיי ביי טאָג. „און דעריבער איז אונזער מוזיק טיפֿער, ווי אייערע, ווייל נאָר ביי נאַכט קען דער מענטש אַריינבליקן אין זיך אַליין". — אַזוי האָט ער געמיינט, מיין ווינע־שפּילער. און דאָך

האָבן די אַלע גרויסע מזרח־פעלקער אַזויפיל נשמה אַריינגעלייגט דווקא אין פויק אַריין. דאָס איז דער סאַמער פּרימיטיווער אופן צו דערשפירן דעם טאַקט פון לעבן. אַזוי האָב איך אין אַלע מיינע רייזן געהערט דעם מיסטעריעזן אָפּקלאַנג פון טעמפּן פויק. דער פויק פירט אַרויס ווילדע שבטים אין אַפריקע צום טאַנץ. אויף אים לייזט זיך אויף דער עקסטאַז פון יאַפּאַנעזער און אויך דער עקסטאַז פון אינדוס. ווען ער רייסט זיך אַרויס פון זיין יחידות, — שוימט עס, ווי דער בעסטער ווין אין קול און ווידערקול פון אַלערליי פייקלעך און קליפּערלעך.

ביי וועמען זאָל מען זוכן דעם אויסדרוק פון פאָלקס־נשמה, — צי ביי די, וואָס זיצן דורך נעכט און צופּן די סטרונעס פון דער ווינע, און מיט די קלאַנגען באַצווינגען זיי די נאַכט, באַהעפטנדיק זייער מדות מיטן געזאַנג, וואָס די „שטערן זינגען" צו זיי — אָדער די ברייטע מאַסן, וואָס היטן אָפּ דעם טאַקט פון פויק און, וואָס ווי שטאַרקער ווין ווירקט עס אויף זייערע פויגלשע דינע פיס, וואָס רייסן זיך בשעת־מעשה פון דער ערד און זוכן אויפצולייזן זייער עקסטאַז אין פּרימיטיווע געשרייען און געצונדענעם פאַטאָס?

וואָלט איך ניט געהערט דעם פויק ביים ברענגען קרבנות צו דער געטין קאַלי, וואָלט איך בעסער געוואָלט זוכן אין אינדיע דעם אויסדרוק פון פאָלקס נשמה דאָרט, וואו דאָס בלוט צעוואַרעמט זיך ביי דער מאַסע און מיט עקסטאַז גייט זי איבער אין טאַנץ. און כּל־סוף באַדאַרף מען זוכן דאָ דאָס לעבן אין די גאַסן, וואו עס שפּרייטן זיך די מאַסן מיט דעם האַלב־הונגעריקן און האַלב־באַגייסטערטן אויסדרוק אין פּנים.

איך האָב אַמאָל, נאָך האַלבער נאַכט פאַרבלאָנדזשעט אין קאַלקוטע, אין דער געדיכטעניש פון גרויסשטאָטישער אָרעמקייט, אין די ענגע גאַסן, וואו דאָס לעבן קנוילט זיך און וויקלט מענטש אין שמוץ. עס האָט די היץ און ענגשאַפט דעם עולם אָפּגעריסענע און האַלב־נאַקעטע מענער אַרויסגעטריבן אין גאַס אַרויס און ווי הערינג, זייט ביי זייט אויף די טראָטואַרן, האָט יעדערער פאַר זיך אַליין זיך געטוליעט צו דער שטויבקייט און געזוכט אַ אָרט ווי איבערצושלאָפן די נאַכט. מיט פינסטערניש און מידקייט, אונטערטעניקייט און פאַר־

לאַרנקייט האָט געשלאָגן פון די אָפענע טירן, וואו ווייב און קינד האָבן זיך געקאָרטשעט אין דער הייסער נאַכט. דאָ אויך, האָב איך פלוצלונג דערהערט די טענער פון דער ווינע, וואָס האָבן זיך געקייקלט נידעריק איבער די, אין שטויב אויסגעצויגענע, מידע קערפערס. אַלע וואַך. אַלע אין דרעמל. ווי דער עולם האָט דאָס אויפגענומען? געוויס, ווי דאָס געזאַנג פון די שטערן, וואָס קומען צו זיי שוין פון די אייביקע יאָרן אָן, פון דער צייט, ווען געטער זיינען אומגעגאַנגען אויף דער ערד.

ערגעץ האָט געבומט אַ פויק פון אַהינטער אַ הויז אַרום. און די טענער פון דער ווינע און דער בום-בום פון ערנסטן פויק האָבן זיך באַגעגנט איבער די קעפ פון די, וואָס האָבן גערוט אין שטויב. איך האָב אינדיע אין יענער רגע געזען קלערער, ווי אין די לויטערע טעג. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די טענער פון דער ווינע זיינען דאָס די אייגענע, וואָס איך האָב מיט וואָכן צוריק געהערט אפשר טויזנט מייל ווייט פון דאַנען. פון יעמאָלט אָן בלאָנדזשען די דורך באַרג און טאָל, דורכגעקליבן זיך דורכן דזשאָנגל און דערגרייכט אַהער מיטצושפּילן מיט די שטערן לכבוד די, וואָס וואַלגערן זיך איצטער נאָך האַלבער נאַכט אין שטויב.

ווידער האָב איך געהערט דעם יחידס ניגון קרייזלען איבער די קעפ פון דרעמלענדיקע מאַסן. און ווי ווייט איז אָפּגעשיידט אין אינדיע דער יחיד פון די מאַסן? צי ווי דער בוים פון זאַמד, וואָס וואַקסט פון זאַמד אַרויס און וואַרפט זיין שאָטן אויפן זאַמד אַרום אים? אָדער ווי די קלאַנגען פון דער ווינע און בום-בום פון פייקל, וואָס זיינען פון ערגעץ געקומען אַליין, פאַראיינזאַמטע און געצויגן איבער די קעפ פון די האַלב-דרעמלענדיקע מאַסן אויף דעם שטויביקן טראָטואַר?

נאָך לאַנג וועלן די „שטערן זינגען" אין אינדיע דעם יחידס געזאַנג.

---

# בלויע ליידנשאַפט

1

ווייסע, געלע, ברוינע און שוואַרצע הויטן — דאָס בלוט איז רויט! יאָ, אַלעמענס בלוט איז רויט. אַלעמענס לייב טוט וויי, אַז מען האָט עס געשניטן, און בלוט היטיקט זיך.

די ליידנשאַפט איז אויך צוליב דעם אייגענעם רויטן בלוט. דער מאַן, אין מאָמענט פון זיין תאווה־איבערפאַל, איז ניט קיין גריסער איבערקלייבער. איך רייד איצטער פון „ווייסן" מאַן, פון דעם אייראָפּעער צי אַמעריקאַנער. אויף דעם זאָגן עדות די אַלע מולאַטן און אַלע געמישטע בלוטן אין נאָרד־ צי אין זיד־אַמעריקע.

די טאַטעס ווערן פאַרפאַלן, אויב זיי זיינען פון דער ווייסער, אַריסטאָקראַטישער ראַסע. אַ חרפה. אים איז גרינג צו מאַכן פליטה און אָפּווישן זיינע טריט. די מאַמע טראָגט דעם רעזולטאַט פון איר ליידנשאַפט ניין חדשים. קען זיך ניט אויסבאַהאַלטן. און אַז אַ טונקל־הויטיקע געבוירט אַ קינד פון אַ ווייסן „אַריסטאָקראַט"—איז עס איר קינד, זי שטרעקט אים אויס די ברוסט. די מילך איז ווייס. איז פאַר איר אַ אינערלעכע טרייסט, וואָס די הויט ביים קינד איז העלער, נענטער צום ווייסן מענטשן. דאָס קינד וואַקסט אויס, פרעגט עס: — „וואו איז מיין טאַטע?" ענטפערט מען: — „דער טאַטע איז געשטאָרבן".

אַ יינגל, אַ מולאַט, אַ שטיוול־פוצער אין אַרגענטינע, פוצט מיינע שטיוול. פרעג איך אים:

— אַ מאַמען האָסטו?

— יאָ.

— אַ טאַטן האָסטו?

— ניין.

— וואו איז דיין טאטע?

— מיין מאמע זאגט, אז איך האב קיינמאל קיין טאטן ניט געהאט.

און אויסגאס איז בראזיליע, וואו דער פארטוגעזער שעמט זיך ניט אומצוגיין מיט זיין ווייב, א נעגערטע, און ביי זייט — קינדער שרין מיט א העלערער הויט.

צווישן די נעגער איז א יחוס, ווען די הויט איז העלער. מאכט ניט אויס, אז מען ווייסט ניט ווער עס איז דער טאטע. דער פארלאנג אויסצוזען העלער איז א גרויסער צווישן די נעגער אין אמעריקע. נעגער־פרויען טוען וואס זיי קענען צו פארהייסן די שווארצקייט. מיט א העל קינד איז א טריט נענטער צו דער אריסטאקראטישער וועלט און א טריט ווייטער פון אייגענעם קווארטאל. האלטן זיך באזונדער די מולאטן. קערן זיך אפ פון די פולבלוטיקע נעגער־קווארטאלן. דער נעגער קוקט כסדר ארויף צום העלהויטיקן.

אנדערש איז דאס אין אינדיע. דער אינדוס איז א טונקלהויטיקער אריער, וואס די קלימאטישע באדינגונגען האבן אים די הויט פארטונקלט. אבער די פיינע שטריכן פון פנים זיינען ניט צעשטערט. ער, דער אינדוס, איז ביי זיך אזוי געגרייסט מיט זיין ריינעם בלוט, ווי דער אנגלא־זאקס מיט זיין „בלויע בלוט“. נאר די ליידנשאפט ווייסט אין אינדיע אויך ניט פון קיין גרענעצן. די ליידנשאפט ווערט באדינגט פון היים בלוט, וואס איז הייס. די ליידנשאפט איז אויך אין אינדיע ניט קיין שטיפקינד, קינדער ווערן דורך איר געבוירן. מאמעס פון אינדישן פאלק טראגן אויס ניין חדשים, פון וועמען עס זאל ניט זיין. די שיפן ברענגען ווייסע טאטעס און נעמען זיי צו. די מאמעס בלייבן אין לאנד; בלייבן מיט די קינדער, וואס ווייסע טאטעס האבן זיי צוגעדינט.

טרעפן אין אינדיע אויך פאלן פון געטרייער ליבע. אייראפעער און אינדוסן. אמאל אויך פארקערט. דא זיינען די קינדער פון געמישטע בלוטן פאר קיינעם ניט קיין יחוס. פאר זיך אליין אויך ניט. אינדיע פארמאגט זיי אין די גרויסע טויזנטער. זיי זיינען אין אינדיע געהאסט פון ביידע צדדים. דער אינדוס און דער אנגלאזאקס, — צוויי אריסטאקראטן און זייערס א שותפותדיק קינד־

איז אַ געצייכנטער ממזר! אַזעלכע לעבן אָפּגעזונדערט. אַ פֿאַרשטאָ־
סענע קאַסטע. זיי האָבן ווייערע געגנטן אין יעדער גרויסער שטאָט.

2

אַז איך בין צום צווייטן מאָל אָנגעקומען מיטן באַן קיין ק—טע
און זיך געלאָזן צו די האָטעלן נאָך אַ צימער, — בין איך גע־
בליבן אין דרויסן. אַ טוריסטן־שיף איז אָנגעקומען און אויף אַלע
האָטעלן איז געקומען אַן אויסכאַפּעניש. ווענד איך מיר צו מיין
פורמאַן, וואָס האָט שוין אייגנטלעך אויסגעקוקט, אַז איך זאָל
פרעגן ביי אים אַן עצה:

— זאָג מיר, אפשר ווייסטו עפּעס פון אַ פּאַנסיאָן, וואו איך
זאָל מיר קענען אויסרוען פון וועג?

— געוויס, באָס. אַ סך פּאַנסיאָנען זיינען דאָ פאַרהאַן; קלוגע
מענטשן שטעלן זיך גאָרניט אָפּ אין קיין האָטעל.

וויל איך שוין אויסזען קלוג אין זיינע אויגן און זאָג צו
אים:

— איך פאַרלאָז זיך אויף דיר; איך וועל דיר באַצאָלן מיט
אַ רופּי טייערער, און פאַרפיר מיך אין אַ גוטן און ריינעם פלאַץ.

האָט ער מיך פאַרפירט צו אַ קליינעם, צוויי־שטאָקיקן בנין,
אין אַ זייטיקער און ניט גאָר קיין ריינער גאַס, וואָס האָט באַ־
זונדערס ניט צוגעצויגן צו זיך.

— אָט דאָ, באָס, וועט דיר ניט בייסן ביינאַכט, — האָט דער
פורמאַן מיט שטאָלץ געזאָגט — און גלייך גענומען אַראָפּטראָגן די
פעקלעך.

אין מיר האָט מיך באַגעגנט אַ מיטליאָריקע פרוי, אַ אינדוסין,
געמאָלדן, אַז אַ צימער איז פאַרהאַן. מיט מאָלצייטן וועט קאָסטן
אַזויפיל און אַזויפיל, און איך וועל באַדאַרפן באַצאָלן פאַר דריי
טעג פאָרויס. און אויב מיר געפעלט עס ניט — שטייט זי ניט
אין סר.

— פאַרוואָס דווקא זאָל איך עפּעס צאָלן פּאָרוים און פאַר גאַנצע דריי מעג?

מאַכט זי זיך גאַנץ קאָלטבלוטיק:

— געווג שלעק קומען קיין אינדיע אין גיי קען זיי. אַז מען באַצאָלט מיר פּאָרוים, גייען זיי מיר ניט אָן.

אַזאַ באַנעניש איז מיר געפעלן געוואָרן. עס בענקט זיך אַמאָל, אַז מען זאָל דיך אָננעמען פאַר אַ שלאַק אויך, צו ווערן באַהאַנדלט ווי אַ שלאַק, ברענגט אַמאָל אַ סך נוצן אין וועג.

נאָר אַז איך האָב אָפּגעלייגט מיינע פּעקלעך אין אַ ניט־באַקוועמען און ניט גאָר קיין זויבערן צימער, און בין אַרויסגעגאַנגען צוריק צו מיין ווירטין, כדי צו באַצאָלן איר פאַר די דריי טעג פּאָראויס, — האָט זי מיך באַגעגנט מיט אַ פריינטלעכן אויסדרוק אין פּנים. און ווען אין דער אייגענער צייט איז אַריינגעקומען פון אַ זייטיקער טיר אַ יונג מיידל פון אַ יאָר אַכצן, האָט זי איר פאָרגעשטעלט דעם וועג:

— גיי צו, פרענסיס, זיי באַקאַנט; דאָס איז מיין טאָכטער פרענסיס.

דאָס מיידל האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, לייכט אַ קוק געגעבן אויף מיר און איז אַרויסגעגאַנגען. און די מוטער, האַלטנדיק דאָס געלט, וואָס איך האָב איר געגעבן אין האַנט, האָט זי געפונען פאַר נייטיק צו דערציילן, אַז זי איז אַן אַלמנה. איר מאַן איז געווען אַ בריטישער, אַ דאָקטאָר. און איצטער לעבט זי אַליין מיט איר טאָכטער.

— פרענסיס איז אין אונז ביידן געראָטן: די אויגן זיינען מיינע און דער נאָז און מויל — זיינע. וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז ביי אונז אין לאַנד קוקט מען אויף אונז מיט פאַראַכטונג.

עס האָט מיר געחידושט, וואָס נאָך אַזאַ תחילתדיקן אומצוטרוי, האָט זי מיט אַמאָל, כמעט נאָך אויף דער שוועל שטייענדיק, דערציילט אַ סוד פון איר לעבן. קען זיין, אַז מיין פּאַספּאָרט, וואָס עס איז פאַרשריבן מיין באַשעפטיקונג און אפשר דער אַמעריקאַנער פּאַס אַליין, האָט אַזוי פּלוצלונג געביטן איר בליק אויף מיר. ווי

די זאַך זאָל ניט זיין, בין איך געווען דאַנקבאַר מיין פורמאַן פאַר דער איבעריקער רופא, וואָס ער האָט ביי מיר גענומען.

3

ווייסע, געלע, ברוינע און שוואַרצע הויטן — דאָס בלוט איז רויט. יאָ, אַלעמענס בלוט איז רויט. אַלעמענס לייב טוט וויי, אַז מען שניידט עס און בלוט רויטיקט זיך.

פרענסיס איז געווען סיי אין איר מאַמען געראָטן און סיי אין איר טאַטן געראָטן. דער מאַמען האָב איך גלייך דערקענט: דעם פאָטער, דעם בריטישן דאָקטאָר, האָב איך שוין ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו קענען. נאָר אַז אין דער טאָכטערס אָדערן פליסט דאָס בלוט פון צוויי ראַסן, איז געווען קלאָר אין אַלע אירע באַוועגונגען. די שיינקייט פון צוויי פולבלוטיקע ראַסן האָט אַרויסגעשריען פון איר פנים אַרויס. ריטער מאָן האָט זייער אָפט געזען אין איר פנים און די אויגן האָבן פאַרמאָגט דעם פאַרטייעטן פייער פון דעם מזרח און די אָפענע דערפאַרנקייט פון דעם מערב-מענטשן.

נאָר די גאַנצע אַטמאָספערע אין דעם פאַנסיאָן איז געווען אַ קרענקלעכע, אַן אומנאַטירלעכע. דאָס איז געווען אַ מין-מקלט פון אַלערליי אַרויסגעשטויסענע פון דער „ריינער געזעלשאַפט", צוליב די חטאים פון טאַטע-מאַמע און צוליב אייגענע חטאים. דאָ האָט מען געקענט באַגעגענען בלאָנדע אייראָפּעער, וואָס האָבן ניט געקענט קיין אָרט געפינען פאַר זייער ליבע צו די ברוינהייטיקע, שוואַרצאייגיקע אינדישע מיידלעך; דאָ האָט מען געקענט באַגעגענען קינדער פון דער העכערער אינדישער געזעלשאַפט, וואָס האָבן זיך איבערבאַהאַלטן מיט זייער ליבע צו אַן אויסגעבלייכטער, אָפּגעבליאַקעוועטער בלאָנדער ענגלענדערין, וואָס האָט שוין גאָר ווייניק וואָס אָנצווערן אין איר אייגענער געזעלשאַפט. דאָ האָט מען געקענט פון זייטיקע צימערן הערן היסטערישע געוויינען, פון אייראָפּעאישע פרויען, וואָס דער אינדישער מאַן האָט ניט געקענט באַרייצן און האָט ניט געוואוסט, ווי אַזוי אויסצודריקן זיין ליבשאַפט און איבערגעבנקייט.

אין מיין געגנווארט איז ארויסגעקומען א אינדוס פון זיין צימער, אליין א יוריסט, און ער האט זיך געווענדט צו דער דערפארענער ווירטין:

— איך בעט דיך, לערן מיך, ווי אזוי זאל איך זיך מיט איר באגיין? ווי אזוי זאל איך צו איר ארויסווייזן מיין ליבשאפט? זי ליגט דעם גאנצן טאג, דער פנים באגראבן אין קישן, און וויינט.

האט די ווירטין מיט ווייזהייט געזאגט:

— דו, מיין טייערער פריינט, וועסט איר ניט קענען געבן דאס, וואס זי פארלאנגט. וואס מער דו וועסט זי ליב האבן, אלץ מער וועט זי וויינען, ווייל זי האט פאר איין רגע פארלארן איר גאנץ לעבן.

— זי וועט דאך ניט אוועקגיין פון מיר, ווען זי באדארף פון מיר ווערן א מוטער...

— געוויס, מיין טייערער פריינט, וועט זי פון דיר ניט אוועקגיין, ווייל איצטער האט זי שוין ניט וואוהין צו גיין.

— טא, פארוואס וויינט זי גאנצע טעג?

— איך האב אויך אזוי געוויינט ווי זי, ווען איך האב באדארפט ווערן א מוטער. נאר דו, מיין פריינט, לערן זיך פון ווייערע מענער. קוק זיי אן, זיי נעמען זיך ניט צום הארצן. דאס איז נאר מיין מאן געווען אן אויסנאם — אגב איז ער געשטארבן צוויי יאר נאך דער חתונה און איך האב ניט געוואוסט, פון וואס און צוליב וואס — ווייטער זיינען זיי ווי הינט, וואס נאך דעם, ווי זיי האבן זיך אויסגעשלאפן מיט דער צויג — קען זי פארלייגן מיטן קאפ!

זי האט געהאט גענוג גרונט צו זיין אויפריכטיק. איך האב גענוג באגעגנט אזעלכע, וואס האבן זיך באריכט, אז קינדער האבן קען מען אפילו מיט א קאפירטע, נאר א טאטע באדארף מען זיין צו קינדער, וואס קומען ארויס פון דיין אייגן בלוט און זיינען ענלעך אויף דיר.

— צו אלדע-שווארץ יאר, ווי אזוי קען איך קוקן אויף א פארמורזשטן פנים און גלייבן, אז דאס איז מיינס א קינד?...

פרענטיס האט דאס גוט געוואוסט, און ווייל אין איר האט געלעבט בלוט פון צוויי פולבלוטיקע ראסן, מיט אייגנארטיקער גע-

פליגלטער נאַציאָנאַלער גאווה, דעריבער האָט זי פאַרמאָגט אַ ספּעציעלע פאַררימקייט אין איר האַלטונג. זי האָט גוט תופס געווען ביי איר מאַמען אין שטוב דעם עולם. זי האָט געלייענט די פּנימער פון די געסט, ווי אַ גוטער פּסיכאָלאָג. איר שוועל האָבן אָפּגעשלאָגן מענער פון אַלערליי מינים: פולבלוטיק-אינדיש, בלויבלוטיק-בריטיש. ווינציקער פון אַלץ האָט זי נאָענט צו זיך דערלאָזן אַ בחור, וואָס פאַרמאָגט געמישט בלוט, ווי זי אַליין. מעגלעך, אַז די מוטער האָט אויף דעם אַכטונג געגעבן, ווייל איך האָב באַמערקט, אַז די מוטער אַליין האָט זיך באַצויגן פריינטלעכער צו געסט — אינדוסן, אָדער אייראָפּעער. ניט גערן איז זי געווען צו זען ביי זיך קינדער פון געשטרייבלטע עלטערן.

פרענסיס איז בכלל געווען אַ געראָטענע. האָט גאַנץ יונג געענדיקט אַ מיטל-שול און האָט זיך געגרייט אָנציקומען אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט. דאָס האָט איר פאָטערס בלוט זי געפירט אויף דעם דרך.

4

אויפן דריטן, צי אויפן פערטן טאָג, נאָך מיין אָנקומען אַהין וואוינען, האָב איך זיך אומגעקערט פון גאַס. איך וויל עפענען מיין טיר און קען ניט. די טיר איז פון אינעווייניק פאַרשפּאַרט. איך האָב ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז. דאַכט מיר, איך האָב באַצאָלט דירה-געלט אין דער צייט. איך האָב אויפגעשלאָסן און צוריק פאַרשלאָסן, דער שליסל אַרבעט גוט! הייסט עס, עמעצער איז אינעווייניק. אַז איך האָב צוגעלייגט דעם אויער צום טיר, האָב איך געהערט דאָס רעגלמעסיקע אָטעמען פון איינעם, וואָס שלאָפט אינעווייניק.

איך האָב ניט געמאַכט קיין וועזן פון דעם, ניט געגאַנגען פרעגן ביי דער ווירטין די סיבה, פאַרוואָס עמעצער אַנדערש האָט פאַרנומען מיין צימער. איך בין צוריק אַוועק אין גאַס. אַז איך האָב זיך אומגעקערט אין אַ פּאָר שעה אַרום, האָב איך אויפגעעפנט מיטן שליסל מיין צימער, געפונען אינעווייניק אַלץ אין אָרדענונג. קיין זאַך איז ניט גערירט געוואָרן פון טיש. מיין בעט איז געווען

גלאַט פאַרבעט. און אויף קיין אַנדער פלאַץ, ווי אויף מיין בעט, האָט די פערזאָן ניט געקענט שלאָפן.

פונדעסטוועגן האָב איך זיך ניט געקענט אַנידערזעצן. עפּעס האָט מיך באַאומרויקט. עס הייסט דאָך, אַז מיין צימער איז פאַרדונגען איינצייטיק צו צוויי מענטשן. איך האָב באַשטימט, אַז שפּעטער, ביים עסן, זאָל איך אין שפּאַס פרעגן מיין ווירטין, וואָס פאַ־ אַ גייסטער עס וואוינען אין מיין צימער, ווען איך גיי אַוועק. עס איז געווען שפּעט נאָך האַלבן טאָג.

מיטאַמאָל עפנט זיך אויף די טיר און פרענסיס קומט אַריין מיט אַ שמייכלדיקן פנים, גייט צו גלייך צו מיר און דערציילט מיר, אַז פריער, ווען איך בין אַוועקגעגאַנגען, האָט זי מיט אַ נאָכשליסל געעפנט מיין טיר און זיך געלייגט שלאָפן אין מיין בעט. און זי בעט, איך זאָל אויף איר ניט האָבן קיין פאַראיבל, ווייל זי איז געווען זייער שלעפעריק און זי האָט מיט אַ שמייכל צוגעגעבן:

— איך האָב זיך פון עמעצן באַדאַרפט איבערבאַהאַלטן.

זאָג איך צו איר:

— דו האָסט דאָך געקענט די גאַנצע זאַך פאַרלייקענען פון מיר, ווייל אין צימער איז גאָרניט צו דערקענען, אַז עמעצער איז דאָ געווען?

האָט זי זיך מודה געווען, אַז זי האָט געהערט מיינע טריט און געהערט, ווי איך האָב זיך געעסקעט מיטן שליסל אין טיר און ניט געקענט עפענען. האָט עס איר געוואונדערט, פאַרוואָס איך האָב ניט געקלאַפּט אין טיר און ניט געגאַנגען צו איר מיטער פרעגן, ווער עס איז אינעווייניק. און דעריבער איז זי געקומען און זיך אַליין מודה געווען, וואָס זי האָט געטאָן, און דערביי צוגעגעבן:

— איך טו ניט אַזאַ זאַך; צו אַן אומבאַקאַנטן אין צימער גיי איך קיינמאָל ניט. עס איז דאָס ערשטע מאָל. און איך בעט דיך, דו זאָלסט עס דער מוטער ניט דערציילן.

זי איז אָבער ניט אַרויסגעגאַנגען פון צימער. שווייגנדיק האָט זי באַטראַכט די ווענט, גלייך ווי זי וואָלט זיי געזען צום ערשטן מאָל. איך האָב דאָס באַמערקט און געפרעגט:

— פאַרוואָס באַטראַכסטו אַזוי דעם צימער? באַדאַרפסט דאָך אים שוין גוט קענען?

— עס איז ניט קיין מזלדיקער צימער, — האָט זי שטיל געזאָגט, — זייער אַ סך טרערן האָט מען אין דעם צימער פאַרגאָסן. איך האָב אויך היינט דאָ געוויינט. זעסט, דו האָסט ניט דערקענט, קום, איך וועל דיר ווייזן.

און זי האָט מיר געוויזן אויפן קישן צייכנס פון טרערן:

— דאָס וואָלסטו קיינמאָל ניט דערקענט. איך וויל דיר נאָך דערציילן, אַז אין דער אייגענער בעט האָט זיך געכמט אַן ענג־לישע פרוי.

איך בין נשתומם געוואָרן פון איר רויקער האַלטונג און פון אירע פשוטע ווערטער. און וואָס האָט זי, נאָך אַלעמען, געפינען פאַר נייטיק דאָס צו דערציילן אַ מענטשן, וואָס זי קען ניט אין. וואָס וואוינט אין דעם אייגענעם צימער? און איר האָט געווים גע־רעדט דאָס אינדישע בלוט, וואָס שפּירט דאָס לעבן פאַנאַטיש.

— ווער איז געווען די פרוי, וואָס האָט זיך גענומען דאָס לעבן אין דער דאָזיקער בעט? — האָב איך געפרעגט.

האָט זי מיך גאַנץ רויק, קאַלטבלוטיק, ווי אַ דערוואַקסענע דערציילט, ווי אַזוי עס איז אַהער פאַרפאַלן אַ פּאָר פאָלק — ער, אַ בראַמינער, פון זייער רייכע עלטערן אין בענאַרעס, און זי — אַ טוריסטקע, וואָס איז געקומען פון ענגלאַנד איינער אַליין.

— ווייסט, — האָט זי מיר דערקלערט — מיר דאַכט זיך, אַז די ענגלישע מיידלעך קומען אַהער אַליין אומישנע, כדי צו באַ־געגענען אינדישע מענער. זיי זיינען ביידע אַהער געקומען. דאָ האָט זי אים שוין פיינט געהאַט. אוי, ווי זי האָט אים געהאַסט! ביי אַ אינדישער פרוי איז גאָר אַזוויפיל בייזקייט ניטאָ. ער האָט גע־וואָלט, זי זאָל גיין מיט אים וואוינען באַזונדער, נאָר ניט אין דער אייגענער שטאָט, וואו זיינע עלטערן. און זי — זי האָט אים ליב געהאַט און פיינט געהאַט; אַלץ אינאיינעם. דאָ אין שטוב האָט זי געבוירן אַ קינד און גלייך אויף מאָרגן האָט זי זיך פאַרסמט. דאָ, אין דער דאָזיקער בעט, איז דאָס געווען פאַראַיאָרן זומער.

— פאַרוואָס האָט זי זיך פאַרסמט?

— ווייל דאָס קינד איז געווען אינגאַנצן אין אים געראָטן. ניט ווי איך בין געראָטן אין מיין טאַטן, — איר קינד איז געווען שוואַרץ ווי אַ מאַדראַסער.

— זאָג־זשע מיר, — האָב איך גוטמוטיק געפרעגט — אַז דו האָסט זיך אויסגעשלאָפן אין מיין בעט, קענסטו מיר ניט זאָגן, פאַרוואָס דו באַהאַלטסט זיך אויס פון דער מאַמען?

איצטער ערשט האָט זי אויפגעפלאַמט מיט איר גאַנצן וועזן, ממש, זי איז גרייט געווען איבערצוברעכן אויף צווייען דעם שירעם, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט.

— יאָ, דו ביסט אַן אַמעריקאַנער, האָט זי שנעל גערעדט, בײַ אײַך אין אַמעריקע, זאָגט מען, טוט די פרוי אַלץ, וואָס איר האַרץ גלוסט, — זאָג מיר, ווי אַזוי קוקט מען בײַ אײַך אויף אַ קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן פון אַזעלכע טאַטע־מאַמע, ווי איך?

— איך דערקען אין דיר, אַז דו ביסט מיט אַ שטאָלצן כאַראַקטער; דיך האָבן ליב בחורים סיי אייראָפּעישע און סיי אינדיען, — וואָס אַרט עס דיר, ווי די וועלט קוקט אויף דיר?

— אָבער זאָג מיר, ווי אַזוי וואָלט מען געקוקט אויף מיר בײַ דיר אין לאַנד? — איז זי צוגעשטאַנען.

— אין אַמעריקע קוקט אויך די אַריסטאָקראַטישע געזעלשאַפט פון אויבן אַראָפּ אויף אַזעלכע, וואָס קומען אַרויס פון טונקלהויטיקע און העלהויטיקע עלטערן.

— ניין, איך האָב דיר ניט געזאָגט דעם אמת, פאַרוואָס איך האָב זיך פאַרשפאַרט אין דעם דאָזיקן צימער און פאַרוואָס עס ציט מיך צו יענער בעט. מיר איז שווער צו לעבן, כאָטש איך בין יונג און שיין. מיר וואָלט גוט געווען, ווען איך קען ווערן אַ אינדישע דורך און דורך; איך וואָלט אַפילו געווען צופרידן אָנצוקומען צו אַ שלעכטער שוויגער און ווערן שפעטער אַן אַלמנה, אַז איך זאָל באַדאַרפן אומגיין מיט אַ געשוירענעם קאָפּ און ניט טאָרן קומען מער אין אַ בראַמינישער הויז. ווייסט דאָך ווי בײַ אונז איז אַ מענטש, וואָס איז אַרויסגעוואָרפן פון אַ קאַסטע? דעם פאַריאַ איז בעסער. ער ווערט אויפגענומען פון אַן אייראָפּעער. אָבער אַזעל־

כע, ווי אונזערע, מענער און פרויען — דו ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ ווערט מיר האָבן דאָ אין דער טאָפּלטער געזעלשאַפט.

— וואָס גייט דיר אָן, ווי מען קוקט אויף דיר? ביסט יונג און פול מיט חן. איך זע דאָך, ווי בחורים קומען צו דיר.

— וואָלטן געקומען בלויז אייראָפּעער, אָדער נאָר אינדיער, וואָלט איך ווּיסן, אַז איין בלוט אין מיר האָט געזיגט. איצטער שפּיר איך, ווי אין מיר קריגן זיך צווייערליי בלוטן.

— ניטאָ קיין צווייערליי בלוטן; אַיעדעס בלוט איז רויט, — האָב איך געזאָגט.

— ניין, ניין. ניט אַזוי. איך בין דאָ אין שטוב אויסגעוואַקסן. אַזויפיל אומגליקלעכע האָב איך שוין געזען. פאַרוואָס האָט מיין מאַמע געמאַכט אַזאַ פּאַנסיאָן, וואו נאָר אומגליקלעכע מענטשן זאָלן קומען און אַוועקגיין?

— בין איך אויך אַן אומגליקלעכער?

— ניין, דו האָסט פאַרבלאָנדזשעט צו אונז פון אַ גליקלעכער וועלט און דערצו, פון דעם ערשטן טאָג זינט דו ביסט ביי אונז, זאָג איך עס. איך האָב עס דער מאַמען אויך געזאָגט: — „זע, דאָס איז אַ מענטש פון אַ גליקלעכער וועלט".

---

איך האָב שפּעטער געטראָפן נאָך אַזעלכע אין איר גלייכן, מענער און פרויען. איך האָב געטראַכט, פאַרוואָס די דאָזיקע הייס־בלוטיקע קינדער פון כלומרשטע זינד, פאַרוואָס גיבן זיי ניט אַרויס פון זיך אַ שורה רעוואָלוציאָנערן, וואָס זאָלן לייגן די בריק צווישן קלאַס און קלאַס, קאַסטע און קאַסטע און, וואָס זאָלן זיין די צאַמ־ברעכער פון אַ לעבן, וואָס איז אַיינגעצאַמט אַ צאַם אין אַ צאַם?

איך האָב מער די פּנימער ניט געקענט אַריינציען אין קיין שמועס אַריין. יעדעס מאָל, ווען איך בין געזעסן ביים טיש צווישן אַנדערע געסט, וואָס האָבן זיך געפונען אין פּאַנסיאָן, איז זי געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, אָדער אַריינגעקוקט אין אַ בוך אַריין. די מוטער האָט אויך אויף מיר צייטנווייז געקוקט, ווי אויף איינעם, וואָס ווייסט אַ וויכטיקן סוד וועגן איר טאָכטער. ביים אַרויסציען פון

פענסטאָן האָב איך זיך מיט דער פרענסים ניט באַגעגנט. נאָר אין אַ עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זי געזען פונדע־ווייטנס, ווי זי איז געגאַנגען מיט אַ יונגנמאַן, — אַ אינדוס.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער אינסטינקט פירט זי אַהין, וואו עס איז דער גלייכער וועג. און אַז מער וועט זי זיך ניט לייגן אין דער בעט, וואו אַ מוטער האָט זיך גענומען דאָס לעבן.

---

# גאַנגאַ, די הייליקע מוטער

1

הויך, פון די הימאַלאַיער בערג, פון די אייביקע שנייען קומט אַן גאַנגעס, די „הייליקע מוטער“; שניידט דורך דאָס האַרץ פון לאַנד, פאַרנעמענדיק מיט זיך אין איר וועג קלענערע טייכן — פאַראייניקט זיך מיט דער בראַמאַפּוטראַ אין בענגאַליע און, צעריסנדיק אויף פאַסן דעם ראַנד פון לאַנד, ציט זי זיך אַריין מיט אירע אויסגעשפרייטע אָרעמס אין בענגאַלישן ים־אויסגוס.

הייליק, הייליק איז די גאַנגעס בײַם אינדישן פאָלק. ליבע און פחד טראָגן די קינדער פון לאַנד צו אירע ברעגעס. און צום הייליקסטן איז די גאַנגעס דאָרט, וואו זי וואַשט דעם זוים פון דער הייליקער שטאָט בענאַרעס, אָדער קאַסי, ווי זי הייסט נאָך.

זיבן טייכן זײַנען הייליק בײַם אינדישן פאָלק. אָבער דער בראַמינער, אַז ער שטייט אויף באַגינען און באַדאַרף טובל זײַן דעם גוף, איידער ער זאָגט זײַנע הימנען צו די געטער — אַוואו ער זאָל ניט זײַן, און וואָס פאַר אַ טייך אָדער סתם וואַסער ער זאָל זיך ניט באָדן — באַדאַרף זײַן גאַנצער ווען מכוון זײַן די גאַנגעס. דערבײַ איז זײַן תפילה געווענדט נאָר צו איר:

„אָ, גאַנגעס, וואָס דו ביסט געבוירן אין בראַמאַס קרוג, פון וואַנען דו האָסט אַראָפּגעשטראָמט צו שיוואַס האָר און פון שיוואַס האָר צו ווישנוס פיס; פון וואַנען דו האָסט נאָכדעם אַראָפּגעשטראָמט צו דער ערד, כדי ריין צו וואַשן דעם מענטשן פון זײַנע זינד און דערלאַנגען אים מזל און ברכה! אָ, דו, וואָס דו האַלטסט אונטער יעדע לעבעדיקע באַשעפעניש — איך טראַכט פון דיר איצטער, ווען איך בין מטהר מײַן לײַב, גלײַך ווי אין דײַנע הייליקע וואַסערן וואָלט איך מיר איצטער געבאָדן. רייניק מיך דעריבער פון מײַנע זינד און באַפרײַ מיך פון אַנדערע שלעכציקייטן“.

ווען אינדיעס טייכן צעשפילן זיך און גייען אַרויס פון די ברעגעס; די גאַנגעס אַליין, ווען זי צעשפילט זיך און גייט אַרויס פון אירע ברעגעס — ניט נאָר דעם מענטשנס זינד פאַרשווענקט זי — מענטשלעכע לעבנס מיט האָב און גוטס פאַרשווענקט זי אין צייט פון איר איבערפלוס. מער ניט דאָס, וואָס די גרעסטע לייטזעליקייט באַדאַרף האָבן דער אינדוס אין די אויגן פון די געטער, כדי צו קענען אומקומען אין די וואַסערן פון דער גאַנגעס.

די טראַדיציע זאָגט, אַז ביי בענאַרעס באַגעגענען זיך אונטער דער גאַנגעס נאָך פינף הייליקע טייכן. די גאַנגעס זינגט איר אייביקע געזאַנג איעדן אינדערפרי און איעדן פאַרנאַכט און דאָס געזאַנג גלעט דעם אויסגעצערטן גוף פון איעדן, וואָס האָט צו דער עלטער זיך אַריבערגעקליבן קיין בענאַרעס, צו מעדיטירן און אויסהויכן די נשמה צום באַגינענדיקן, ראָזע־פאַרשלייערטן פנים פון דער גאַנגעס.

הייליק איז אין בענאַרעס דער מערב־ברעג, ווייל אויף אים פאַלן די ערשטע שטראַלן פון דער זון, ווען די זון גייט אויף אין מזרח־זייט. אין די אַלטע צייטן האָבן דאָ הונדערטער טעמפלען געשפיגלט זייערע שפיצן אין דער גאַנגעס. זינט די מאַכמעדאַנער זיינען אַריין אין אינדיע, זיינען די טעמפלען פאַרמינערט געוואָרן. אין צוועלפטן יאָרהונדערט, דערציילט די היסטאָריע, האָט דער מאַכמעדאַנישער הערשער אַללאַ־אוד־דין חרוב געמאַכט טויזנט טעמפלען. איצטער איז נאָך אויך גענוג דער מערב־ברעג פאַרבויט און פאַרטעמפלט. דאָ געפינט זיך אַ טעמפל צו דער געטין קאַלי, וואו מ'איז מקריב ציגן־בעק. אין די געדיכטע צווייגן פון די ביימער אַרום דעם דאָזיקן טעמפל שפרינגען אַרום הייליקע מאַלפּעס. אויף די ביימער זיצן אָדלער, נבלה־פרעסער און קוקן אויס, אַז מען זאָל צום אַנדערן ברעג אַרויסשלעפן מתים, וואָס קומען צו שווימען און, וואָס דאָ, ביי בענאַרעס, קלייבן זיי פאַרזאַם אויף, צום מזרח־ברעג אַרויס.

דאָ, ביי די ברעגעס, געפינט זיך אַ גרויסע צאָל פאַרברענפלעצער, וואו מען פאַרברענט מתים. ווייל אפשר מער ווי אומעטום שטאַרבט מען אין בענאַרעס: פון גאַנצן לאַנד קומט מען קיין בענאַרעס אויסצוהויכן די נשמה, דאָ ביים ברעג פאַרברענט צו ווערן.

כּדי דער אַש זאָל באַזאָכן ווערן מיט דעם וואַסער פון דער הייליקער גאַנגעס און דאָ זאָל צעבראָכן ווערן דער ערדענער קרוג איף די איבערבלייבעכץ פון מענטשן. לעבן און טויט — איינס מיטן אַנדערן שרייען זיך דאָ איבער. סיוואַ און ווישנו — דער גאָט, וואָס צעשטערט, און דער גאָט, וואָס באַהיט און באַשירעמט — אייביגע ווינטל בלאָזט דאָ איבערן פּנים פון די גלויביקע. אין די נעכט פון פול-לבנה קומען צעפלאָנטע מוטערס בעטן ביי דער גאַנגעס, זי זאָל זיך דערבאַרעמען איף זיי. עקרות קומען אויסגיסן זייער געבעט און רייסן פון זיך די צירונג און שליידערן צו דער הייליקער גאַנגעס. קומען פרויען פון פּרינצן, אין זיידנס געוויקלט, באַהאַנגען מיט צירונג; זיי גייען מיט די קליידער אין וואַסער אַריין, רייסן פון זיך בראַנזלעטן און אירינגען און וואַרפן דער גאַנגעס אַ מתּנה, זי זאָל איר גרימצאָרן פון זיי אָפּווענדן.

אַהער, קיין בענאַרעס, צו דער גאַנגעס ציען זיך אַרטעריעס פון אַלע עקן לאַנד; דורך די אַרטעריעס שטראָמט היים, זודיק בלוט פון אַ פאָלק, וואָס וויל אין זיך טויטן אַלע ליידנשאַפטן. ווייל איעדן איינעמס חלום איז, צו קומען אַהער באָדן זיין לייב; צו רייניקן זיין לייב און קילן זיין גוף. מיט יעדן באַגינען קומען אַהער צענדליקער טויזנטער צו שפּיגלען דאָס פּנים אין דער גאַנגעס און מעדיטירן און גלויבן, אַז דורך דעם וועט די נשמה אויסגעלייזט ווערן פון אירע גילגולים, וואָס איר שטייט פאַר אויפן וועג צו נירוואַנע.

אין בענאַרעס, פון מערב-ברעג, ציען זיך אַראָפּ מאַסיווע הילצערנע און שטיינערנע טרעפּ, אַראָפּ ביז צום וואַסער. הונדערטער, הונדערטער יאָרן טרעטן גאָטספאָרכטיקע טריט פון פּילגרימער די דאָזיקע טרעפּ. זיי זיינען געבויט געוואָרן אין אַלערליי ציימן, דורך אינדישע פּרינצן און פאַרשטייער פון רעליגיעזע סעקטעס. דאָ זיינען טרעפּ, וואו בראַמינער קומען אַראָפּ צום וואַסער מעדיטירן; טרעפּ פאַר די מדראַס און טרעפּ, וואו עס קומען די אַלמנות זיך באָדן...

## 2

עס האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ טוי פֿון וואַסערשפּיגל און זיך אויפֿגעלייזט אין דעם ראָזלעכן גרוי פֿון באַגינען, ווען איך האָב מיט מײַן שיפֿל זיך אָפּגערוקט פֿון ברעג אין געלאָן, אַז דאָס וואַסער זאָל ריזלען בײַ די זײַטן פֿון מײַן שיפֿל.

מײַנע שווײַגנדיקע שיפֿער, נאַקעטע ביז די לענדן, האָבן געשעפּטשעט אַ תּפֿילה, וואָס איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען, ווען זייערע בליקן האָבן זיך געצויגן צום הייליקן ברעג. פּינוואַגן דאָס שיפֿל האָט זיך דערווײַטערט.

די גאַנגעס איז דאָ ברייט און טיף און מיט דער פֿולער וואַסער־שפּע שווענקט זי בײַדע ברעגעס צוגלײַך. דערבײַ רוט דאָ אַ פֿאַרטראַכטקייט אויף איר אייבערפֿלאַך. איצטער, אַרויסקומענדיק אויפֿן מיטן טײַך, האָבן זיך פֿאַר מיר באַוויזן די שאָטנס פֿון די טעמפּלען, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין וואַסער. מיט שטילע, געמאָסטענע טריט האָבן אַראָפּגענידערט אײנס הינטערן אַנדערן אינדיעס קינדער, וואָס מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם דערנענטערן זיי זיך צום הייליקן וואַסער, צו באָדן זייער לײַב. זיי קומען אָן און, שאַ און שטיל, לאָזן זיי זיך אַראָפּ אויפֿן לעצטן טרעפּל און ציִען די הענט און הויבן דאָס גאַנצע לעבן אַרויס צו דער הייליקער גאַנגעס.

אַפֿריער זעט מען נאָר זייערע סילועטן, אָבער דער טאָג וואַקסט, דער באַגינען צײַטיקט און דעקט אָפּ די שורות מענטשן, וואָס אין די צענדליקער טויזנטער זיצן זיי איצטער לענגאויס, אויף די טרעפּ; זייערע טונקעלע לײַבער, אײַנגעוויקלטע אין ווײַסע לײַלעכער, שפּיגלען זיך אָפּ אין וואַסער.

אַרויף און אַראָפּ באַוועגט זיך מײַן שיפֿל און מײַן בליק פֿאַלט אויך צום מזרח־ברעג. אַ אָרעמער ברעג, אַ פֿאַרשאָלטענער. ניט באַבוימערט, ניט פֿאַרבויט. דער האָריזאָנט אָבער ציטערט דאָרטן און די בלאַסקייט פֿון פֿרימאָרגן איז שוין אימעליש געוואָרן; די ערשטע שפּורן פֿון דער זון רעפֿלעקטירן איבער דער פֿלאַכקייט פֿון מזרח־ראַנד.

איצטער איז די גאַנגעס בלאַסלעך־בלוי; צעשוואומען געוואָרן דער לייכטער נעפּל, וואָס האָט דאָס פּנים פון דער הייליקער מוטער פאַרצויגן. דער שטראָם איז אַ יונגער; שטאַרקער ריזלט דאָס וואַסער ביי די זייטן פון מיין שיפל. מיינע שיפער רירן פאָרזיכטיק מיט די רודערס, חלילה ניט וויי צו טאָן דער הייליקער מוטער. אויף מיר קוקן זיי ניט פריינטלעך. ווייסן, אַז פאַר געלט פירן זיי אַ זינדיקן. און אפשר וועט די הייליקע מוטער באַשטראָפן, ווען די פולע מאָס גרימצאָרן וועט זיך אַריבערגיסן.

איצטער קען מען הערן, ווי עס קלאַפּט דאָס האַרץ ביי אַ גאַנץ פאָלק. ווייל דער מזרח־הימל איז שוין געוואָרן ראָז, פאַרבנדיק וואַרעמער דעם גרוי פון מערב־ברעג. איצטער זעט מען שוין אַרויס די אויגן פון אינדישן פאָלק, ווי זיי גליען דאָ ביים זונאויפגאַנג. אַ פאָלק האָט אַלץ איבערגעלאָזן ערגעץ און אַהער אַרויסגעקומען, לאָזנדיק הינטער זיך דאָס גאַנצע לעבן, ווייל לעבן און טויט האָבן צווישן זיך שלום געמאַכט און האָבן צווישן זיך אָפּגעווישט אַלע גרענעצן.

טויזנטער און טויזנטער הענט שעפּן איצטער אָן וואַסער פון גאַנגעס און שאַפּלען אַרויס טראָפּעלעכווייז אַנטקעגן מזרח; שיקן הייליקע טראָפּעלעך צו באַגעגענען די זון, וואָס קומט מיט איר גאַנצן ליכט־אוצר אַרויס צו באַלייכטן די ערד. די בראַמינער שעפּטשען איצטער אַ תפילה צו דער זון:

„אָ, דו זון, דו ביסט בראַמאַ ביי דיין אויפגאַנג, רודראַ, ווען דו גרייכסט האַלבן טאָג, און ווישנו — ווען דו פאַרגייסט. דו הערשסט איבערן טאָג און ביסט אַן עדות פון אַלץ, וואָס געשעט אויף דער ערד. דו ביסט די לויטערע אויג פון דער וועלט; דו מוסט צעמעסטן די צייט; צעטיילסט טאָג און נאַכט — וואָכן און חדשים. איך טו תפילה צו דיר". —

און ווען די זון האָט זיך אַרויסגעשניטן פון צווישן ערד און הימל און אַ וואָרף געטאָן אַ בונט שטראַלן צום מערב־ברעג — האָט דער גאַנצער ברעג זיך אַ צאַפּל געטאָן — טויזנטער און צענדליקער טויזנטער האָבן זיך געוואָרפן אין וואַסער און דערפילט די קילקייט פון דער גאַנגעס: צענדליקער טויזנטער האָבן זיך

געטובלט. דער טאָג, אינאיינעם מיט דעם פייען אויפּאָטעמען פון די באָרנדיקע, האָט איבערגעריסן די איינגעהאַלטענע שטילקייט, וואָס האָט אַ ווײַלע פריער געהערשט.

די זון איז אַ גלוטיקע אַרויס איבערן האָריזאָנט און מיט אַ הייסן פליגל אַ כאַך געטאָן איבערן פּנים פון גאַנגעס. עס האָט זיך אָנגעצונדן דאָס גאָלד אין די טעמפּל־קופּאָלן; עס האָט זיך אָנגעצונדן די נאַקעטקייט פון די גלויביקע. אויף די ביימער אַרום קאַלי־טעמפּל, אָדער מאַלפּע־טעמפּל, ווי ער הייסט נאָך, האָט זיך אָנגעהויבן צו רודערן: מאַלפּעס זיינען געשפּרונגען פון בוים צו בוים מיט באַנומענע קולות. דערביי האָבן זיך פונאַנדערגעפלאַקערט די שייטערס, אויף וועלכע עס זיינען אויסגעריכט געוואָרן מיט תפילות די „גליקלעכע“, וואָס האָבן זוכה געווען צו שטאַרבן אין בענאַרעס. אַ סך פייערן האָבן זיך צעפלאַקערט. אַ סך האָבן דאָ זייער לעצטן אָטעם אויסגעהויכט. איצטער איז אַזאַ לויטערער טאָג איבער דעם אויפגעגאַנגען.

עס טראָגט זיך פון אַ טעמפּל אַ פרייען־געזאַנג. אַ סך פרייען זינגען אין איין שטימע: דאָס זינגען די אַלמנות אויס זייערע ליידן און זייער לויב צום ניי־געבוירענעם טאָג. אין די טעמפּלען צעפּיקן זיך פייקן און עס צימבלען מעשענע קליפּערלעך. אַ הייליקע קו ציט אויס איר האַלז און לאָזט אַרויס אַן אויסגעצויגענעם מ ה ו...

עס שטייט אויף אַ רעליגיעזער כאָאָס. שטימען קומען פון אומעטום, תפילות פון אומעטום. תפילות טראָגן זיך צו דער זון, צום הייליקן טייך, צום טאָג, וואָס איז אָנגעקומען. דער טאָג רייסט אַראָפּ די ראָזע פאַרנעפּלטקייט און ברענגט אַריין דיווירקלעכקייט. לעבן און טויט האָבן זיך צו נאָענט באַגעגנט. הייליקייט מיט טויט־געררוך האָבן זיך צו־נאָענט באַגעגנט.

איך ווייס ניט, פונוואַנען און פון ווען האָט זיך ביים זייט שיפל באַוויזן אַ שווימענדיקער מת. און כאָטש אין דער גאַנגעס — דאָך ציט פון אים אַ שלעכטער ריח...

די גרויסטע, גרויע ווירקלעכקייט האָט זיך אַריינגעריסן אין דעם דאָזיקן באַגינען, וואָס האָט מיך איינגעוויקלט אין אַ ראָזן, מיסטישן שלייער. איך האָב שוין כמעט אַליין געהאַט פאַרגעסן וואו

איך בין; פֿאַרגעסן אין דעם פֿולן כּוח ניכטערקייט, וואָס איך האָב דווקא אין אינדיע אויסגעטרונקען. ס'איז געווען אַ רגע, ווען עס האָבן מיך געדריקט מײַנע קליידער, געדריקט ווי אַ שווערער פּאַנצער — יעמאָלט, ווען די צענדליקער טויזנטער האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין וואַסער אַרײַן און האָבן געטוקט זייערע קעפּ אין דער גאַנגעס: יעמאָלט, ווען די הייליקע מוטער האָט קיל געגלעט זייער לײַב. עס האָט מיר אויסגעוויזן, אַז אומרײַן בין איך און איך טראָג אויף זיך דעם שטויב פֿון דער מערב־וועלט. עמעצער האָט מיר געשעפּטשעט אין אויער:

— וואַרף אַראָפּ דײַנע קליידער, שפּרינג אין וואַסער אַרײַן און טו דאָס אייגענע, וואָס אַ גרויס, געלײַטערט פֿאָלק טוט עס דאָ בײַם ברעג שוין טויזנטער יאָרן, אַיעדן אינדערפֿרי.

און צי וואָלט עס דען אומזיסט געווען? וואָלטן דען מײַנע צוויי שיפֿער דאָס אָנגענומען פֿאַר משוגעת? עס וואָלטן אפֿשר צענדליקער טויזנטער אויגן פֿון מערב־ברעג צו מיר אַריבערגעקוקט. עס וואָלטן אפֿשר צענדליקער טויזנטער הענט צו מיר זיך געצויגן — ווען איך שפּרינג אין וואַסער, אויף ניט אַרויסצוקומען מער, — ווי עס האָבן שוין הונדערטער טויזנטער און אפֿשר מיליאָנען געטאָן דאָ, זינט די געטער האָבן זיך באַוויזן פֿון די הימאַלאַיער בערג און אָנגעוויזן צום הייליקן טײַך — — — —

אָ, ווי גרויס איז די זון, וואָס דעקט אָפּ די ווירקלעכקייט און ווײַזט אָן דעם לעבעדיקן מענטשן, אַז אַלץ, וואָס ס'איז טויט — פֿוילט און שטינקט!

דער טויטער מענטש איז געשוואומען מיטן פּנים אַראָפּ און מיט די הענט צו דער טיף, ווי ער וואָלט זיך געקליבן נידערן צום גרונט. ניט דעם ערשטן טאָג האָט ער פֿאַרבראַכט אין וואַסער. ער איז שוין געווען אויפֿגעבלאָזן. אפֿשר פֿון ווײַט טראָגט אים דאָס וואַסער; געבראַכט אים צו טראָגן ביז צום הײַנטיקן פֿרימאָרגן... לויט די רינגען אויף זײַנע אָרעמס, גרויס געצייכנטע, וואָס דאָס וואַסער האָט ניט אָפּגעוואַשן, איז קענטיק, אַז ער איז אַ בראַמינער. אפֿשר האָט ער זיך אַליין געוואָרפֿן צו דער הייליקער מוטער אין די קילע אָרעמס אַרײַן.

איצטער האָב איך פֿאַרשטאַנען, צוליב־וואָס די גרויסע רויב־פֿייגל, גבֿלה־פֿרעסער וואַרטן דאָ אויף די ביימער אַרום די טעמפּלען. זייערע שאַרפֿע בליקן האָבן געצילט אַהער. איין אָדלער האָט זיך אויפֿגעהויבן אויף די פֿליגל און געצירקלט איבער מיין שיפֿל; אַראָפּגעצילט מיט די בליקן צום בראַמינער, וואָס איז אַן אויפֿגעבלאָזענער געשוואומען פּאַמעלעך מיטן הייליקן טייך און פֿאַרפּעסטעט די וואַסערן, וואָס קומען פֿון די ריינסטע און לויטערסטע שנייען, וואָס שמעלצן זיך אין די הימאַלאַיען.

---

איך בין דעם איינציגן פֿאַרנאַכט אַרויסגעקומען צום ברעג טייך. די זון האָט געניידערט צו מערבֿ־זייט און באַלויכטן דעם טרויקענעם און פֿאַרוואָרלאָזטן מזרח־ברעג, וואוהין פֿאַר אַ שלעפּן אַרויס פֿון וואַסער די טויטע, פֿאַר די רויב־פֿייגל וועגן. דאָ און דאָרטן זיינען געזעסן אַלטע לייט אונטער די דעכעלעך, וואָס קומען אַרויס ביים כאַמע וואַסער, און מיט שטאַרקע בליקן געקוקט צום טייך, וואָס האָט זיך שוין געוויקלט אין פֿאַרנאַכטיקן, רויִקן נעפּל. עס האָבן דערברענט די שייטערס און דאָס לעצטע פֿון מענטשנס געביין, און דעם רויך האָט אַ ווינטל געשפּרייט איבער דעם הייליקן טייך.

טרויער, טרויער אָן אַ סוף, האָט מיך אַרומגענומען. איצטער האָב איך נאָך שאַרפֿער געשפּירט, ווי עס איז פֿאַטאַל אַזוי נאָענט צו דערנענטערן די גרענעצן פֿון לעבן און טויט; אַזוי צו באַשאַטענען דאָס זוניקע לעבן מיט שאָטנס פֿון טויט. אויב אינדערפֿרי האָט די זון אַראָפּגעריסן אַלע שלייערן פֿון לעבנס־קוואַל — האָט איצטער דער אָוונט, ביי דער גאַנגעס, צוריק דאָס לעבן פֿאַרשלייערט.

גייענדיק מיט די טרעפּ אַרויף, צוריק צו דער גאַס, איז מיר אָנגעקומען אַ הייליקע קו אַנטקעגן און אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגן אַריין. האָב איך אַליין ניט געוואוסט — צי זאָל איך אויף אַ ווײַלע ווערן אַ פֿאַסטוך און אַוועקפֿירן זי פֿון דאַנען אין פֿעלד אַריין, אָדער איך זאָל כאַפּן דעם ערשטן און בעסטן יאָגי, וואָס

דרייט זיך אַרום ביים ברעג און זעצן זיך צו קנעלן מיט אים דעם זינען פון לעבן.

פונדעסטוועגן האָט זיך אין מהות איינגעשניטן דאָס בילד, ווי אַזוי איידן באַגיינען קומט אַרויס אַ גאַנץ פאָלק צום טייך, צו באַגעגענען די זון און באָדן דאָס לייב אין ליכט פון אירע ערשטע שטראַלן.

---

# מיט אַ שלאָם אויפן מויל

## 1

הייליקע שטעט, ווי הייליקע מענטשן — שווער צו פאַרברענגען אין זייער מחיצה צו־לאַנג, ווי ס'איז שווער אויסצוהערן אַזאַ פילאָסאָפיע פון לעבן, וואָס האַלט זיך אויסערן לעבן.

אין אינדיע מיידט ניט אויס דיין וועג, ניט דער הייליקער מענטש און ניט די הייליקע שטאָט. און ממילא שלאָגט זיך שוין אָן אין דער אויסגעבלייכטער לעבנס־פילאָסאָפיע אויך.

די גאַנצע וועלט פאַרמאָגט נאָך אירע הייליקע מענטשן און אירע הייליקע שטעט. נאָר אונטער דער מזרח־זון שטראַלט אַ פּשוט־קאָלירט גלעזל מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן. דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט מיט זיין ברוטאַלן רעאַליזם האָט נאָר דעם מזרח באַוואונדיקט, אָבער ניט אַראָפּגעריסן פון זיין לעבן די אוראַלטע פאַרשלייערטקייט.

הייליקע שטעט און הייליקע טייכן פאַרמאָגט אינדיע גענוג. אָבער די גאַנגעס — וואָס פאַר אַ טייך איז הייליקער פון דער גאַנגעס? און בענאַרעס, אָדער קאַסי, איז די הייליקסטע שטאָט ביים הייליקסטן טייך. די גאַנצע טעריטאָריע אַרום בענאַרעס איז הייליק. אַ סך פּילגרימער מעסטן שוין די ערד מיט זייער גוף אַ סך מיילן פאַר בענאַרעס. אַ קליינקייט, ביי דרייסיק טויזנט בראַמינער, פּריסטער, פאַרמאָגט די הייליקע שטאָט!

— נו, גיי זוך דאָ דעם זינען פון לעבן!

טויזנטער יאָרן, אַז מען קומט אַהער שטאַרבן. מען טראָגט אַהער חולאים אויף באַמבוקענע טראָגבעטלעך, זיי זאָלן דאָ אויסהויכן זייער לעצטן אָטעם. מיט דעם אַש פון די הונדערטער טויזנטער און, אפשר מיליאָנען, פאַרברענטע מתים און אויך דער אַש

פון פרויען, וואָס האָבן זיך אַמאָל לעבעדיקערהייט געלייגט לעבן טויטן מאַן אויפן שייטער פאַרברענט צו ווערן — זייער אַש איז דאָ אומעטום פול. און גיי זוך דאָ דעם זינען פון לעבן.

ווער ציט זיך דען ניט אַהער, קיין בענאַרעס? ביי דער חתונה־צערעמאָניע, ווען די זעקס זיבן־יאָריקע התן־כּלה זיינען שוין דורכגעגאַנגען אַלע צערעמאָניעס, יעמאָלט, ווען זיי זיינען שוין אויף שטענדיק פאַרקניפּטע, קומט נאָך צו די וויכטיקע צערעמאָניע, ווען דאָס חתן־בחורל טוט זיך פלוצלונג אָן ווי אין וועג אַריין, מיט האַק און פאַק און לאָזט זיך גיין פון שטוב. מען באַגלייט אים ערנסט אַרויס. און שוין הינטערן דאָרף באַגעגנט אים פלוצלונג דער כּלהס פאָטער און פרעגט אים:

— בחורל, וואוהין גייסטו?

— איך גיי קיין קאַשי, עולה־רגל זיין צו דער הייליקער שטאָט.

פאַרשטייט זיך, אַז דער מחותן זאָגט אים, אַז ער האָט פאַר אים אַ שיינע כּלה און רעדט אים איין, ער זאָל גיין צוריק. שמחה וששון איז ווידער. איצטער גייט ער ניט קיין קאַשי, אָדער בענאַרעס, ווי די שטאָט הייסט היינט. אָבער קאַשי וועט זיין חלום אויף אַ גאַנץ לעבן. יעמאָלט האָט מען אין אים אַריינגעגעבן דעם גייסט פון אַ פּילגרימער.

די שטאָט בענאַרעס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן ביז צום ראַנד פון הייליקן טייך און יעדן נאָך האַלבנטאָג, ווען די זון נייגט זיך צו מערב־זייט, ציט די גאַנגעס צו זיך די שאָטנס פון די אינדישע טעמפּלען, וואָס בויגן זיך ווי אויפגעשפּיצטע אַנאַנאַסן צום טייך אַפיר.

איך האָב זייער ליב געהאַט אויסצומישן זיך צווישן די פּילגרימער, וואָס האָבן דעם זינען פון לעבן פאַרוואַנדלט אין אַ הייפעלע געבראָטענע רייז־קערנער, מיט וועלכע זיי דערנערן זיך. קאָטש ניט שטענדיק איז ליב צו פאַרברענגען מיט אַ יאָגי, וואָס שטייט צו דיר צו בעטלעריש און דו דערקענסט דעם זשוליקשן אויסדרוק אין זיינע אויגן. קאָטש בעטלען אין אינדיע איז אַן אָנשטענדיקע פּראָפעסיע, נאָר דעם יאָגיס אופן פון בעטלען איז נאָך ערגער

פון דער הייליקער קו, וואָס ציט אָפּטמאָל בײַם אַרבל, אָדער שלעפּט פון אונטער דײַן אָרעם די צײַטונג.

2

איך בין געשטאַנען אַנטקעגן דעם קאַלי-טעמפּל און באַטראַכט די מאַלפּעס אויף די ביימער אַרום טעמפּל, באַטראַכט די אָדלער, מתים-פרעסער, וואָס זיצן דאָ אויף די ביימער און קוקן אויס, אַז אויף דעם מזרח-זייט ברעג טײַך, אויף דעם אומריינעם ברעג, זאָל פּאַריער א טויטן מענטשן, אָדער אַן אַנדער פּגר אַרויסברענגען.

א לייכטער שטויס אין פּלייצע האָט מיך אויפגעוועקט פון מײַן פאַרטראַכטקייט. ווײַל אין דער האַלבמאָנקער הייך אין אינדיע און אין שטויביקן בענאַרעס באַדאַרף מען זײַן א שותּף צו די געטער, כּדי ניט אַרײַנצופאַלן אין פאַרחלשטע עולמות.

איך האָב זיך אומגעקוקט. אַהינטער מיר איז געשטאַנען א אינדוס פון א יאָר פינף-און-דרײַסיק. העכער פון מיטעלן וואוקס. מער ניט ווי די „דאַטי“ אַרום די היפטן. דער קאָפּ אָפּגעדעקט, די אויגן זײַנע האָבן מיך דורכגעבערט. מיט די אויגן האָט ער צו מיר גערעדט. איך האָב עס באַגריפן, ווײַל מיטן מויל האָט ער ניט געקענט ריידן:

זײַנע ליפּן זײַנען געווען דורכגעשטאָכן מיט א דראָט דורך און דורך אַזוי, אַז דאָס מויל האָט ער ניט געקענט עפענען. א נדר! מען טרעפט איצטער זעלטענער אַזעלכע פאַנאַטיקער, אָבער אַרום בענאַרעס באַגעגנט מען זיי.

— איז דאָס דער זין פון לעבן? האָב איך אים געפרעגט.

ער האָט אַלץ מיך דורכגעלעכערט מיט זײַנע בליקן און גאָרניט געענטפערט.

עס איז צוגעקומען א באַוואַקסענער יאָגי און אויסגעשטרעקט א האַנט מיט לאַנגע נעגל, געבעטן א נדבה. איך האָב שוין אַרײַנגע-טאָן מײַן האַנט אין קעשענע אַרויסצונעמען א מטבע און אים דערלאַנגען, נאָר דער ערשטער האָט מיט איין האַנט פאַרהאַלטן מײַן האַנט, וואָס האָט געוואָלט דערלאַנגען די מטבע און, מיט דער אַנ-

דערער, האָט ער אָפּגעשטויסן דעם יאָגיס האַנט. אַ ברום געטאָן צום יאָגי, ער זאָל מיך לאָזן צורו.

דער יאָגי האָט זיך אָפּגעקערט פון מיר און זיך אײַנגעמישט מיטן עולם, וואָס האָט זיך געצויגן דורך דער שמאָלער גאַס צום טײַך־אַראָפּ. און ער האָט ווי פריִער אָנגעשטעלט אויף מיר זײַנע אויגן.

האָב איך ווידער אַ פרעג געטאָן:

— איז דאָס דער זין פון לעבן?

אין דער אייגענער צײַט האָבן פיר אינדזשן דורכגעטראָגן אין געאײַל אַ באַמבוקענעם טראָגבעטל און אויפן בעטל, אַריבערגעדעקט, האָט זיך געוויגט אַ טויטער קערפּער, וואָס מען האָט געטראָגן צום ברעג טײַך פאַרברענען. דער קערפּער איז געווען פון אַ פרוי; דאָס האָט מען געקענט דערקענען נאָך די לאַנגע שוואַרצע האָר, וואָס האָבן אַרויסגעהאַנגען פון אַהינטער דעם ווײַסן צודעק.

האָב איך זיך אַליין אין אים אײַנגעגעסן מיט עקשנותדיקע בליקן און ווידער געפרעגט:

— איז דאָס דער זין פון לעבן?

דאָ האָב איך באַמערקט, אַז ער וויל אַ שמייכל טאָן און קען ניט, ווײַל דער דראָט אין די ליפּן דערלאָזט עס ניט. אַז ער האָט געטאָן אַ נדר צו שווײַגן, איז קלאָר, נאָר עס איז מיר אויך קלאָר געווען, אַז ער איז שוין מיד פון אַזאַ נדר.

ער האָט מיך צערטלעך גענומען אונטערן אָרעם און איך האָב זיך געלאָזט פון אים פירן. איך האָב דעם גאַנצן וועג ניט גערעדט, ווען ער האָט מיך געפירט באַרג־אַראָפּ, צום טײַך אַראָפּ, אין דער ריכטונג, וואו עס ציען זיך די שווערע שטיינערנע טרעפּ פאַר די, וואָס באָדן זיך.

אַ גרופּע אַלמנות אין שוואַרץ געקליידט, מיט אָפּגעגאָלטע קעפּ, אַלטע און יונגע, צווישן זיי קינדער נאָך פון אַ צען, צוועלף יאָר, זײַנען פאַרבײַ געגאַנגען און איינע פון זיי, — די ייִנגסטע, האָט אַ לאַך געטאָן קוקנדיק אויף אונדז ביידן.

אויף איינעם פון די טרעפּ, שוין בײַם סאַמע וואַסער, האָט ער זיך אַראָפּגעזעצט און מיך מיטגעצויגן. איך האָב עס גערן געטאָן.

האָט ריזלען פון דער גאַנגעס און די קילקייט פון וואַסער האָט באַרויקט. איך האָב בשעת־מעשה ,שוין פאַרגעסן אָן אַלץ און וואָלט מיר מיט דעם אַליין באַגנוגנט: כמעט פאַרגעסן, אַז לעבן מיר זיצט אַ מענטש מיט אַ פאַרשלאָסענעם מויל.

נאָר פלוצלונג האָט ער אַרויסגעצויגן דעם דראָט פון די ליפּן, האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן, אַריינגעקוקט מיר גלייך אין פּנים מיט אַ לייכט שמייכל און אַ זאָג געטאָן מיט אַ ציטעריקער, קרענק־לעכער שטימע, וואָס האָט זיך ניט געפּאַסט פאַר זיין געזונטן און שטאַרקן וואוקס.

— ,דריי מאָל האָסטו בײַ מיר געפרעגט, וואָס איז דער זינען פון לעבן, און איך האָב עס ניט געקענט ווידערשטיין.

דערקענט האָב איך, אַז ער האָט פאַרלאַנגט, איך זאָל ריידן ווייטער. נאָר אַז ער האָט אַראָפּגענומען דעם שלאָס פון מויל, איז מיר ליבער געווען, אַז ער זאָל ריידן. און איך האָב צום פערטן מאָל אים געפרעגט:

— וואָס איז דער זינען פון אייער לעבן, ווי איך זע אים דאָ אַרום אין בענאַרעס, ביים ברעג פון הייליקן טייך, וואו די רע־ליגיעזיטעט קען ממש דערשטיקן אונזערן אַ מענטשן.

צוליב־וואָס דען קומט איר אַהער פון ווייטע לענדער צו אונז, ווען קיין שום זאַך געפעלט אייך ניט בײַ אונז? איך האָב געלייענט אַ סך ביכער איבער אונזער לאַנד און פאָלק, וואָס פרעמדע באַ־זוכער פון איראָפּע האָבן געשריבן. איר קענט אונז ניט. דאָס איז אַ גרויסער טרויער. הלוואי וואָלט איר צו אונז ניט געקומען. אָ, יעמאָלט וואָלט איך אפשר דעם שלאָס אויפן מויל ניט באַדאַרפט אָנטאָן...

ער האָט אַ צייט געשוויגן און שפּעטער האָט ער מיט אַ ציטערי־קער און שוואַכער שטימע אָנגעהויבן:

— איך פרעג דיך אַפילו ניט, פון וואָס פאַר אַ לאַנד דו ביסט, נאָר לויט דער דעמאָקראַטישקייט פון אייערע לייט, שלאָג איך מיר אָן, אַז דו ביסט אַן אַמעריקאַנער. זעסט דאָרט די צוויי פינגער, וואָס טייטן אין הימעל אַריין? (ער האָט אָנגעוויזן אויף די צוויי מינאַרעטן פון דער מאַכמעדאַנישער מאָשע, וואָס שטייט דאָ ביים ברעג נאָך

פון מיטלאַלטער). עס איז אויך דער אויסדרוק פון פרעמדער חוצפה. בשעת די מאַכמעדאַנער האָבן זיך אַהער אַריינגעריסן אין צוועלפטן יאָרהונדערט, זיינען דאָ געווען טויזנט אינדישע טעמפּלען. האָבן זיי אונזערע טעמפּלען חרוב געמאַכט און אַנידערגעשטעלט די דאָזיקע מאָשעס מיט די צוויי הויכע מינאַרעטן. אפשר מיינסטו, אַז די צוויי מינאַרעטן פרעגן אויך ביים אינדישן פאָלק — וואָס איז דער זינען פון לעבן? די מאַכמעדאַנער רעכענען אויך, אַז זיי פאַרשטייען בעסער פון אונז דעם זינען פון לעבן, דעריבער האָבן זיי איבער אונז געהערשט עטלעכע הונדערט יאָר. איצטער האָט אייראָפּע דורך ענגלאַנד באַוויזן, אַז איר ווייסט נאָך בעסער דעם זינען פון לעבן, און דעריבער זיינען מיר, אַלע אינדוסן און מאַכמעדאַנער, אונטערטעניק ענגלאַנד.

און באַלד איז געקומען אַ דערציילונג פון זיין לעבן, וואָס האָט געזאָלט האָבן אַ גרויסן זינען און האָט זיך אויסגעלאָזן אין דעם שווערן איבערברוך פון זיין כאַראַקטער אַזוי ווייט, אַז ער האָט אָנגעטאָן אַזאַ ווייטאָגדיקן שלאָס אויף זיין מויל און זיך אַוועקגעלאָזן זעקס הונדערט מייל, ווי אַ פּילגרימער, קיין בענאַרעס, אויסצובאָדן זיין לייב אין דער גאַנגעס.

3

— „מיר האָט זיך געחלומט, אַז מיין האַלבער לעבן וועט ווערן גאַנץ יעמאָלט, ווען איך וועל זיך צונויפקומען מיט אַ אייראָפּעישער פרוי (ער האָט גערעדט גיכער ווי פאַר זיך אַליין) און וואָס פאַר אַ געדרייבענער טאַט איז דאָס, קלערסטו געוויס? זאָג איך, אַז דאָס איז אַ געוואַלדיקער איבערברוך. ווען נאָר בלויז תאווה זאָל דאָ אַ מענטשן שטויסן — יעמאָלט איז עפּעס אַנדערש. דו ווייסט, אַז מיר זיינען אַריער פון ריינסטן סאָרט. אויף דעם זאָגן עדות אונזערע פינגער. און די בלויקייט אונטער אונזערע נעגל, וואָס דער סאַקסישער ענגלענדער האַסט אַזוי — דאָס איז אונזער ריינסטע פּראָבע. דאָס, וואָס דער אייראָפּעער האָט באַדאַרפט דורכמאַכן, אַז זיין הויט זאָל ווערן ווייס — דאָס האָט אויף אַן אַנדער אופן ביי אים אַראָפּגענומען פון זיינע ווערטן; עס האָט אים אויס-

געטאָן נאַקעט און אים אַרויסגעשטעלט פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט מיט די נערוון אויף דרויסן".

„איך האָב געוואַרט, אַז מיר וועט אָנקומען פֿיל שווערער צו באַקומען אַ ווייסע פֿרוי פֿאַר זיך, ווי דאָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן. איך בין צו איר צוגעגאַנגען מער מיט מיין אינטעלעקט, ווי מיט נאָרמאַלע מענטשלעכע נייגונגען, וואָס זי האָט אין מיר געזען; ווי אַזוי זי האָט מיך פֿאַרשטאַנען, דאָס ווייס איך נאָך ביז איצטער ניט. נאָר אין אמתן האָבן מיר זיך ביידע ניט פֿאַרשטאַנען".

און ער האָט אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע בליקן אַ ווילע און מיט געציילטע, אויסגעצויגענע ווערטער געפֿרעגט:

— וואָס איז אַזוינס ליידנשאַפֿט ביי אייערן אַ מענטשן?

איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען, וואוהין ער צילט מיט זיין פֿראַגע און ניט געוואוסט, וואָס אים צו ענטפֿערן.

נאָר ער האָט אַליין ווייטער גערעדט:

— „מעגלעך, אַז איר גיט זיך ניט אָפּ קיין חשבון. ביי אונז ווערט אַ פֿרוי אַ פֿרוי, ווען זי איז אַלט צען, צוועלף יאָר. צו צוועלף יאָר איז זי שוין אַ מוטער און אַ טייל פֿון זיין גוף. ער שפּירט זי ניט. זי איז אים ניט קיין צווייטע פּערזאָן. זי הערט נאָר זיין שטים, פֿאַרשטייט זיין פֿאַרלאַנג און פֿאָלגט. זי עקסיסטירט אַזוי לאַנג, ווי דער מאַן לעבט. איז ער געשטאָרבן — יעמאָלט בלייבט אויף דער ערד בלויז איר שאָטן. האָסט דאָך געזען די אַלמנות דאָ, אָט דאָרטן שטייען עטלעכע אַלמנות — זיי זיינען ניט מער, ווי שאָטנס! ביי אייך וואַקסט די פֿרוי אויס צו דער מדרגה פֿון אַ מאַן, זי איז אַ גאַנצע וועלט. צום מאַן אַ באַזונדערע וועלט. צו דער דאָזיקער באַזונדערער וועלט האָב איך זיך געוואָלט מיט מיין וועלט דערנענטערן".

— ווער איז זי געווען? — האָב איך געפֿרעגט.

— „זי איז געקומען אַהער פֿון דער פֿרעמד. עס האָט זי געצויגן אַהער. זי האָט אויפֿגעגעבן עסן פֿלייש. דאָ האָט זי זיך אינטערעסירט מיט טעאָסאָפֿיע. צוליב דעם האָט זי געוווינט אין בענאַרעס אַ גאַנצן יאָר. ווייסט דאָך, אַז דאָ איז די גרויסע טעאָסאָפֿישע שול. זי האָט מיך באַמערקט. זי האָט געמאַכט דעם ווייטן שריט:

איך האָב נאָר צוליב דעם באַדאַרפֿט אַוועקגיין פֿון מיין טאַטנס הויז, זיך אַליין דערקלערן פֿאַר דעם, וואָס האָט פֿאַראומרייניקט אונזער קאַסט. דעם ווערמיליאָן-צייכן האָב איך סיי-ווי ניט געטראָגן אויף מיין שטערן. נאָר אפשר קענסטו מיר באַשיידן די דאָזיקע רעטעניש און זאָגן, אין וואָס באַשטייט אָט די דאָזיקע דערשיינונג, פֿון אַ דערוואַקסענער אייראָפּעישער פֿרוי?"

— פֿאַר אונז איז אונזער פֿרוי אַ ווירקלעכקייט. פֿאַר אונז איז דאָס לעבן ניט קיין רעטעניש, ביי אונז איז זי אויך אַ מוטער ווי ביי אייך; און ביי אונז איז איר דערוואַקסנקייט געוואָרן איר מעלה.

אַזוי האָב איך אים געענטפֿערט. ניט ווילנדיק, צי אים וועט עס באַפֿרידיקן.

— „איז פֿאַרוואָס האָט זי דורך מיר ניט געוואָלט ווערן קיין מוטער? אָ, ווען דאָס אַליין וואָלט נאָר געווען מיין גרויסער טעות, ווען נאָר דאָס אַליין... יאָ, מיין פֿריינט, דאָס וואָס זי האָט מיר געזאָגט — דאָס קען איך דיר איצטער ניט איבערזאָגן. דאָס קען מען אויף די ליפּן ניט אַרויסברענגען. מער ניט, וואָס ביז איצטער באַגרייף איך נאָך ניט, ווי אַזוי אַ מענטשלעכער ווען, וואָס באַדאַרף זיין אַ מוטער, קען פֿון זיך אַזויפֿיל גיפֿט אַרויסטיילן. נאָר דאָס, וואָס איך האָב איר געזאָגט, קען איך אייך ניט איבערזאָגן. פֿאַר דעם האָב איך מיר אַליין גענומען מיין שטראָף, איך זאָל זיין שטום ביז איך וועל מיר דערשלאָגן קיין בענאַרעס און זיך אויסבאָדן אין גאַנגעס".

און מיט אַ שטימע אַ סך אַ קרעפּטיקערע האָט ער אַ פֿרעג געטאָן:

— קענט איר אייער דערוואַקסענע פֿרוי?

— מיר זוכן זי ניט צו דערקענען.

— איר זייט דאָך אַזוי ראַציאָנאַליסטיש.

— דעריבער טוען מיר עס ניט.

— און ווען די פֿרוי פֿעלשט אין אייך?

— איז אַמאָל באַצאָלט זי דערפֿאַר און אַמאָל ניט.

— און אַ מאַמע איז זי?

— זע, סאַר אַ שטאַרקע פעלקער איראָפּע האָט, וואָס די פרוי האָט אויסגעטראָגן אונטער איר האַרצן.

— איז דאָס מיט איר כּוח, וואָס איר הערשט איבער אונז? איצטער פאַרשטיי איך דיין געדאַנק.

האָב איך אים איבערגעשלאָגן:

— לאָמיך דיך פרעגן, ווי גרויס איז געווען דער ווייטאָג, בשעת דו האָסט מיטן דראָט געלעכערט דיינע ליפּן? כאָטש איך ווייס, אַז איר האָט אַ שטאַרקן ווילן און איר קענט נאָך אַ סך ערגערס טאָן. איך מיין, אַז אומצוגיין מיט באָרוועסע טריט אויף ברענענדיקע קוילן, מוז זיין אַ סך פיינלעכער....

— אָ, ניין, פיינלאַכער טויזנטער מאָל איז, ווען מען נעמט אַ נשמה, וואָס איז שוין איבן ווייט פון איר אויסלייטערונג, און מען פאַרדינגט זי אויף אַ באַשטימטן טערמין צו וואוינען אין אַ גוף פון אַ גאַסן־הונט... אָ, אינדיע — האָט ער אויסגעשפּרייט זיינע הענט צו דער גאַנגעס — אַ קליין קינד ביסטו, אַ עופעלע, וואָס האָט נאָך די פעדערלעך ניט. אַ עופעלע, וואָס קען נאָך קיין שטאַרקן טראָט ניט מאַכן!

ער האָט פאַרדעקט זיין פּנים מיט די הענט און שטיל געבליבן. לאַנג איז ער אַזוי געזעסן אין דער פּאָזע פון די, וואָס זיצן דאָ אַזוי ביי דער גאַנגעס און מעדיטירן. איך האָב זיך שוין געוואָלט אויפהויבן און אַוועקגיין. אין אמתן האָט זיין ניט אינגאַנצן דערציילטע דערציילונג מיך אַוועקגעטראָגן מיט מיינע אייגענע רעיונות אין אַלדע־גוטע יאָר.

נאָר ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו מיר. זיין פּנים איז געווען אינגאַנצן באַרויקט. ווען ניט די צייכנס און די געשוואָלנקייט אויף זיינע ליפּן, וואָלט שווער געווען צו זאָגן, אַז דאָס איז דער אייגענער מענטש, וואָס האָט אַזוי מיסטעריעז מיך באַגעגנט, מיטן דראָט דורכגענומען דורך די ליפּן.

מיר אַליין האָט זיך איצטער געוואָלט אויסשפּרייטן די הענט צום הייליקן טייך און איבערזאָגן זיינע ווערטער:

„אָ, אינדיע, אַ קליין קינד ביסטו, אַ עופעלע, וואָס האָט נאָך

די פּעדערלעך ניט; אַ עופּעלע, וואָס קען קײן שטאַרקן טראָט ניט מאַכן..."

איך האָב זיך מיט אים געזעגנט, געאָרניט זאָגנדיק מער, און האָב אים געלאָזן בײם ברעג טײך; בײם אײגענעם ברעג, וואו יאָר־אײַן, יאָר־אויס קומען די מיליאָנען װײַערע הענט אויסצושפּרײטן און װאַכן איבערן זונענאויפגאַנג.

## ווען די שווערד פאַרגיסט טרערן

### בלעטער פון מיין טאָגבוך

סאַרנאַט, 15 מאַרץ

אַ לויטערער פרימאָרגן. רו און פרידן. חורבות פון אַלטע בודאַ-טעמפּלען, האַלב-איינגעבראָכענע און האַלב-פאַרשאָטענע מאָנאַסטירן, הויפנס שטיינער. אַ רויב-פויגל צירקלט הויך אין דער בלויער לופט.

דאָ האָט מיט דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק געזאָגט זיין תורה גאַוטאַמאַ בודאַ.

דריטהאַלבן טויזנט יאָר בסך-הכּל. ביים אינדישן פאָלק איז דאָס אַ „נעכטן". הייסט עס, נעכטן האָט דאָ גאַוטאַמאַ בודאַ, אַ יונגערמאַן נאָך, געהאַלטן זיין ערשטע דרשה איבער דעם ציל פון לעבן, און זיך אָפּגעזאָגט פון עולם-הזה.

געוויס, דאָס וויכטיקסטע פון אַלע זיינע תורות איז, וואָס ער האָט פאַרבאָטן צו טייטן יעדע זאַך, וואָס לעבט. געווען אַ צייט, ווען בודאַיזם האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ אינדיע. דאָס איז געווען מיט גענוי דריי הונדערט יאָר שפּעטער, ווען עס האָט געהערשט דער מלך אַסאָקאַ, וואָס האָט באַפוילן איינצוקריצן די הויפּט-יסודות פון בודאַיזם איבערן גאַנצן לאַנד. נאָך איצטער געפינט מען אַסאָקאַס אויפשריפטן אויף אַלערליי שטיינער און פעלזן. דאָ, אין סאַרנאַט, צווישן די חורבות ליגט אַ שטיינערנער זייל פון אַסאָקאַס צייטן, מיט אַן אויפשריפט פון בודאַס תורה.

בודאַיזם אין דער ריינער און ערשטער פאָרם האָט זיך שוין לאַנג אויסגעלעבט אין אינדיע. אויסערלעך מאַכט אַ צעט דעם איינדרוק, אַז הינדויזם האָט איינגאַנצן איינגעשלונגען די תורה פון סאַקיאַמוני. (עס הייסט נאָך, אַז יאַפּאַן, בירמאַ און ציילאָן זיינען בודאַיסטיש).

ווינציקער פון אַלץ האָט זיך אַרום בודאַס פּערזאָן באַדאַרפט אַזאַ אָבערגלויבן פונאַנדערוויקלען. ער, וואָס האָט ניט געוואָלט ריידן פון גאָט, ווייל ער האָט וועגן אים קיין באַגריף ניט געהאַט — איז אַליין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם פון די אומצאָליקע געטער.

און דאָך האָט דער געדאַנק „ניט צו טויטן" געלאָזן אין אינדיע די טיפסטע וואָרצלען. עס האָט אַפילו דערגרייכט צום אַבסורד, וואָס בראַמינער עסן ניט קיין געוויקס, וואָס האָט דעם איסזען פון אַ קאָפּ. זיי עסן דעריבער ניט קיין ציבעלעס, קיין בוריקעס, צוליב זייער קיילעכדיקער פאָרם.

דאָ, אין כאַריאַט, לעבט אַ גרופּע פון דער סעקטע ד ז ש י י נ ס, וואָס פאַרהענגען מיט אַ טיכל די נאָז און מויל, כדי מיטן אָטעם ניט אַריינציען קיין לעבעדיקע באַשעפעניש, און, אַזוי אַרום, מיטן (מאַהאַווירא, דער גרינדער פון דער דאָזיקער אַסקעטישער סעקטע, וואָס איצטער ציילן זיי ביי אַ פּאָר מיליאָן אין גאַנץ אינדיע, האָט געלעבט עטוואָס פריער פון גאָטאַמאַ בודאַ. עטיש קומען זיי זיך צונויף מיטן בודאַיזם).

איך קוק אויף די דאָזיקע מערקווערדיקע מענטשן, מיט פאַרהאַנגענע נאָז און מויל; מיט אַזעלכע פאָרזיכטיקע טריט רירן זיי אָן די ערד. עס קלערט זיך:

„אַ קאָנגלעמע איז אונזער וועלט. ניט גאָר געלונגען צונויפגעזעצט פון אַ סך אַנטאַגאָניסטישע וועלטן. און פאַרוואָס זיינען אונז פאַרשטענדלעך די דאָזיקע, וואָס קוילען בהמות, עופות, שיסן, שטעכן, באָדן זיך אין הייסן בלוט פון לעבעדיקע באַשעפעניש? — — —

און פאַר קאָמיש באַטראַכטן מיר דעם קאָנטראַסט; דעם מענטשן, וואָס גייט ניט אַרויס דרויסן ביינאַכט, ווען עס איז פינסטער, ווייל ער קען זיך ניט איסהיטן און קען ניט אויפפּאַסן אויף זיינע פיס, זיי זאָלן ניט אָנטרעטן אויף אַ ווערימל, צי אַ זשוקעלע, חלילה".

טאָמאַס קאַרלייל זאָגט ערגעץ, אַז אַלץ, וואָס לעבט, באַשאַפט אומריינקייט.

עס איז ניט אָנגעוויזן, וויפיל אומריינקייט דאָס לעבן איז באַרעכטיקט צו מאַכן. יעדערער קומט מיט זיין אייגענער מאָס צו פאַרנעמען אַן אָרט אין לעבן מיט זיינע אומריינקייטן, כאָטש די אַבסאָ-

לויטע ריינקייט פון די דזשיינס שפּילט אַ ביסל אויף די נערוון. געווים איז דאָס דערפאַר, וואָס מיט זייער באַגעגנונג דעקן זיי אָפּ אונזער ברוטאַליטעט; אונזער שלעכטיקייט ווערט דורך זיי באַלויכטן, און עס דאַכט זיך מיר איצטער אויס, ווען איך קוק אויף די דזשיינס, אַז צווישן אונז איז גאָר קיין געמיינשאַפטלעכס ניטאָ. ווען איך וואָלט זיך וועלן מיט די צונויפריידן, וועל איך ניט געפינען קיין פּאַסיקע ווערטער.

פונדעסטוועגן באַמערק איך, אַז איינער איז שוין עטלעכע מאָל פאַרבייגעגאַנגען דעם בערגל שטיינער, אויף וועלכן איך זיץ, און ער קוקט אויף מיין זייט, וויל זיך דערנענטערן.

איך האָב אים באַגריסט, אַ נייג טועדיק מיין קאָפּ, און ער האָט געענטפערט, אויף דעם אייגענעם אופן. זיין מויל האָב איך ניט געזען, נאָר די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אַ פריידלעכן ליכט. געווים האָט זיין מויל געשמייכלט אונטערן טיכל.

אַז איך האָב זיך אויפגעשטעלט אים אַנטקעגן, איז ער צוגעקומען צו מיר און מיר געגעבן די האַנט. איך האָב איצטער פון נאָענטן אַריינגעבליקט אין זיינע אויגן. זיין האַנטדרוק איז געווען אַ האַרציקער און די אויגן זיינען געווען זייער לויטער; דורך די שוואַרצאַפּלען האָט זיך די לויטערקייט געזופּט.

הייסט עס — דאָס איז איינער פון די געציילטע, וואָס האָט אויף זיך גענומען צו טראָגן אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן לעבן.

— יאָ, דאָס לעבן איז זייער קורץ, און עס איז דאָך גרינגער דורכגיין דורכן לעבן אַ ריינער, אַ געלייטערטער, ניט פאַרגיסנדיק קיין בלוט און, ווי ווייט מעגלעך, מיט מיין אייגענעם לעבן ניט צו פאַרדאַרבן עמעצנס אַנדערש לעבן.

דאָס איז געווען אַן ענטפער אויף מיין פראַגע, ווי אַזוי האָט ער געקענט איינראַמען זיין לעבן אין אַזאַ ענגער ראַם און פאַרהענגען דעם נאָז און דאָס מויל.

ער האָט נאָך צוגעגעבן:

— אַ מענטשנס מויל באַדאַרף ניט זיין אָפן. עס איז דער שעדלעכסטער אָרגאַן ביים מענטשן. ניט ווי עס טראַכטן אינדוסן, אַז דאָס מויל איז אומריין. דאָס איז פאַרגרייזט. דאָס מויל איז

אַ פֿאַרברעכער. אַ מויל פֿאַרגיסט בלוט. עס וואָלט קיינער ניט געטויט קיין טויב און זי שפּעטער געגעסן, ווען דאָס מויל זאָל ניט געבן קיין הסכּמה אויף דעם. אין איעדן פֿאַרביסן דערשפּירט דאָס מויל דעם טעם, און פֿאָדערט. ווען איך עפֿן אויף מיין מויל, יע־מאָלט קען איך זיך צונויפֿריידן נאָר מיט דיר, אין דיין גלייכן. פֿאַרשליס איך מיין מויל, יעמאָלט קען איך זיך דורכריידן מיט דעם מינדסטן פֿליגעלע, מיטן מינדסטן גראָז, וואָס קריכט פֿון דער ערד; דאָס מויל האָט דעם מענטשן פֿאַרפֿירט און אים אַראָפּגעפֿירט פֿון דער אויסדערוויילטער פּאָזיציע, אויף וועלכער ער האָט באַדאַרפֿט שטיין.

ער האָט גערעדט מיט אַ פֿאַרהאַנגענעם מויל און איך האָב קיין מוט ניט געהאַט צו עפֿענען מיין מויל און צו ענטפֿערן אים. און עס איז מיר שוין לאַנג אַזוי אָנגענעם ניט געווען דאָס שווייגן, ווי היינטיקן טאָג. איך וואָלט געקענט נאָך צוגעבן, אַז די איבנדער־מאָנטע רייד זיינע האָב איך אַרויסגעהערט, אָדער אַרויסגעשעפּט פֿון זיינע לויטערע אויגן, בשעת ער האָט געהאַלטן מיין האַנט און געקוקט אויף מיר.

יאָ, אין ערגעץ קען מען אַזוי ניט ווערן באַצוואונגען פֿון אַ שטימונג, ווי אין אינדיע. דאָס, וואָס ערגעץ אַנדערש וואָלט געווען אַזוי אומדערוואַרט, איז דאָ אַ געוויינטלעכע זאַך. פּונקט ווי עס קען אַרויסקומען אַ טיגער פֿון וואַלד און פֿאַרנעמען מיט די ציינער אַ מענטשן פֿון אַ נאָענטן דאָרף מיט זיך אין וואַלד אַריין; פּונקט ווי עס קומט אָן אַ פּעסט און פֿאַרטראָגט פֿון דער לעבעדיקער ערד הונדערטער טויזנטער מענטשן, — אָט אַזוי איז נאַטירלעך צו באַגעגענען מענטשן, וואָס דאַגהן פֿאַר לעבן פֿון דעם מינדסטן פֿליגעלע.

די דזשיינס גלויבן אויך אין דעם אַנצאָליקן מאָל פֿון דער נשמהס ווידערגעבורט, נאָר זיי איז „געלונגען“ דורך דעם ספּעציפֿישן אַס־קעטיזם צו דערגרייכן פֿאַר איר אַ קירצערן וועג צו נירוואַנאַ, צו דער פֿולשטענדיקער באַפֿרייונג פֿון איר עקזיסטענץ.

אַזוי איז דאָס לעבן אויף דער ערד קורץ, און כּדי דאָס לעבן צו דערלענגערן, גראָבט מען פֿון אונטער דער ערד אויס תּרבות

פון פאַר טויזנטער יאָרן צוריק. האָט מען דאָ געפונען סקולפּטורן-שטיקער מיט בודאַס געשטאַלטן, באַרעליעפן, מיט אויסדרוקן פון לייבן, בלומען און אַנדערע געוויקסן, אויסגעהאַקט אין זאַמד-שטיין און גראַניט. אַלץ איז אויפגעזאַמלט זייער פּאָרזיכטיק אין אַ מוזיי דערביי, אין סאַרנאַט.

דאָס טוט שוין דער מערב-גייסט דאָ. דאָס טוט ער, כדי אַזוי אַרום צו בינדן דעם עבר מיט דער געגנוואַרט, און געבן דעם לעבן אַ רעאַלערן זינען; געבנדיק דעם אייגענעם לעבן אַ לענגערן און ממשותדיקערן אינהאַלט.

אין דעם פּרט, זייגען מיר נערעכט.

---

לאַקנאָו, 26 מערץ

„....בריטישער סעטימענט פאַרגיסט דאָ טרערן. בריטישער סענטימענט ווערט דאָ ווייך און דאַכט זיך, אַז די שווערד פאַרלירט דאָ אַ טרער".

ניט אַזוי גרינג שאַפט זיך די לאַגע, אַז דער שוואַכער זאָל מאַכן אַן אָנפאַל אויף דעם שטאַרקן. און ווער זאָגט נאָך, דאָס אינדישע פאָלק, וואָס קען זיך בלויז קאַפּריזען, ווי אַ קליין קינד, ווען עס וויל זיך אַרויסרייסן פון מאַמעס הענט און אַוועק אויף אייגענע פיס, אַז דאָס אינדישע פאָלק זאָל קענען בלוטיקע מרידות מאַכן, אַוועקהרגענען גענעראַלן, לייטענאַנטן, לאָרדן און ליידיס. —

און דאָס איז דאָך געווען אין זיבן-און-פופציקסטן יאָר פון לעצטן יאָרהונדערט: דער באַרימטער אויפשטאַנד קעגן דער ענגלישער הערשאַפט, וואָס האָט „געקאָסט" ענגלאַנד עטלעכע טויזנט אינדישע סאָלדאַטן, אַ ביסל אייגענע גענעראַלן און אַ צאָל פרויען און קינדער. אַרום לאַקנאָו איז געווען דער צענטער פון דער מרידה. לאַקנאָו האָט אויסגעהאַלטן אַ לאַנגע באַלאַגערונג. יעדעס הויז איז געווען אַ פעסטונג. אין יעדן הויז האָט זיך געצאַפּלט דער בריטישער גורל. ביז עס איז אונטערגעקומען פאַרשטאַרקונג, טאַקע אינדישע סאָלדאַטן, אונטער ענגלישע גענעראַלן. האָט מען זיך ווי לייבן געשלאָגן אַרום לאַקנאָו. גרויסבריטאַניע איז יעמאָלט „באַפרייט גע-

וואָרן". אויף אינדיעס פרייהייט האָט זיך שטאַרקער די שטריק פאַר-
צויגן.

---

בית-עולמס ריידעוודיקע. מצבות. דאָ ליגן מאַמעס און קליינע קינדער, צווישן זיי גענעראַל נעילס. און אָט איז דער קבר פון גע-נעראַל לאָרענס. וואַרעמע ווערטער, פּאָעזיע, אויף די מצבות. אין דער באַשאַפענער אַטמאָספערע אַרום די היסטאָרישע בנינים, אַרום די קברים און מצבות, קען מען מיינען, „אַז אַמאָל, גאָר אַמאָל, האָבן אומשולדיקע, ווייסע מענטשן פאַרבלאָנדזשעט אין אַ דזשאָנגל און באַפאַלן געוואָרן פון אַ מחנה רויבער, גרעסער אין צאָל. און אַזוי אומגעקומען. געטראָפן האָט עס מיט זיבעציק יאָר צוריק, און פון יעמאָלט אָן איז שוין אַ נייע וועלט, אַנדערע מענטשן דאָ; מען קומט פון ווייט צו זען, וואָס דאָ האָט פּאַסירט מיט זיבעציק יאָר צוריק. וואָס עס האָט געקענט פאַרלויפן אַרגעץ עק וועלט, צווישן די ווילדע אינדוסן".

ווייטער דאָך אָבער, אַז עס טרעפט אַפילו, ווען אַ שווערד קען טרעין פאַרגיסן; פאַרהאַן אַזאַ מעשה פון אַ שווערד, וואָס האָט זייער פיל בלוט פאַרגאָסן, זייער פיל קעפּ אַראָפּגעהאַקט, זייער פיל ברייטע דורכגעלעכערט, זייער פיל בייכער אויפגעשפּאָלטן — האָט מיט דער צייט די דאָזיקע שווערד אַ שוואַכקייט באַקומען, צו ווערן באַדעקט מיט אַ קאַלטן שווייס; תחילת ווי אַ טוי, דערנאָכדעם האָט זיך עס צונויפגעקליבן אין גרויסע טראָפּנס און שפּעטער האָבן זיך שוין געקייקלט גרויסע טראָפּנס. כאָטש די טראָפּנס זיינען געווען רויטע, האָט מען געזאָגט, אַז דאָס זיינען בלוטיקע טרערן.

ענגלאַנדס גרויסער דיכטער, לאָרד טעניסאָן, האָט געשריבן איבער לאַקנאָוס באַלאַגערונג אַ הימן צום בריטישן מעכטיקן מאַן און סאָלדאַט: „אָ, ווי גרויס איז געווען דער צאָל פון פיינט, ווי די כוואַליעס פון ים מיט זיין צופלוס און אָפּפלוס!"

„טויט, אָדער ווער געטויט; לעב, אָדער שטאַרב!
און זאָלן זיי וויסן, אַז מיר זיינען סאָלדאַטן און מענער בראַווע.
און ווידער איבער דעם העכסטן דאַך
פלאַטערט די ענגלישע פאָן!"

אַז מען רייזט אַרום דער וועלט, און מען זעט, וויפיל הייכע און נידעריקע דעכער עס מוזן טראָגן די בריטישע פאָן; טאָמער טרעפסטו ערגעץ, וואו אויף דער וועלט אַ הויכן דאַך, וואו עס פלאַטערט ניט קיין ענגלישע פאָן, טראַכטסטו: „מסתמא האָט אויס־געפעלט סחורה שוין". —

מען האָט אין זינען געהאַט אַ ליד צו פאַרפאַסן לכבוד די געפאַלענע אינדישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך געשלאָגן אויף דער זייט פון די בריטישע, אַטקעגן די אייגענע קינדער פון לאַנד. פאַר זיי איז דאָ אויך אַ כאַראַקטעריסטיש ליד:

„אַ לויב־געזאַנג צו אונזערע אינדישע ברידער און זאָל
דאָס טונקעלהויטיקע געזיכט באַקומען, וואָס אים קומט;
אַדאַנק די די טונקעלהויטיקע געזיכטער, וואָס זיינען גע־
מיט אונז זייט ביי זייט און געטריי, [פאַלן
ביים, זייט מיט די בראַווסטע פון אונז —
געשאָסן, געצייט און געפאַלן,
אַז אויף דעם העכסטן דאַך
זאָל אונזער פאָן אין אינדיע פלאַטערן".

אָ, די „טונקעלהויטיקע" קינדער אינדיעס, וואָס האָבן געהאָלפן ענגלאַנד, אַז אויף דעם העכסטן דאַך זאָל איר פאָן פלאַטערן! שיינע „ברידער" צו ענגלאַנד זייט איר ביים לעבן.

און וואָס וואָלט געווען, ווען אין איין שיינעם פרימאָרגן כאַפּן זיך אויף די עטלעכע צענדליק טויזנט, צי די הונדערט טויזנט ברי־טישע אין אינדיע, כאַפּן זיך אויף און געפינען, אַז:

— דריי הונדערט מיליאָן אַריער, מיט די פיינסטע שטריכן אין פּנים, העל־הויטיקע, גראַציעזע מענער און פרויען, מיט די איידעל־סטע באַנעמונגען, מיט דער פולער כאָטש אַכטונג צו יענעם, וואָס ווייסן ניט ווי מען האַלט אַ שווערד אין האַנט; ווייסן ניט ווי מען צילעוועט פון אַ ביקס, עסן קיין פלייש ניט, רירן ניט אָן קיין פליג אויף דער וואַנט, — קליידן זיך אין צוויי ליילעכער בלויז. גייען צום טייך זיך באָדן באַגינען, ווען די זון גייט אויף און — — — — —

און זיי, די הונדערט טויזנט בריטישע, זיינען אַ חברה טונקל־הויטיקע, אַנדערע ממש ווי נעגער, בלוי, ברוין, צי שוואַרץ. און מיט אַזעלכע געמיינע געוויינהייטן: מיט האַרמאַטן מיט שווערדן, מיט ביקסן — די צווייטע נאַטור. און מען הרגעט, און מען האָט אַ תאווה צו עסן פלייש, ווען עס רינט נאָך דאָס בלוט פון דעם, ניט דער־בראָטן אינגאַנצן, און...

קען דען אין אינדיע אַזאַ וואונדער ניט געשען? אינדיע, אַ לאַנד, וואו עס לעבט אַ פאָלק מיט גאָלע ניסים, קען דאָך אַמאָל אַזאַ וואונדער טרעפן. — — —

---

צווישן דעם עולם טוריסטן איז געווען איינער אַ אינדוס אויך. איך בין אים נאָכגעגאַנגען און געוואָלט לייענען פון זיין פנים דעם אויסדרוק, בשעת ער האָט באַטראַכט די אַלערליי מצבה־אויפשריפטן; איך האָב געוואָלט מיט אים פאַרציען אַ שמועס און האָב ניט גע־קענט פועלן ביי זיך נאָכדעם, ווי איך האָב באַטראַכט זיין פילאָסאָפישע רויִקייט. פאַרקערט, צו מיר איז צוגעגאַנגען אַ פריילין, בשעת איך האָב באַטראַכט די בלומען ביי די מצבות, צוגעגאַנגען נאָענט און דרייסט און געזאָגט:

— איז דאָס ניט רידנג, סיר?

און באַלד האָט זי זיך פאַרכאַפּט און צוגעגעבן:

— איך האָב דיך ערגעץ באַגעגנט, סיר, אין בענאַרעס, צי אין אַגראַ; יאָ, וואָלסטו געגלויבט, אַז די דאָזיקע שטילע מענטשן זאָלן קענען אַזאַ ברוטאַליטעט אַרויסווייזן, צו באַלאַגערן אַ שטאָט און באַשיסן, און טייטן מוטערס מיט אומשולדיקע קינדער?

האָב איך איר דערציילט די מעשה מיט אַ שווערד, וואָס האָט אַ סך, אַ סך געקוילעט און געמערדערט און מיט דער צייט האָט זי אָנגעהויבן צו שוויצן און שפּעטער — צו וויינען מיט בלוטיקע טרערן...

איז איר פנים בלאַס געוואָרן און מיט שרעק אין די אויגן האָט זי געפרעגט:

— האַ, מסתמא, מוט אַ סך, גאָר אַ סך טויזנטער יאָרן צוריק האָט עס געטראָפן; ביי וואָס פאַר אַ פאָלק איז דאָס פאַרלאָפן?

זאָג איך איר:

— איך האָב געהערט, אַז ביי גרויס־בריטאַניע טרעפט עס אויך אַמאָל.

איז זי ווידער בלאַס געוואָרן, און כמעט שעפּטשענדיק גע־פרעגט:

— דו זעסט אויס, ווי אַ שוועד, אָבער דו ביסט ניט קיין שוועד — זאָג מיר, ווער ביסטו?

האָב איך געענטפערט:

— איך בין אַ אינדוס, נאָר לעבנדיק לאַנג אין דער אַטמאָ־ספערע פון בריטישע, איז מיין הויט העל געוואָרן.

זי „האָט עס אָנגענומען אַזוי בראַוו, ווי נאָר אַ בריטישע טאָכ־טער קען און געדריקט מיין האַנט. און זי האָט זיך טאַקע גע־כאַפּט, וואו זי האָט מיך געזען. זי האָט אַוש פּאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף אַהינטער, און קלינגענדיק געלאַכט:

— אָ, איך דערקען דיך איצטער, איך האָב דיך געזען אין פּאַרנאַס, ווען דו האָסט גערעדט מיט אַ דזשיין... וואָס זאָגסטו אויף די דזשיינס, וואָס פּאַרהענגען דאָס מויל אין נאָז, כדי ניט אַריינצואָטעמען מיקראָסקאָפּישע באַשעפענישן? קען אַן אייראָפּעער זיך דערטראַכטן צו אַזאַ אַבסורד?

— ניין...

אַזוי קען אַמאָל האָבן אַ שייכות פּאַרנאַס מיט לאַקנאָו...

# אַ שפּיי אין פּנים

1

אין אַוסטראַליע, אַפֿריקע, צי אין ווייטן אָדער נאָענטן מזרח, אין אַלע מיינע רייזעס האָב איך זיי באַגעגנט די זיסלעך-גוטע מענטשן, וואָס האָבן אַ טבע אַראָפּצולאָזן די אויגן און קוקן אויף דיינע שיך, אָדער אויף די שפּיצן פֿון זייערע אייגענע שיך, אָדער מאַנדאָלן, יע-מאָלט, ווען זיי רעדן צו דיר.

איך בין אויסן די מיסיאָנערן, וואָס האָבן אויף זיך גענומען די מיסיע אַרומצוטראָגן דעם נייעם טעסטאַמענט צווישן פּרימיטיווע, אָבער זייער קלוגע ראַסן און פֿעלקער. וואָרעם דער פּאַפּואַנער פֿון אַוו-סטראַליע הערט זיך גיכער צו צום גאַנג פֿון אַ פֿליי און זיין גע-קרייזלטער, פּעך-שוואַרצער באָרד, ווי צו די רייד פֿון מיסיאָנערן. ווייל אויף אַזויפֿיל איז ער נאָך פֿאַרשטענדיק צו פֿאַרשטיין, אַז סיי די ווייסהויטיקע מיסיאָנערן און סיי די, וואָס האָבן ביי אים צוגענומען די פֿרייהייט און אַרומגעצאַמט מיט שטעכעדיקע דראָטן — ער פֿאַר-שטייט, אַז אויף זיי איז איין הויט אָנגעצויגן, וואָס איז פֿאַרשאָלטן, אַז די זון זאָל זי ניט קענען פֿאַרטונקלען.

עס טרעפֿט, אַז דער „זולו“, צי „באַסוטו“ פֿון דרום-אַפֿריקע טרייסלט זיין ברוין-נאַקעטן בויך פֿאַר געלעכטער, ווען דער מיסיאָ-נער דערקלערט אים אין נאָמען פֿון „איינעם“, וואָס האָט געלעבט אַמאָל, גאָר אַמאָל און איז שפּעטער אַוועק אין הימל, אַז יענער האָט געזאָגט: „אַלע מענטשן זיינען גלייך“. און עס טרעפֿט דערנאָך, אַז דער קאַפֿיר טוט אַ פֿרעג מיט זיין שיימיקן געלעכטער דעם מיסיאָנער:

— ווער איז ער געווען, דער יעזוס קריסטוס, וואָס האָט גע-הייסן אייערע לייט צונעמען אונדזער לאַנד און באַהאַנדלען אונדז נאָך ערגער, ווי מיר באַהאַנדלען הינט?

די מיסיאָנערן דערציילן אַליין גוטמוטיק אַזעלכע מעשיות און קוקן אויף די שפּיצן פון זייערע שיך. פונדעסטוועגן האַלט עס זיי ניט אָפּ. מען שרייבט צו צו זיי מער זינד, ווי גוטע מעשים. זיי פאַרגע- מען עס מיט גוטן.

עס טרעפט אַמאָל איינער, וואָס איז זיך מודה און ציניש טוט ער אַ זאָג:

— אַרויסגעוואָרפן די טירחה, אַז דו אַליין גלייבסט ניט אין דעם.

אין נייזעלאַנד האָט זיך פאַר מיר אַ מיסיאָנער מודה געווען, אַז ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז נאָך צוואַנציק יאָר „אַרבעט“ צווישן די מאַאָרים, האָט ער מער שאָדן געבראַכט ווי נוצן.

— זיי שטאַרבן אויס ווי נאָר זיי ווערן קריסטן. קריסטנטום שאַדט זיי אַפּנים צו זייער געזונט.

איך האָב אויך געטראָפן אַזעלכע, וואָס זיינען אַליין געוואָרן אומגלויביק, פאַרברענגענדיק צווישן די פּרימיטיווע מענטשן. האָבן באַגריפן די נאַקעטקייט פון קאַפיר, אָדער פּאַפּואַנער; גערעדט מיט דרך-ארץ פון די יאַפּאַנער און כינעזער. האָבן נאָר ניט געהאַט דעם מוט אַרויסצוקומען אין דער עפנטלעכקייט און מודה זיין, אַז אַרומ- פירן רעליגיע אין היינטיקן יאָרהונדערט איז נאָך מער ווי אַ נאַ- רישקייט. בפרט, ווען עס ווייסן אַלע אונטערדריקטע פעלקער, סיי פון מזרח און סיי פון דרום און מערב, אַז אַהינטער די מיסיאָנערן באַ- האַלטן זיך אויס און פאַרטייען זיך רעגירונגען מיט אַרמייען, מיט ביקסן און האַרמאַטן.

פאַרהאַנען אויך פרומע מיסיאָנערקעס, וואָס מיט באַרעמהאַר- ציקייט אין פּנים און מיט פרומקייט אויף די ליפּן, האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזן ווייט, ווייט פון אייגענעם פאָטערלאַנד; געקומען צו פּרימיטיווע מענטשן, און מיט איין האַנט לינדערן זיי יסורים, און מיט דער אַנדערער — דערלאַנגען זיי אַ עוואַנגעליום. צווישן פרומע מיסיאָנערקעס האָב איך געטראָפן, איך נאָר נאַיווע העלדינס, וואָס האָבן צו דערציילן פון ניסים און נפלאות, פון איבערפאַלן און פאַר- גוואַלדיקונגען.

ס'האָט מיר אין אַפריקע איינע דערציילט, ווי אַזוי אַ מחנה קאַפירס האָבן זי געיאַגט און געוואָלט אַוועקטראָגן אין וואַלד אַריין איבערגעבן זי צו די שרעקלעכע מאַלפּעס, צו די באַבונעס.

— איר שטעלט זיך פאָר אַזאַ ווילדקייט?! און דאָס האָט געטראָפן נאָכדעם, ווי איך האָב געמיינט, אַז איך האָב זיי שוין באַליכטן דעם פאַרשטאַנד זייערן..

און אינדיע האָט זיך קאַטאָליציזם שטאַרק פאַרשפּרייט דאָרטן, וואו די לאַגע פון די פּאַריער איז צום שווערסטן. זיי, די אומגליקלעכע, אַרויסגעוואָרפענע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, זיי, די אומריינע, וואָס האָבן ניט קיין רעכט צו שטיין אין די ד' אמות פון אַ סודרא אפילו — אַז די מיסיאָנערן האָבן זיך צו זיי דערנענטערט, אָנגערירט זייער לייב און זיך געשפּילט מיט זייערע קינדער — וואָס מער באַדאַרף מען כדי אונטערצוקויפן זייערע נשמות? עס טרעפט, אַז דער מיסיאָנער העלפט אים מיט אַ קלייניקייט געלט אין צייט פון שאַרפער נויט. אין צייט פון הונגער, פּעסט, יעמאָלט באַווייזן זיך די מיסיאָנערן מיטן פרומען פּנים און קויפן אונטער דעם פּאַריער מיט אויפריכטיקער, צי מיט ניט־אויפריכטיקער צוגעלאָזנקייט.

2

נאָר דאָס, וואָס איך גיי דערציילן, האָט געטראָפן ניט ווייט פון בענאַרעס, אויפן וועג, וואָס פירט קיין סאַרנאַט.

כאָטש עס איז שווער אָנצווייזן, אַזוי ווי דאָס אינדישע פאָלק איז ניט פאַרדעקט מיט פאַנאַטיזם; אַזוי ווי עס איז ניט פאַרפלאָנטערט אויף יענע מיסטעריעזע שווינדלטרעפּ, וואו עס קומט פאָר דער שטענדיקער שטייגן און פאַלן, נאָר אין דעם ווינקל אַרום בענאַרעס, ביים הייליקן טייך גאַנגאַ, איז די מיסטעריע געדיכט. די עולה־רגלניקעס פון גאָר דעם לאַנד, — מיט דעם דערנענטערן זיך צו בענאַרעס, וואַקסט זייער וועלט, וואו די נשמה באָדט זיך אין ניט־געשטויגענע קוואַלן.

דער וועג קיין סאַרנאַט, איז דאָך דער וועג, וואָס בודאַ האָט נאָך געטרעטן מיט אַ דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק. דאָ באַגעגנט

מען יאָגיס, און אַלערליי געשטאַלטן: לאַנגהאָריקע, אויפֿן פּנים פֿילפֿאַרביקע סימבאָלן; אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, עקזאַלטירטע ביז משוגעת און וואָס האַלטן אין איין בעטלען; הייליקע קי און הייליקע אָקסן, וואָס שטופּן זיך צווישן מענטשן און דריקן אויס מיט די בליקן זייער חשיבות.

דאָ איז דער ווינקל, וואו דאָס לעבן זעט ווי אַ פֿרוכטער בוים אויס, וואו אַלערליי פֿילפֿאַרביקע האָלצפּיקערס פּיקן און שלעפּן ווערים אַרויס. און אָט־אָ דאָ האָבן זיך איר, דער יונגער מיסיאָנערקע, פֿאַרוואָלט אויך האַלטן איר דרשה און ריידן צום עולם פֿון ברידערלעכקייט, אין נאָמען פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט געלעבט מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר צוריק.

דאָ צווישן עולם, וואָס גלייבט, אַז שוין באַלד פֿינף טויזנט יאָר, אַז די חשכות הערשט איבערן לעבן און אַז ביז די ריכטיקע צייט וועט ניט קומען, איז קיין פּעולה ניט דעם פֿאַרהאַנג צו רייסן; פֿאַטאַליסטן, וואָס גלייבן ניט אין זייער אייגענער אַקטיוויטעט; פֿאַטאַליסטן, וואָס גלייבן ניט, אַז אַ מענטש קען אַליין זיין גורל באַשטימען און זיינע טריט ווענדן אין אַ געוויסער ריכטונג — דאָ האָט זי זיך געשטעלט אויף עפּעס אַ קעסטל, אַרומגעלייגט מיט עוואַנגעליומס און מיט אַ גאַנץ קלינגענדיקער שטימע, אין הינדו־דיאַלעקט, האָט זי גאַנץ דרייסט זיך צעלייגט מיט אירע מאַמרים פֿון די אַפּאָסטאָלן.

איך האָב זיך פּונקט אומגעקערט פֿון סאַרנאַט, וואו עס געפֿינען זיך חורבות פֿון בודאַ־טעמפּלען פֿון איבער צוויי טויזנט יאָר צוריק, נאָך פֿון דער צייט פֿון מלך אַשאָקאַ. מיין קעמל האָט מיך אויף זיין רוקן אַזוי איינגעוויגט, ממש ווי אַ ים־קראַנקהייט. איך בין אַראָפּ און געגאַנגען צופֿוס ביים זייט פֿון מיין קעמל־טרייבער.

איך האָב זיך אויך אָפּגעשטעלט און דערנענטערט צום עולם, וואָס האָט זיך אַרום איר געקליבן. געווים האָט עס דעם גרעסטן טייל עולם געחידושט איר חוצפּה: אַ מיידל מיט אַזעלכע בלאָנדע האָר, מיט אַזעלכע בלויע אויגן; בלוט פֿון בלוט פֿון ענגלישן פֿאָלק; בלוט פֿון בלוט פֿון די אייגענע, וואָס האָבן אַזוי שווער אָנגעלייגט די האַנט אויפֿן אינדישן פֿאָלק; אַ קינד פֿון די אייגענע, וואָס האָבן

אין לאַנד אַריינגעבראַכט שטייפן לוקסוס, שטייפע גאווה, און דעם בליק, וואָס דערנידעריקט.

איז דאָס מעגלעך איינציטיק צו זיין גוט און שלעכט? איז מעגלעך איינציטיק, אַז די בלויע אויגן זאָלן קענען אַראָפּקוקן אויף מענטשן, ווי אויף קינדער פון איין באַשעפער?

און באַלד האָבן זיך אַ שאָט געטאָן איבערופן פון עולם:

— ווער איז זי, וואָס האָט זיך אָנגענומען מיט חוצפה, אויף דעם־אָ וועג אַרויסצוקומען און דאָ זיך אַרומלייגן מיט איר נייעם טעסטאַמענט — ניט אַנדערש אַ טייוול אַזאַ!

— ווער ווייסט, אפשר אַ שוועסטער פון אונזער גענעראַל־גובערנאַטאָר.

— אַזוי שטעלט מען אונז אונטער פאַסטקעס אויף אַלע וועגן.

— ווער ווייסט, אפשר איז דאָס נאָר אָפּצוטויטן אין אונז אונזער פּראָטעסט.

און באמת איז געווען אַ חידוש, פינוואַנען האָט זיך צו אַזאַ יונג מיידל גענומען אַזויפיל מוט צו קענען ווידערשטיין די אויסחיפן, וואָס זיינען צו איר צוגעוואָרפן געוואָרן פון עולם אַרום. אין איר פּנים איז געווען אַ סך נאַיוויטעט פון אַ גלויביקער. און אפשר מיט דעם האָט זי געקענט צאַמען דעם פאַנאַטישן עולם.

איינגעוויקלט אין אַ פּראָסטער, לייוונטענער „סאַרי“, מיט אַ געלבלעכן ראַנד אַרום, אויף די באָרוועסע פיס — פון רימען געפלאָכטענע סאַנדאַלן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אירע פאַרשטויבטע פינגער און איר שטים האָט געהאַט דעם מוטערלעכן ציטער פון אַן עלטערער פרוי. אפשר האָט זיך איר שטים מיט דער צייט אַזוי געביטן און פאַרעלטערט געוואָרן, פּונקט ווי איר יוגנט, וואָס האָט זיך אונטער דעם לאַסט פון עוואַנגעליום אינעווייניק אין איר צונויפגעקאָרטשעט.

געווען מאָמענטן, ווען זי האָט מיט איר שטימע איינגעוויגט דעם עולם. עס האָט אויסגעוויזן, אַז זי האָט דעם עולם באַצוווּנגען, ווען זי האָט געמאָלן די ליידן פון דעם, וואָס איז איינגעשטאַנען צו דערלייזן די וועלט.

פלוצלונג האָט איינער פון עולם אַ פרעג געטאָן אויפן הויכן קול:

— וויפיל וואָלט קריסטוס באַקומען פון דער ענגלישער רעגירונג, פאַרן שטעלן זיך אויפן ברייטן וועג, וואָס פירט צו בענאַרעס און ריידן צום פאָלק אָט די דאָזיקע קלוגע רייד?

און איידער ער האָט נאָך געהאַט געענדיקט זיינע רייד, האָט אַ צווייטער זיך אַ ריס געטאָן פון רעדל מענטשן אַרויס און אַ שפיי געטאָן דער בלוי־אויגיקער מיסיאָנערקע גלייך אין פנים אַריין. באַלד האָט אַ צווייטער און אַ דריטער געטאָן דאָס אייגענע. דער איבעריקער עולם האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו די עוואַנגעליומס, וואָס זיינען געלעגן אויף דער ערד לעבן אירע פיס, און דערוואַרטונג זיי צו דערלאַנגען דעם עולם צוהערער — מען האָט די ביכלעך געפליקט מיט אַזאַ מין ווילדקייט, גלייך ווי אין זיי וואָלט געלעגן דאָס גרעסטע אומגליק. די צעריסענע בלעטער האָט מען געפליקט אויף קלענערע שטיקלעך, געשפיגן אויף דעם און געשליידערט איר אין פנים אַריין.

ווען דאָס לעצטע ביכל איז צעריסן געוואָרן, האָט נאָך איינער דעם לעצטן שפיי געטאָן צו דער מיסיאָנערקע, שוין ניט מרעפנדיק אין צורה. נאָר דערפאַר האָט ער איר נאָך אַמאָל צוגעוואָרפן אַ זידל־וואָרט.

איך בין איבערגעבליבן דער לעצטער. עס האָט געדויערט אַ ווילע, ביז זי איז געקומען צו זיך. זי האָט אַרויסבאַקומען אַ טיכל פון בוזים אַרויס און פאַמעלעך גענומען ווישן דאָס פנים. עס האָט קיין איין מוסקל אויף איר פנים ניט געציטערט.

איך האָב אַ שמייכל געטאָן און זיך געווענדט צו איר:

— איז דאָס צום ערשטן מאָל, וואָס מען האָט דיר אָנגעשפיגן אין פנים אַריין?

— אָ, ניין, סיר, — האָט זי געענטפערט. ווען מען האָט מיר צום ערשטן מאָל אָנגעשפיגן אין פנים אַריין, האָט מיר מיין פנים אפשר אַ גאַנצן חודש געשמאַרצט. מיר האָט זיך איינגעוויזן, אַז איך וועל שוין קיינמאָל, קיינמאָל מיין פנים ניט קענען ריין אַרומוואַשן, נאָר איצטער, פאַרקערט, ווער איך שטאַרקער און גלייב

אין מײן מיטע. זאָל מען שפּײען. איך װײס, אַז דאָס איז ניט קײן רעגן פון לויטערן הימל...

מיט אַ חודש שפּעטער האָב איך זי באַגעגנט אין באָמבײ, אױפן װאַקזאַל צװישן אַן עולם אָרעמע פּאַסאַזשירן, װאָס האָבן געװאַרט אױפן צוג. זי האָט געהאַט מיט זיך אַ פרישן פּעקל מיט עװאַנגעליומס. איך האָב זי דערקענט און באַגריסט. זי האָט זיך שטאַרק פאַרחידושט און באַלד בלאַס געװאָרן, און עס האָט אױסגעזען, אַז ערשט איצטער האָט איר הױט דערשפּירט דעם שפּײ, װאָס זי האָט געקראָגן אין מײן געגנװאַרט. זי האָט תּחילת געמאַכט אַ באַװעגונג אַרױסצוציִען פון עולם צו מיר און האָט חרטה געהאַט. זי איז איצטער געװען געקלײדט אײראָפּעיִש און דער ערשטער אײנדרוק האָט זיך דעריבער אָפּגעװישט. איך האָב אָנגעהױבן צו טראַכטן, אַז אפשר מאַך איך אַ טעות און דאָס, װאָס זי האָט אַ נײג געטאָן מיטן קאָפּ אױף מײן באַגריסונג, איז נאָר געװען אינסטינקטיװ.

מיט אַמאָל האָט זי געמאַכט אַ פּאָר טריט צו מיר און האָט געזאָגט:

— דיר האָט אַװדאי יעמאָלט געחידושט, װי אַזױ איך קען איבערטראָגן אַ שפּײ אין פּנים אַזױ גרינג. װײסט, אַז אין מיר רינט דאָס ענגלישע בלוט. דאָס איז דער כּוח אין מיר. װײסט ניט, װאָס ענגליש בלוט באַטײט.

עס איז געװען ממש אַן אַנטפּלעקונג, דאָס, װאָס זי האָט מיר געזאָגט. אַ סך, אַ סך איז מיר פון דעם שפּעטער קלאָר געװאָרן. מיר איז געװאָרן פאַרשטענדלעך, װי אַזױ די ענגלענדער האָבן זיך געלאָזן שפּײען אין פּנים אין כינע, אין האַנקאָו, װען מען האָט זײ אַרױסגעיאָגט פון שטאָט, אױף די קריגסשיפן, װאָס האָבן געװאַרט אױף דער יאַנגצע. עס איז מיר פאַרשטענדלעך געװען, װי אַזױ נאָכן שפּײען אין פּנים אַרײן האָבן זײ זיך װידער אַרױסגעזעצט און װידער פאַרנומען די פּאָזיציעס בײם ברעג.

אַפּנים, מען באַדאַרף זיך לאָזן שפּײען אין פּנים אױך, װען מען װיל באַהערשן די שװאַכע, װאָס מער װי שפּײען צוריק אין פּנים קענען זײ ניט.

און עס דאַכט מיר, אַז די לעצטע צווישן די הערשער און באַהערשער וועלן בלייבן די דאָזיקע, וואָס קענען איינמאָל אַרומ־ווייזן באַוואָפנטע מאַכט און אַ צווייטן מאָל — לאָזן זיך שפייען אין פנים אַריין.

אין אינדיע האָב איך עס פאַרשטאַנען.

---

# מאַמע ערד און אירע קינדער

צום צווייטן מאָל, אַז מיין וואַנדער־וועג פירט מיך אַרום דער וועלט. צום צווייטן מאָל רינגל איך אַרום די ערד און אַלץ, וואָס רופט אַרויס פרייד ביי מיר, און אויך אַלץ, וואָס רופט אַרויס טרויער — דאָס זיינען די פעלדער, וואָס וויקלען מאַמע־ערד איבער גאָר דער וועלט.

פויערים דאָ, פויערים דאָרטן, מיט געזאַנג און אָן געזאַנג, וואו בלויז מאַן אין פעלד, וואו מאַן און פרוי זייט ביי זייט, וואו פרוי אַליין געבויגן, מיט קינד אויפן פלייצע אונטערגעבונדן, און וואו שוין קליין קינד מיט די קינדערשע פינגער גראַבלט די ערד און לייגט קערנדלעך אַריין אין איר.

וואַרף איך מיינע בליקן אַהינטער, צו מיין וועג, — קומען ניט אַנטקעגן די שטעט, קליינע און גרויסע, מיט די גאַסן און די באַוועגונג אין די גאַסן: — פויערים געבויגענע איבער זייער גורל און נחלה, וואָס איז זיי באַשערט, זיי קומען אויף פאַר מיין מחשבה: מיר לעבן דאָך אין דער צייט, וואָס דער רוף צוריק צו דער ערד ווערט שטאַרקער און הילכיקער. כאָטש שטאָט פאַרשרייט דעם דאָזיקן רוף.

אין די מערב־לענדער, אין אַמעריקע דער עיקר, איז שוין די באַציִונג צו דער ערד אַ מעכאַנישע, אַ חוצפּהדיקע, מאַשינען מיט פולער ענערגיע פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט טוען די אַרבעט אין פעלד. איך האָב אַמאָל באַקלאָגט, וואָס געזאַנג האָט זיך אָפּגעטאָן פון אַמעריקעס פעלדער. איך באַדויער עס איצטער וויניקער. וואָרעם די חוצפּהדיקע פרייד, וואָס אַ מאָדערנע שנייד־און־דרעש־מאַשין שפּרייט אַרום זיך — די דאָזיקע פרייד איז גאָר אַ יונגע, איז נאָך ניט באַגריפן געוואָרן אינגאַנצן. און דער ריח פון בהמהשע

מיסט, וואָס האָט אַזוי געשמאַק געביסן אין נאָז; די „ברכה" פון דער ערד, וואָס איצטער פאַרבייטן זי כעמישע מיטלען צו באַפרוכפערן די ערד, — ניין, נאָך יענעם ריח באַדאַרף מען ניט בענקען. פונקט ווי מען באַדאַרף זיך ניט צובינדן צום ריח פון די יאַפּאַנישע און כינעזישע פעלדער, וואו מען מיסטיקט די ערד מיט מענטשלעכער צואה. מיינען נאָך אַ סך, אַז מאַמע-ערד קען זיך אָן דעם ניט באַגיין. דאָס איז די נייטיקע מנחה, אָדער מתנה פאַר איר, כדי זי זאָל באַלוינען מיט ברויט אירע הונגעריקע קינדער.

אין אַ סך פון די מערב-לענדער איז שוין דער סערפּ גאָרניט קיין סימבאָל פאַר העכערע אידעאַלן. מיט סערפּ שניידט מען דלות, מיט סערפּ צעברעכט מען זיך דעם רוקן. עס גייט שוין אויך הערצו, אַז יענער פויער, וואָס האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון מיסט און סערפּ, זאָל ווערן מיט זיין גאַנצן מהות שטאָט-מענטש. און דעריבער האָט ער אויפגעהערט צו זינגען ביי זיין אַרבעט. קלערער זעט ער אַרויס זיינע פאַרדינסטן. קלערער די מזומנים. דער געדאַנק ציילט געלט און ניט קיין קערנער. די מחשבה איז ווייט פון קערנדל, וואָס גייט צום מילנער; ווייט פון ריח פון פריש-געבאַקענעם ברויט. ווערט אַמאָל אומעטיק.

נאָר זייער אָפּט ווערט פול דער מהות מיט קלעמעניש, אַז מען קומט אין די מזרח-לענדער, וואו ביי מאַמע-ערד אויפן רוקן קאַפּאָשען זיך אירע קינדער, פאַמעלעך און מיט אַזויפיל געדולד, זעלטן ווען מיט געזאַנג. אַ סך שוויגן, אַ סך פאַרזאָרגטע פאַרטראַכטקייט. וואָרעם נויט גייט נאָך די קינדער פון דער ערד. די, וואָס אַקערן און זייען און שניידן, פאַרגינען זיך ניט צו דערנענטערן צו זייער הויז, די שפע פון דער ערד. ווייסן מיר דען, ווי שווער עס קומט אָן דעם פויער ביז ער ברענגט אויף רייז, אָט דעם דאָזיקן קלאָרן רייז, וואָס איבער גאָר דער וועלט איז ער צווישן אונזערע בעסערע מאכלים! גענוג צו דערמאָנען, אַז דאָס רייז-פעלד באַדאַרף די גאַנצע צייט פון וואַקסן, שטיין אונטערן וואַסער, אַ פוס, אָדער צוויי פוס טיף. אין די ביטערע קעלטן, אין יאַפּאַן שטייט די גאַנצע פויערשע משפחה ביז די קני אין וואַסער און מיט די הענט שאַרט מען אַרום די רייז-פלאַנצונגען. דאָס לעבן איז פול מיט

קראַנקהייטן, רעוומאַטיזם, וואָס נאָר אַ נאַסער, קאַלטער לעבן דינט צו.

און אַזוי איז דאָס אויך אין כינע, אין די פעלדער. זעכט, דער פויער איז אײַנגעבויגן, אויסגעטריקנט, שווײַגעדיק און ברוגז און גלויבסט זיך גאָרניט, אַז מאַמע־ערד וועט זיך צוהערן צום פאַרלאַנג פון אַזעלכע בהגזע קינדער. און דאָך — גאָר קיין סוף ניטאָ צו די אַלע גוטע זאַכן, וואָס דער פויער אין כינע רופט אַרויס פון דער ערד. און גאָר ניטאָ קיין סוף צו די פּלאָגענישן, וואָס ער האָט אויסצושטיין פון די ווילדע וועטערן און פאַרפלייצונגען פון זײַנע קאַפּריזנע טײַכן.

קומט מען קיין אינדיע אין פעלד אַרײַן, טראָגט מען זיך איבער אין ביבלישע צײַטן. קומען אַנטקעגן אַזעלכע ווייטע חזות. אַלע קאַפּריזן פון דער נאַטור, מיט זיי שפּילן זיך אינדיעס ברוינע קינדער אויף דער ברוינער ערד. און נאָך ערגער איז צו זײַן אונטערטעניק דעם בייזן ווילן פון די, וואָס האָבן די ערד באַהערשט: רעגירונג, פּרינצן און אָפּשטאַמונגען פון ווייטע מלכים. און דאָך, אַזויפיל פרידן רוט אין פעלד. אַזויפיל פרידן טראָגט מיט זיך דער פויער, ווען ער שפּרייזט מיטן שמאָלן שטעג דורך די פעלדער!

אין גרוי פון באַגינען איז דער פויער פון אינדיע די שטילסטע באַשעפעניש אין פעלד. מיט זײַן מעשענעם קריגעלע איז ער אַרויסגעקומען צום וואַסער בײַ זיך אין פעלד און וואַשט זײַנע גלידער. אײַנגעוויקלט אין זײַן ווייסער „דאַטי“, מאַכט ער ניט דעם אײַנדרוק, אַז מיט גרויס עקשנות פאָדערט ער די שפע פון דער ערד. דער ווייסער אָקס, מיט דעם הויכן קאַרק און קלוגן בליק, אָדער דער אומעטיקער, שוואַרץ־ברוינער בופלאָקס, מיט די שווערע הערנער פאַרוואָרפן אויף ביידע זײַטן, — די דאָזיקע אַרויסהעלפער געפינען זיך ערגעץ אין דערוואַרטונג און דער פויער שפּרייזט פאַרקלערט מיטן שטעג און אויפן אַקסל דער שמאָלער, הילצערנער אַקער. בלויז איין אָקס שלעפּט דעם הילצערנעם אַקער און ביידע, סײַ דער פויער און סײַ דער אָקס, זײַנען גרייט אויף שלעכטע צײַטן: אָנהייב זומער ברענט די זון און קען אַלצדינג אויסטריקענען און פאַרברענען. שפּעטער קומט דער „מאַנסון“, דער

מבולדיקער רעגן-סעזאָן און קען אַלץ פאַרשווענקען. ביידע זיינען אומעטיק ביי דער אַרבעט, ביידע זיינען צו טריקעניש און הונגער צוגעווייט.

איצטער צי איך הויך די פעלדער, ווען מען שניידט ווייץ, גערשטן און מען דרעשט עס אין פעלד. היים. דאָס פעלד איז אָנגעגליט. גלייך פון ווינטער איז דאָס לאַנד אַריבער אין אַ קאָכעדיקן זומער אַריין. קיין רעגן גייט נישט. אַ זינד צו באַשולדיקן דעם גרונט, ווען ער גיט נישט אַרויס גענוג שפע. אַזוי שיטער זיינען די תבואות אויפגעקומען. זיצן אין די שיטערע ווייצן, ווי גרויסע פייגל, מאַן און ווייב אין מיט אַ קליין סערפעלע שניידט מען פלעגמאַטיש די שיטערע געוויקסן. אויסגעטריקנט איז דער פויער, ווי די ברוינע ערד. געוויס איז פאַרהאַן אויף זיין חשבון אַ סך חוב. און ער האָט אויפן קאָפּ יעדן זאַנג, וואָס איז אַ־אָפּגעפאַלן ביים שניידן. יעדן קערנדל אַפילו. ניטאָ אין ערגעץ אַזאַ ריין צוגעקליבן שטיקל פעלד נאָכן שניט. עס וועט קיין איין זאַנג ניט איבערבלייבן פון הינטן.

און ווי אין די ביבלישע צייטן, אַזוי נאָך איצטער אין אינדיע, דרעשט מען די תבואה מיט אָקסן. לייגן זיך צונויף עטלעכע שכנים. יעדערער ברענגט זיין אָקס, און אַ צען, צוועלף אָקסן, ביים דערפל פון ליימענע הייזלעך, טרעטן די שפע. ליגן אין אַ קרייז די גאַרבן צונויפגעקליבענע און געבראַכטע פון נאָענטן פעלד און די אָקסן טרעטן די גאַרבן, טרעטן אין קרייז אַרום און אַרום און אַזוי צעטרעטן זיי די שטרוי מיט די זאַנגען, טיילן אַרויס די קערנער פון די זאַנגען אַרויס. די בהמה, וואָס איז אַ פרעסערקע, טוט מען איר אָן אַ שלאָס אויפן מויל. זי זאָל ניט כאַפּן אַ איבעריקן ביסן פון דער תבואה פון אונטער די פיס. די פאַרשטענדיקע אָקסן לאָזט מען פריי, ניט קיין בייז, אויב מען האָט אַריינגעכאַפּט אַ מויל קערנער. דער אינדוס פאַרגינט. און שפּעטער וועט זיין עמעצער, וואָס וועט די בהמה-מיסט דורכקלייבן און יעדן גאַנץ-געבליבענעם קערנדל פון מיסט אַרויסגעפינען. אַ קערנדל איז ניט קיין זאַמד-שטיבעלע. דער אינדוס דערקענט עס, ווי דער עושר דעם פערל, אָדער בריליאַנט. דער אינדוס עסט מיט די הענט און זיינע פינגער, בלינדער-

הײט, טאַפּן אַרום זיך און דערטאַפּן יעדן רײז־קערנדל, װאָס האָט זיך פון האַנט אַראָפּגעגליטשט.

ניט קײן חידוש, װאָס סוף זומער, װען עס קומען אָן די האַרבסטיקע יום־טובים און דער אינדוס הײבט אָן אויסצוצאָלן זײַנע חובות צו די פּראָצענטניקעס, הױבט ער אויך אָן צו פונאַנדערזעגענען זיך מיט אַלע געטער זײַנע, װאָס האָבן אים אין די טעג פון פראַצע אַרויסגעהאָלפן... יעמאָלט פאַרגעסט ער ניט צו באַדאַנקען און מיט אונטערטעניקײט זיך צו בוקן צו אַלעמען און צו אַליץ, װאָס האָט אים זײַן געדולד געשטאַרקט. ער גײט אַרויס אויפן הויף און ציט זיך אויס מיטן פּנים צו דער ערד פאַרן באַרג מיסט, װאָס װאַרט, מען זאָל אים צעשפּרײטן איבער דער אויפגעאַקערטער ערד, ער בוקט זיך מיטן פּנים צו דער ערד פאַרן אַקער, פאַר דער באָראָנע, ער בוקט זיך צו אַלע מכשירים, װאָס ער האָט באַנוצט, װעקנדיק מאַמע־ערד. פּונקט װי עס טוט דער שוסטער צו זײַן אָל און האַמער, דער סטאָליער — צו זײַן האַק, הובל און זעג.

װיל מען דעם אינדוס זען אין אַ נאַטירלעכער ליכט, זאָל מען גײן אין פעלד, װאו עס לעבט אפשר נײַנציק פּראָצענט פון פאָלק. (אויף גאָר דער װעלט, איז דער אָרעמער, נויט־באַלאָדענער מענטש שענער אין פעלד, װי אין שטאָט). נאָך בולטער איז דאָס בילד דאָרט, װאו דאָס פעלד איז באַהערשט פון אַ געלײטערטער רז. ניטאָ אין ערגעץ אַזױפיל פייגל און חיות אין פעלד, בעת שניט־צײַט, װי דאָ, אין אינדיע. װען די תּבֿואות זײַנען דערשטאַנען, קען מען זײ אַלע געניסן. דער פּויער נעמט זײ אַלעמען אויף מיט ליבע און פרידן. און מיט נאָך מער געדולד קלעטערן אַראָפּ פון די בײמער די מאַלפּעס, די „זיען" מיט די קינדער אויפן פּלײצע, אָדער אונטערן בויך אונטערגעהאַנגען. קומען מחנות פּאָפּוגײען, בלענדן מיט זײערע בונטע פאַרבן. קומען װילדע פּאַװעס, קומען הירשן — אַלע, אַלע דערנענטערן זיך יעמאָלט צום פּויער אין פעלד. ניט זײַן פּנים און ניט זײַן פּלײצע דערשרעקן די ניט־געבעטענע געסט. אַפילו די װינטיקע הירשן, װאָס דערשמעקן פונװײַטן דעם שונא און זײַנען שטענדיק אויף דער װאַך, — אויך זײ נעמען זיך אָן מיט מוט און קומען כּמעט צום פּויערס האַנט. קוקסט צו דעם אַלעמען און דיר

דאַכט זיך אויס, אַז דו ביסט געקומען צו דער גרענעץ פון כּולו טוב.

די געבויגענע הייזלעך, ליימענע, אָדער פון קאַמיש מיט ליים די ווענט אויסגעשטעלטע; דעכער שטרויענע און די „הייליקע" קי, די גוטמוטיקע אַרום שטוב. אַ פּאָר ציגן מיט לאַנגע, לאַנגע אויערן; דראָבנע, נאַקעטע קינדערלעך, פרויען מיט קריג וואַסער אויפן קאָפּ; מיט קוישן גרינסן, בינט תבואה אויפן קאָפּ; די צונויפגעקליבענע און געקנאָטענע פלעצלעך קו־מיסט, וואָס טריקענען זיך אין דער זון און וועלן דינען צו מאַכן אַ פייער אויף קאָכן — דאָס אַלץ געהער צו דער וועלט פון כּולו־טוב.

ווייל ניט אָרעם איז דער פויער, ביים זייט מיט די פייגל און הירשן. אָרעם איז דער אָרעמאַן אין אינדיע אין דער גרויסער שטאָט. דאָרט איז ער דער אָרעמסטער אויף דער וועלט, דער דערשלאָגענער און, וואָס ווי אַ צונויפגעדרייטער, טרוקענער צווייג וואַרט ער אויף דער צייט, ווען מען וועט אים אויפן שייטערהויפן פאַרברענען. כאָטש אויך אין פעלד זיינען פאַרהאַנען די קוואַלן פון אַלע קראַנקהייטן: ווען עס קומען אָן די גרויסע מבולים און פאַרשווענקען אַלע האָפענונגען; ווען אין די הייליקע טייכן שווימען, אינאיינעם מיט טויטע בהמות, אַלע האָפענונגען דעם פויערס. — נאָר אַזוי לאַנג, ווי מאַמע־ערד ווינקט מיט וויפיל עס איז חסד, — שפרייט זיך פרידן אין פעלד.

די וועגן און שטעגן פון פעלד זיינען באַלעבטע. דער אינדוס, מיט זיין אינערלעכער געצאַמטקייט, שפרייזט מיט אַ ווייטן טראָט. סיי מאַן, סיי פרוי — גרויסע טרעטערס. מיט די משאות אויפן קאָפּ, פרויען אין די רויטע, געלע, בלויע סאַריס, פון קאָפּ ביז צו די פיס איינגעוויקלט; די הענט אויפגעהויבן צו שטיצן די משא אויפן קאָפּ, — ווען זיי ציען פאַרביי, פילסטו מיט זייער גרויסן גאַנדהי וואָס וואָרנט, ניט איבערצורייסן מיטן אַלטן לעבנסשטייגער:

ניט לאָזן, אַז מיט גראָז זאָלן פאַרוואַקסן ווערן די שטעגן, וואָס פירן פון דאָרף צו דאָרף, פון פּראָווינץ צו פּראָווינץ און פון מענטש צו מענטש.

---

# אויף קברים און חורבות פֿון הערשער

פֿאַרהאַן אַזוינע חורבות, וואָס שטאַרצן אַרויס פֿון דעם מענטשן־ים, ווי די איבערבלייבעכצן פֿון אַ שיף־בראָך ערגעץ ביי אַ ברעג ים. אַנדערע — ווי די טרוקענע ביינער פֿון געפֿאַלענע קעמלען אין מדבר. זעלטן־וואו אַזאַ חורבה דערשיינט צו מיר אין געשטאַלט פֿון אַ לייכט־טורעם.

איבער אַזעלכע חורבות באַלייכטן יאָ עפּעס, איז דאָס דעם ברייטן שליאַך, וואו די שורות קנעכט זיינען געגאַנגען געבויגן, פֿאַרביישט פֿון די איבערהענט. דאָס זע איך, אַז איך קוק אויף די פּיראַמידן אין מצרים און באַטראַכט די גראַניט־בערג, וואָס מען האָט פֿון ערגעץ אַריבערגעבראַכט, — די מלכימשע קאַפּריזן צו באַפֿרידיקן.

אויף דעם זאָגן עדות די שיריים פֿון דער אַלט־גריכישער קולטור. און אַזוי אויך די פֿעסטונגען און די פּאַלאַצן פֿון שפּעטערדיקע דורות. איין לאַנגע קייט פֿון מענטשלעכן ליידן; איין לאַנגע קייט פֿון מלכימשן אומבאַגרענעצטן פֿאַרלאַנג. איין לאַנגע קייט, צו וועלכער עס גייען צוגעבונדן די, אויף אייביק־פֿאַרמשפּטע מאַסן, איבער וועלכע עס איז אין צייט פֿון מלכים ליידנשאַפֿטן אַריבער די ראָד פֿון צעשטערונג.

ווער איז דען ניט געקראָכן איבער אינדיעס פּלעגמאַטישן קערפּער, דורך אַזויפֿיל דורות, און אויף דעם דאָזיקן קערפּער איבערגעלאָזן סימנים פֿון קאַפּריזן! אַפֿילו בלויז פֿון אַלעקסאַנדער דעם גרויסן, מיט אַריבער צוויי טויזנט יאָר צוריק, ביז צו די אַלע גרויסע און קליינע הערשער, וואָס זיינען אַהער דורך אַלערליי שפּאַלטן אַריינגעקראָכן. אינדיעס גוף איז פֿון אַלע זייטן געווען די נעסט, וואו פּאַראַזיטן האָבן זיך אָפּגעזעצט. מער פֿון אַלץ האָט אינדיע

זיך געלאָזט פאַרשלעפּערן פון אייגענע רעליגיעס, געזוינגן דעם איי-
גענעם פינגער, כאָטש איבערן גוף האָט זיך שוין די פרעמדע לאַסט
ווי אַ מילשטיין אָנגעלייגט. ווען די מאַכמעדאַנער רייסן זיך אַריין
פון נאָענטן מזרח קיין אינדיע אין צוועלפטן יאָרהונדערט און מיט
זיי די רעליגיעזע שווערד — קריכט דער שונא ווי אין אַ מיראַוש
אַריין.

די איצטיקע הערשער האָבן דעם פאַרפוילטן אָרט געפונען
אין קערפּער פון דער גרויסער מאָגול-דינאַסטיע, וואָס האָט אָנ-
געהויבן איר הערשאַפט אין זעכצנטן יאָרהונדערט אין אינדיע. גע-
נוג קליינע און גרויסע אינטריגעס זיינען נייטיק געווען, כדי צו
ברענגען די פאַרפוילטע הערשאַפטן צו דער מדרגה פון אַבסאָלוטער
צעפאַלונג; קומען צו דער מדרגה, וואָס מיט אַ הייפל סאָלדאַטן
האָבן אין לעצטן יאָרהונדערט די ענגלענדער אַ גאַנץ לאַנד פאַר-
זיך דעראָבערט. גענוג אומצוגיין אויף די חורבות, וואָס די מאָ-
גולס האָבן נאָך זיך געלאָזן, זייערע פעסטונגען און די פּאַלאַצן אין
דער פעסטונג, וואָס דעקן איצטער פאַר אונז אָפּ דעם ליקסוס, אין
וועלכן עס האָט זיך געבאָדן אַ מאַכמעדאַנישער הערשער, אַרומ-
גערינגלט מיט זיינע הונדערטער ווייבער.

די מאָזעלעומס איבעראַשן אויך גענוג, כאָטש אין ליכט
פון די מצרים-הערשער און זייערע פּיראַמידן, וואָס קוקן אַרויס
פון מדבר, זיינען די קברים פון די מאַכמעדאַנישע הערשער הינ-
טערשטעליק. אָבער נאָר אין דעם אַלגעמיינעם ליכט פון זייערע חורבות,
און אַן אונטערשייד, באַדאַרף מען באַטראַכטן די הונדערטער טויזנ-
טער פילפאַכיקע קנעכט, וואָס ערגער, ווי דער גורל פון חיה און
בהמה, איז געווען זייער גורל. מען באַדאַרף אין דעם דאָזיקן ליכט
זען אויך די שאָטנס פון די געבייגענע, נאַקעטע פּלייצעס, וואָס
האָבן געשלעפּט גראַניט און מירמלשטיין-פּלאַטן צו בויען פּאַ-
לאַצן פאַר די לעבעדיקע הערשער, אָדער אויפשטעלן מאַוזעלעומס, —
וואו עס זאָלן זיך אויפהאַלטן שפּעטער די נישטיקע שיריים פון
אַזעלכע הערשער. דער ענאָזיס איז אומבאַגרייפלעך, די צעריצטע
נערוון און סעקסועל-קראַנקער דמיון פון די אָריענטאַלישע הער-
שער איז סם-המוות פאַר די קינדער פון לאַנד געווען. פון אַלע

ווינקלען קוקט נאָך איצטער אַרויס די קראַנקע פֿאַנטאַזיע פֿון די הערשער מיט אויסגעטריקנטע מוחות און צערייצטע נערוון.

דער שטענדיקער פּחד, וואָס איז געוואַקסן בײַ די הערשער, האָט באַדאַרפֿט פֿעסטונגען אַרום פּאַלאַץ, אַזוינע דיקע ווענט, אַזוינע טיפֿע גראָבנס אַרום. און ווי האָט זיך געשלאָפֿן, נאָך אַלעמען, אינעווייניק אין אַזאַ פֿעסטונג? געוויס איז דאָס לעבן געווען פֿול מיט פּחד. פֿון אַלע ווינקלען האָבן זיך אין מוח אַרײַנגעשטאָכן פֿאַרגיפֿטיקטע שפּיזן. פֿון אַלע זײַטן האָבן זיך באַוויזן הענט, וואָס האָבן דערלאַנגט געטראַנקען געמישט מיט גיפֿט.

אין דער „היימישקייט“ פֿון אַ עטלעכע הונדערט ווײַבער האָט דאָס לעבן ניט באַוויזן קיין ברייטע האָריזאָנטן. אַחוץ פֿון דער אײַגענער פֿעסטונג, אַרויס און גיין — האָט ניט געמיינט צו־ווייט פֿאַרגיין. אַפֿילו די, וואָס האָבן זיך געלאָזט ווייטער פֿון זייערע פּאַלאַצן, געגאַנגען פֿאָרויס פֿון חייל אײַנצונעמען שכנישע פּראָווינצן, זײַנען אויך מיטן געדאַנק ווייט ניט פֿאַרגאַנגען. זייער מהות איז געווען פֿאַרשפּאַרט אין קרייז פֿון די פֿעסטונגען, אין דעם געפֿלעכט, וואָס הונדערטער ווײַבער האָבן דורך קנאה, שנאה און רכילות געפֿלאָכטן.

ד ע ל ה י, אין צענטראַל־אינדיע, איז פֿון דורות־לאַנג געווען דער איבערדערווײַלטער פּלאַץ, וואו הערשער האָבן געשפּיגלט זייער גרויס־קייט. דאָרטן איז די גרעסטע צאָל חורבות פֿון די מ אָ ג ו ל־הערשער. אַ סך קברים און מצבות אויף אַמאָליקע ליידנשאַפֿטן. דעלהי איז מיט אַ קליינער אויסנאַם, געווען די הויפּטשטאָט אין פֿאַרלויף פֿון די מאָגולס. און אויך איצטער איז דעלהי די הויפּטשטאָט פֿון פֿרעמדער הערשאַפֿט. צי האָבן טאַקע פֿעלקער דורך טויזנטער יאָרן באַדאַרפֿט זיך שטויבן פֿאַר די טירען פֿון הערשער? ווי ווערים זיך קנײַלן אונטערן שווערן יאָך, כּדי מיט אַזאַ פּנים אַרויסקומען צום ראַנד פֿון אונזער יאָרהונדערט? אין די דאָזיקע פּאַלאַצן האָב איך געפֿרעגט מײַן באַגלייטער, אַן עלטערער מאַכמעדאַנער, צי אים בענקט זיך נאָך יענע צײַטן, ווען עס האָבן געלעבט די גרויסע הערשער אין די דאָזיקע פּאַלאַצן?

— „אָ, ווי זאָל איך ניט בענקען, ווי זאָל איך ניט בענקען, ווען אַזאַ מלכותדיקע דערהויבנקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט פונדאַנען איבער די קעפּ פון מאַכמעדאַנישן פאָלק? אונטער דער הערשאַפט פון אַזעלכע מלכים איז אַ פאָלק גרויס!" — האָט מיין באַגלייטער פאַנטאַזירט.

יאָ, „אונטער גרויסער הערשאַפט איז אַ פאָלק גרויס.." אַזוי האָט פאַרשטאַנען מיין מאַכמעדאַנישער חכם, מישטיינס־געזאָגט. דאָס פאַרשטייט נאָך אַיעדעס קינד אַפילו, און אפשר אַזוי פאַרשטייען גאָר אַ סך דיכטער, וועמעס געזאַנג עס ווילט זיך נאָך שפּרייטן פאַר די טויערן פון מלכותדיקער קרענקלעכקייט.

אין דער עצם פאַנטאַזיע פון די מאַכמעדאַנישע הערשער איז ניט צו דערקענען קיין באַזונדערע ברייטקייט. פון יעדן ווינקל פון די דאָזיקע פּאַלאַצן זייערע שרייט אַרויס קינדערשע פאַנטאַזיע און אומבאַוואוסטע פאַרלאַנגען. מיטן מינדסטן פינגער האָט מען ליידנשאַפטן געוועקט. פון ווייסן מירמלשטיין די ווענט, ווייס־געוועלבט די סופיטן. ווייס דער דיל — ווייס און מאָזאַיש געפליאַסטערט. דראָבנע צייכענונגען. בלימעלעך, צווייגעלעך, פייגעלעך. די ווענט זיינען אויסגעזעצט מיט קאָלירטע איידלשטיינער: שמאַראַגד און רובין, סאַפיר און בלוטשטיין, טאָפּאַז און מאַלאַכיט, און אַפילו געווינקלטע דימענטן האָט מען געשטעקט אין די ווענט אַריין. אַפילו די מירמלשטיינערנע באָד האָט מען מיט איידלשטיינער אויסגעפליאַסטערט, פאַרגעשטעלט אונטערוואַסערדיקע געוויקסן און אַזוי באַלויכטן, אַז לעבעדיק זאָלן די געוויקסן אויסזען.

אָבער די צימערן, וואו די ווייבער האָבן געלעבט זייער קרענקלעכן לעבן — כמעט אָן ליכט! געמאַכט, אַז צו זיי זאָל מען יאָ קענען אַריינקוקן, אָבער זיי — — —

געווים האָט מען זיי דערלויבט צו קומען און טוליען זיך מיט דער נאַקעטקייט צום קאַלטן מירמלשטיין און מצרף זיין דעם צעברעקלטן ווי און ליבע צו די מאָזאַישע בלימעלעך, אָדער פייגל.

מיט דער צייט האָט מען די איידלשטיינער אַרויסגעגנבעט. וואו עס זיינען געבליבן לעכער, אָדער וואו מען האָט דעם פּלאַץ פאַרלייגט מיט קאָלירטע גלאָז. ניט וויכטיק, ווער עס האָט געגנבעט און

װער עס האָט מיט גלאָז רעסטאַװרירט. נאָר װי פון עכטן רובין און רױטן גלעזל, עכטן שמאַראַגד און גרינעם גלעזל, איז װײט פאַר אײנעם און קײן שום מהלך ניט פאַרן אַנדערן — אַזױ איז דער מהלך פון רעזשים ביז רעזשים און מהות פון גאַנצן פאָלק. בלױז װי האַרעם־װײבער, װאָס האָבן אין דער פינסטער געכאָליעט דאָס לײב, אפשר װעט דער הערשער דערשפּירן איר פאַרלאַנג און זײַן לײב און זי רופן צו זיך אױף בײַנאַכט — אַזױ ערגעץ, אין די טײלן פון אַ פאָלקס־אָרגאַניזם, לעבט די תשוקה צו װערן געשמיסן און שפּעטער געגלעט.

אין ערגעץ ניט אַזױ, װי אין די מזרח־לענדער, פונװאַנען אַלע רעליגיעס האָבן זיך אױסגעפּיקט — אין ערגעץ האָט ניט געבליט אַזױ אין פאַרלױף פון אַ סך דורות דער דאָרנדיקער געװיקס, װאָס האָט אין לײב געשטאָכן און געמאַכט דאָס לעבן זיס.

פון דעם, װאָס װאַלגערט זיך מיט זײַנע װאונדן אין שטױב, ביז צו דעם, װאָס זיצט אױפן טראָן, איז גאָר קײן מהלך ניט. נאָר פון דעם, װאָס זיצט אױפן טראָן, ביז צו דעם, װאָס װאַלגערט זיך אין שטױב — איז אַ מהלך פון אַ סך דורות. איך האָב עס געלײענט אין די אױגן פון מײַן מאַכמעדאַנער, װאָס איז מיר נאָכגעגאַנגען און באַװיזן דעם אונטערשײד פון אַ עכטן אײדלשטײן, װאָס באַצירט די װענט פון אַלטן פּאַלאַץ, ביז אַ פּאַלש גלעזל. ער האָט עס נאָך באַגריפן. ער האָט עס געשפּירט. אָנװײזנדיק אױפן צימער פון „גערעכטיקײט און משפּט“, װאו איבער דער טיר איז אין װײסן מירמלשטײן מאָזאַיש אױסגעלײגט אין אַלערלײ קאָלירן אַ װאָגשאָל — האָט ער מיר באַמערקט:

— זעסט, דאָס איז אַ סימן פון גערעכטיקײט. זע, סאַר אַ װאָגשאָל!

און אַז איך האָב זיך געמאַכט ניט װיסנדיק, האָט ער מיר ממש אין מױל אַרײַנגעלײגט דעם זינען פון װאָגשאָל און גערעכטיקײט. דערצײלט, אַז אין דעם זאַל איז געזעסן דער מלך, װען ער האָט באַדאַרפט אַרױסגעבן אַ משפּט־צדק.

און באַלד:

— „און דאָ, זעסטו, פלעגט ער זיצן בעת זיין באַליבטע קיניגין האָט זיך געבאָדן. זעסט, אַט־אָ־דאָ, וואו דאָס וואַסער איז אַראָפּגעפאַלן צום באָד, זיינען געווען בלעטער פון גרינעם גאָלד און איידלשטיינער און אַז דאָס וואַסער האָט געשטראָמט איבער די בלעטער, האָט מען געקענט מיינען, אַז דאָס איז אַ נאַטירלעכער וואַסערפאַל צווישן לאָטאָס־בלעטער. און דאָ זיינען געשטאַנען פאַרבאָרגענע ליכט, וואָס האָבן אַזוי קונציק באַלויכטן דאָס וואַסער, כּדי עס זאָל זיין דורכזיכטיק. אין באָד, אַז די קיניגין איז געזעסן, איז דאָס וואַסער געווען באַלויכטן און אונטער איר די גאָלדענע בלעטער — מען האָט געקענט מיינען, אַז דאָס וואַקסן זיי לכּבוד דער מלכּה. אַ גרויסע צייט געווען יעמאָלט, ווען אַזוי האָבן אונזערע הערשער געלעבט און זיך געפירט!"

טו איך אים פלוצלונג אַ פרעג:

— וויפיל ווייבער האָסטו?

— איך האָב בלויז דריי ווייבער — ענטפערט ער.

— און איינע איז דיר ניט גענוג?

ענטפערט ער מיט קלוגשאַפט און מיט כיטרעקייט אינאיינעם:

— פאַרשטייסטו מיך, אַז מען האָט מער ווי איין ווייב, זיינען זיי אַלע דעם מאַן געטריי. מען באַדאַרף נאָר מאַכן, אַז איינע זאָל דער אַנדערער מקנא זיין, איינע זאָל דער אַנדערער ניט פאַרגינען — יעמאָלט רייסט זיך יעדע באַזונדער געפעלן צו זיין דעם מאַן. זיי לאָזן זיך ניט אָפּ, יעדע באַזונדער גיט אַכטונג אויף איר לייב, כּדי דער מאַן זאָל צו איר האָבן זיין גלוסטונג. און קענסטו זיך פאָרשטעלן, אַז אַ מלך האָט געהאַט דריי הונדערט ווייבער אַט־אָ דאָ, אין אָט אַזאַ פּאַלאַץ, און נאָר איינער האָט ער כּלומרשט ליב געהאַט, יעדע איינע האָט געוואָלט זיין וואָס נענטער צו אים. יעדע איינע האָט געוואָלט זיין בלויז באַהערשן...

הער איך איצטער די טריט פון גרויסן מלך שאה יאָהאַן, ווי ער גייט אום פון ווינקל צו ווינקל אין דעם אייגענעם פּאַלאַץ פון מירמלשטיין און פון יעדער שפּאַרונע בליקט צו אים די ליידנשאַפט פון זיינע ווייבער. נאָך איצטער, דאַכט מיר, אַז זייערע בליקן בריען דעם פוסטן חלל.

„גרויסע צייטן" געזעען, קוקן פון די קאַלטע ווענט אַרויס. און נאָך מער ריידן צו מיר פון „גרויסע צייטן" אָט־אָ די אַלע צונויפגעדרייטע פון אָרעמקייט מענטשן־קינדער, וואָס וואַלגערן זיך אין דער שטויביקייט אַרום דעם פּאַלאַץ פון גרויסן שאַה יאָהאַן.

---

אין פאַרלויף פון דורות האָט מען שוין די שטאָט דעלהי ניט איינמאָל געבויט; חרוב געוואָרן און שפּעטער ווידער אויפגעבויט געוואָרן. מצבות, מאָזולעומס זיינען אַ סך צעוואָרפן אַרום דעלהי. קברי־מלכים. ווילדע גראָזן שעמען זיך ניט צו וויקלען אַרום זייערע פונדאַמענטן. פאַרהאַן אַ טראַדיציע ביים אינדישן פאָלק, אַז אומקומען וועט פריער אָדער שפּעטער יעדע דינאַסטיע, וואָס בויט אויף דעלהי אויפסניי. זייער קלוג און זייער פשוט: אין אינדיע, וואו דאָס פאָלק פאַרמאָגט אַזאַ לאַנגע היסטאָריע און נאָך לענגערע טראַדיציעס, מוז דאָך ווען עס איז נעמען אַ סוף צו אַ דינאַסטיע. נאָר ביי די אינדוסן איז טראַדיציע ניט קיין קליינִקייט. פון דעם, וואָס דאָס פאָלק גלויבט, וועט קיין נביא און קיין שופט דערווייל קיין פּעדימל, קיין שטויבעלע ניט מינערן. אין דעם פאַל איז קיין חידוש ניט, וואָס דאָס פאָלק האָט פאַרבונדן די איבנדערמאָנטע טראַדיציע מיט דער „נייער דעלהי", וואָס די ענגלישע רעגירונג בויט אַ עטלעכע מייל אָן אַ זייט פון דער אַלטער פעסטונג און אַלטן פּאַלאַץ.

אויף דעם אינדישן שטייגער בויט ענגלאַנד אַ גאַנצע מלוכה־שטאָט, אַ נייע. אין צענטער גרויסע רעגירונגס־הייזער, אַ פּאַרלאַמענט (אפשר פאַר דער צוקונפטיקער באַפרייטער אינדיע), אַ סך גאַסן פאַר באַאַמטע צום וואוינען. דאָס, וואָס ענגלאַנד בויט איצטער, איז אַ מוסטער פון איינפאַכקייט. אַ צוגעטראַכטע ווייסע פּשוטקייט. איצטער, ווען די ווייסע שטאָט איז אויפגעבויט, און קיינער וואוינט נאָך ניט דערווייל דאָרט — די שטילע גאַסן, אַספאַלטענע וועגן, עלעקטרישע לאָמפּן, שורות פאַרפלאַנצטע ביימער און קיין מענטשן זיינען נאָך דערווייל ניטאָ. — אָט־אָ דאָס באַטראַכטן די אינדוסן פאַר דער שטאָט, וואָס „וועט מוזן חרוב ווערן", פאַרוואַנדלט ווערן

אין חורבות, אונטער וועלכע עס וועט ליגן די מלכותדיקע גרויסקייט פון דער איצטיקער מאַכט, וואָס באַהערשט אינדיע.

— יאָ, סיר, — האָט מיר מיין מאַכמעדאַנער געוואָלט איבערציינגן, — עס וועט מוזן אַזוי זיין, ווייל אין דעם גלויבן סיי די אינדוסן און סיי די גלויביקע מאַכמעדאַנער. דאָס, וואָס דו זעסט, וועט מוזן אונטערגיין, וועט אויך פאַרוואַנדלט ווערן אין חורבות, ווי דער אַלטער פאַלאַץ און די פעסטונג, יאָ, סיר...

— וועט יעמאָלט זיין שלום צווישן די מאַכמעדאַנער און די אינדוסן? — פרעג איך אים.

— אָ, ניין, סיר, שלום וועט קיינמאָל ניט זיין! אונזער רעליגיע באַפעלט אונז צו זיין מיט די אינדוסן אויף אייביק אין אַ היילִיקן קריג. אָבער די־אָ נייע שטאָט וועט געוויס חרוב ווערן.

און מיט זיין היים צעגליטן בליק האָט ער מיך באַטראַכט, געפאָרשט מיינע אויגן, צי בין איך מסכּים מיט אים.

---

# די אויסדערוויילטע פון פּאַלאַץ

1

ווייסער מירמלשטיינערנער מאָזעליי. מאַכמעדאַנישער פאַרלאַנג און גייסט. הויכע מינאַרעטן רייסן זיך צום הימל. מאָזאַאישע פענסטער דעמפן דאָס ליכט. אינעווייניקסטע ווענט מיט איידלשטיינער אויסגעזעצט...

„טאַזש מאַהאַל".

דער אַזויפיל מאָל באַשריבענער און באַזונגענער מאָזעליי.

אַז מען וויל זען די שריים פון דער מאָגול-דינאַסטיע, שפּורן פון די מאַכמעדאַנישע הערשער, באַדאַרף מען אַגראַ, וואָס אין דער פּראָווינץ אַללאַהאַבאַד, ניט פאַרפעלן.

די אינדוסן האָבן דאָ אַ הייליקן טייך, די זשומנאַ. די מאַכמעדאַנער — אַ וועלט מיט חורבות. נאָר היטן היט מען דאָ אָפּ דעם „טאַזש מאַהאַל", אויף אים זאָל די צייט זיך ניט אָנשפּאַרן צו-שטאַרק.

איך וואָלט אים אפשר ניט באַשריבן אינגאַנצן. נאָר מיר איז געבליבן אין זכרון מיין יונגער מאַכמעדאַנישער באַגלייטער און זיינע פאַרליבטע אויגן. און צוליב דעם מוז איך שוין דערציילן די גאַנצע מעשה, פאַרוואָס מען האָט אין מיטן פון זיבעצנטן יאָרהונדערט אַראָפּגעבראַכט פון איטאַליע אַ מייסטער, אַן אַרכיטעקט, ער זאָל מיט דער הילף פון טויזנטער קנעכט בויען דעם דאָזיקן מאָזעליי; דערציילן ווער עס האָט אים באַפעלן בויען און ווער עס ליגט אין אים.

2

שאַה יאָהאַן, — ווי יעדער מאַכמעדאַנישער גרויסער הערשער, האָט זיך געקענט פאַרגינען האָבן אַזויפיל ווייבער אין זיין האַ-

רעם, וויפֿיל אים האָט נאָר געקענט אונטערזאָגן זיין קראַנקע פֿאַנ־טאַזיע (שאַה יאָהאַן האָט דאָך געהערשט איבער אינדיע אין מיטן פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט. און די פֿעסטונגען און די פּאַלאַצן זאָגן עדות, אַז זיין הערשאַפֿט איז געווען אַ שווערע).

יאָ, ווייבער האָט ער געהאַט גענוג. און אַ סך פֿון זיי ליב געהאַט אויך. נאָר צום ליבסטן האָט ער געהאַט דער פּערסיאַנעריך, אַרדזשימאָנד, אָדער ווי זי האָט שפּעטער געהייסן: מומטאַז י. מאַהאַל, „די אויסדערוויילטע פֿון פּאַלאַץ".

געלעבט האָט זי מיטן גרויסן מלך בסך־הכּל פֿערצן יאָר. אין די פֿערצן יאָר האָט זי געבוירן פֿערצן קינדער און געשטאָרבן אין קימפּעט מיטן לעצטן קינד.

יעמאָלט האָט דער גרויסער מלך שאַה יאָהאַן, אַראָפּגעבראַכט פֿון איטאַליע אַ באַרימטן אַרכיטעקט און באַפֿוילן צו בויען דעם שענסטן מאָזעליי אין דער וועלט, וואו עס זאָלן רוען די ביינער פֿון מומטאַז י. מאַהאַל. צוויי־און־צוואַנציק יאָר האָט געדויערט דעם בנין אויפֿצושטעלן. און אַז ער איז געוואָרן פֿאַרטיק, האָט דער מלך באַפֿוילן, מען זאָל דעם איטאַליענישן מייסטער אויסשטעכן די אויגן און פֿאַרשפּאַרן אין אַ פֿינסטערן קעלער, כּדי ער זאָל ניט קענען מאַכן נאָך אַזאַ בנין און — דער „טאַדזש מאַהאַל" זאָל בלייבן דער איינציקער (אַזאַ מעשה דערציילט מען אויך פֿון יאָהאַן גראָזני און מאָסקווער קרעמל, ווי ער האָט געהייסן, מען זאָל דעם אַרכי־טעקט אויסשטעכן די אויגן, נאָך דעם ווי ער האָט פֿאַרענדיקט די שיינע בנינים).

3

טוריסטן ווערן פֿאַרוואַנדלט אין קליינע קינדער, אַז זיי קומען אין אַ פֿרעמד לאַנד. און ווער זאָגט נאָך אין די מזרח־לענדער — גיבן זיי זיך איבערגאַנצן איבער צו דער פֿאַנטאַזיע פֿון די „פֿירער" און זייער רעדנער־קראַפֿט.

און צווישן די „פֿירער" זיינען אויך פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס באַגייסטערן זיך אַזוי ווי קליינע קינדער, ווען זיי זאָגן איבער פֿאַר עטלעכע טוריסטן אַן אויסגעלערנטע מעשה אויף אויסנווייניק. איך

האָב איך ליב אַמאָל צו לאָזן זיך אײַנוויגן פֿון זײערע מעשׂיות. אַדרבּא, זאָל אַ מענטש באַווײַזן זײַן רעדנערקראַפֿט, זײַן מאָלערישע שפּראַך.

נאָר אין טאָוש מאַהאַל בין איך אַרײַנגעגאַנגען גאָר אַלײן, אָן אַ פֿירער. אָבער אינעווייניק איז געווען פֿול. אַ מחנה אַמעריקאַנער טוריסטן, צום גרעסטן טייל עלטערע לײַט, זײַנען געשטאַנען צוגעפּגעדריקט אײנס צום אַנדערן און אויף זײ האָבן די מאָזאַישע שויבן געוואָרפֿן אַ ווײכע ליכט. אַ עלטערער פֿירער, אַ פּעטער, שוואַרוואַניקער מאַכמעדאַנער, האָט מיט אַן אַסטמאַטישער שטימע דערציילט:

— „די צווײ מירמלשטײנערנע אָרונס, וואָס אויף דער הײכער פּלאַטפֿאָרמע — דאָרט ליגט קײנער ניט, זײ זײַנען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַזוי זיך, צוליב דעקאָראַציע־וועגן, נאָר פּונקט אַזוינע צווײ קאַסקאַדן געפֿינען זיך אונטן, אין קעלער; דאָרטן ליגן זײ בײדע, דער מלך שאַה יאַהאַן און זײַן אײנציקע געליבטע מלכּה, אַרדזשומאַנד, אָדער ווי זי האָט שפּעטער געהײסן: „מומטאַז מאַהאַל“.

דאָס האָט ער דערציילט און אײַנגעלאַדן דעם בונט מענטשן, מען זאָל אים נאָכגײן אונטן, אין קעלער אַרײַן.

דער גאַנצער עולם איז אַוועק מיט אים. נאָר אײנער, אַ יונגער מאַכמעדאַנער, שלאַנק און מיט אַ בלאַסן פּנים, איז איבערגעבליבן. איך האָב אים גאָר פֿריער ניט באַמערקט. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר, און מיט אַ פֿאַרטרערטער שטימע זיך געווענדט צו מיר:

— סיר, דו האָסט געהערט דעם אַלטן אײזל — ער פֿאַרשווײַגט דעם אַנדענקען פֿון דער גרויסער מלכּה. עס וואָלט אַן אַלטער אײזל דערציילט בעסער פֿון אים. ער וועט סוף־כּל־סוף פֿאַרזינדיקן פֿאַר אַללאַ, און זײַנע ווײַבער, ער האָט דרײַ ווײַבער, סיר — זײ וועלן אים ווערן אומטרײַ.

— וואָס האָסטו צו אים?

— וואַרט דאָ, סיר; די טוריסטן וועלן אַוועק...

4

אַז דער עולם טוריסטן, און מיט זיי דער שוואַרצער האַלמעטשער, זײַנען אַרויסגעגאַנגען אויף דרויסן, האָט זיך דער יונגער מאַכמעדאַנער דערנענטערט צו מיר נאָך נענטער. איצטער האָב איך באַמערקט, אַז ער איז נאָך בלאַסער געוואָרן; זײַן שטימע האָט אָנגעהויבן צו ציטערן:

— דו פֿאַרשטייסט, — האָט ער מיט לײַדנשאַפֿט געשעפּטשעט — אָט שטייען דאָ אויבן די צוויי אָרונס. און פּונקט אַזעלכע צוויי מיט די אייגענע איבערשריפֿטן געפֿינען זיך אויך אונטן. צוליב וואָס איז דאָס? כּדי דער עולם זאָל ניט וויסן אויף זיכער, וואו „מומטאַז י. מאַהאַל" ליגט און ניט פֿאַרשוועכן איר נשמה מיט שלעכטע מחשבות. פֿירט מען די טוריסטן אונטן אַראָפּ. און ניט נאָר טוריסטן — מאַכמעדאַנער גייען אויך אַהין, אַלע זײַנען שוין פֿאַרפֿירט. נאָר איך איינער ווייס. איך הער איר האַרץ קלאַפּן. איך הער איר שטים און דאָס איז אויך אַ גרויסער סוד. און דעריבער וויל איך ניט פֿירן קיין טוריסטן.

דאָ האָט ער מיר אָנגעוויזן צום הויכן געוועלבטן סופֿיט אין צענטראַלן קופּאָל:

— אַריבער הונדערט פֿוס הויך. פּרוּוו זינגען, גיב אַרויס דײַן שטימע. וואָס, דו קענסט ניט זינגען? מאַכט ניט. מען באַדאַרף ניט קענען. „זי" וועט דיר העלפֿן. ניט אַלעמען העלפֿט זי גלײַך. איינעם מער און דעם אַנדערן ווייניקער.

(דער טאַדזש מאַהאַל איז דער צווייטער באַרימטער אָרט, וואו דער עכאָ רופֿט זיך אָפּ אויף איין שטימע מיט אַ גאַנצן כאָר ווידערקלאַנגען. דער פֿײַנסטער עכאָ רופֿט זיך אָפּ אינעווייניק, אין גרויסן פּיראַמיד, בײַ קאַיראָ).

איך האָב אַ קרײַזל געטאָן מיט מײַן געוויינלעכער שטימע עפּעס אַ מזרח־ניגון. מײַן שטימע האָט זיך צעשאָטן און צעשפּליטערט און זיך ווידער פֿאַראייניקט. איך האָב מײַן שטימע ניט דערקענט. פֿון אַלע ווינקלען זײַנען צו מיר געקומען אָפּקלאַנגען און האָבן זיך אָנגעקניפּט אין די פּאָר טענער, וואָס איך האָב ווידער אַרויסגעלאָזן.

ער האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן בײַם האַנט:

— צי הערסטו גאָרניט, אַז זי זינגט? מוּמטאַז מאַהאַל זינגט! די איבערוועלטע פון פּאַלאַץ זינגט. פון דעם אויבערשטן אָרון קומט איר שטימע... אָ, איך קען ניט מער, איך קען ניט...

און ער האָט גענומען ווישן די טרערן.

איך בין אַרויס דרויסן, געקלערט: מאַלע וואָס אַ פאַנאַטיקער קען זיך אַרײַננעמען אין קאָפּ אַרײַן. אַזאַ־אָ אַלבאַסטער בנין, וואָס האָט זיך געבויט צוויי־און־צוואַנציק יאָר און וואָס אין דער זון פון האַלבן טאָג בלענדט ער אַזוי, אַז ווען ניט די גרינע ציפּרעסן, וואָס וואַקסן אין גאָרטן אַרום און די קילע וואַסערן אין די גראַבנס, וואָס קילן אָפּ די בליקן — ווען ניט דאָס, וואָלט מען געקענט דאָ פאַרבלענדט ווערן פון דער ווײַסקייט פון מאַזעליי. אין אַזאַ ווײַסער אַטמאָספערע קען טאַקע אַ מאַהמעדאַנער ווערן סענטימענטאַל, ווען ער פּרוּווט זיך אײַנלעבן אין דער פּסיכאָלאָגיע פון גרויסן מלך, וואָס האָט געקענט האָבן אַזויפיל ווײַבער, וויפיל ער האָט אַליין געוואָלט; פון וואָס פאַר אַ שבט און פון וואָס פאַר אַ ראַסע זײַן לײַדנשאַפט האָט נאָר פאַרלאַנגט. פונדעסטוועגן האָט ער ליב געהאַט נאָר איינער — אַ דזשימאָנד פון פּערסיע, און אין פערצן יאָר האָט ער מיט איר געהאַט פערצן קינדער.

5

דרויסן האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק בײַם וואַסער, אַרומגעצוימט מיט יונגע ציפּרעסן. דער יונגער מאַהמעדאַנער איז געבליבן שטיין לעבן מיר און לאַנג געקוקט אויף מײַנע הענט, וואָס זײַנען בײַ מיר געלעגן אויף די קני. איך האָב אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז אפשר איז דאָס בלויז געווען אַ ברייטער זשעסט, אַ מין באַרימערײַ, ווען ער האָט געזאָגט, אַז ער פירט ניט קיין טוריסטן. אפשר האָט ער גאָר איצטער חרטה און וואַרט, איך זאָל אים באַלוינען פאַר זײַן טרחה.

איך האָב אַרײַנגעשטעקט אַ האַנט אין קעשענע און אַ רודער געטאָן מיט אַ בינטל שליסלעך. האָט ער זיך אַ צאַפּל געטאָן:

— סיר, דו ווילסט מיר געבן געלט? גלויבסטו מיר ניט, אַז איך נעם ניט?

— ווער ביסטו? האָב איך אים געפרעגט. ביסט דאָך אַ פּראָפעסיאָנעלער „פירער“. וואָס, ניין? טוסט עס צוליב דיין ליבע צו אַרדזשימאַנד?

ער האָט געשוויגן.

— אפשר ביסטו אַ רייכער מאַן און דו קענסט זיך פאַרגינען דאָס טאָן אומזיסט, אָבער דו שלאָגסט דאָך אָפּ פּרנסה פון די „פירער“, וואָס טוען עס צוליב פאַרדינסט.

האָט ער זיך צוגעזעצט לעבן מיר און האָט ווידער באַטראַכט מיינע הענט און דערנאָך אונטערטעניק געזאָגט:

— סיר, דו געפעלסט מיר. ביסט ניט ווי אַנדערע טוריסטן. ביסט שטיל אומגעגאַנגען אין פּאַלאַץ פון שאַה יאַהאַן נעכטן. ביסט שטיל אומגעגאַנגען דאָ, ביים קבר פון מומטאַז י. מאַהאַל. גיי ניט שלאָפן היינט ביינאַכט. זאָג, סיר, וואו וואוינסטו, וועל איך קומען אָנקלאַפּן צו דיר אין פענסטער. עס איז היינט פּונקט האַלבער חודש. זי קומט אַרויס דורך אַ פאַרבאָרגענער טיר אין דער מערב־וואַנט. דער מייסטער האָט באַזאָרגט אַ טיר פאַר איר, וואָס איז פאַרהוילן פון מענטשנס אויג. זי קומט אַרויס פּונקט אין האַלבן חודש און האַלבע נאַכט, און שטעלט זיך אָט אַהינטער יענעם ציפּאַרים און קוקט אין וואַסער אַריין. סיר, שלאָף ניט היינט ביינאַכט... זאָג מיר צו, סיר.

איך האָב אים צוגעזאָגט. און אַפילו פונאַנדערגעזאָגט, וואָס פאַר אַ פענסטער מיינער איז.

ווער ווייסט, אפשר האָט דער פאַרליבטער מאַכמעדאַנער געבראַכט צו פירן ביים האַנט זיין מומטאַז י. מאַהאַל — נאָר איך בין מיט אַ שעה פינף פריער אַוועקגעפאָרן קיין באָמביי.

# דער מאַן מיטן אַנקער

פּילגרימער לאָזן צייכנס אויף זייער געטראָטענעם שטעג. באַצייכענען אים מיט לעגענדעס, באַצייכענען אים מיט די פּראַכט פון אַן אויסגעמאַטערטער און צעפלאַמטער פאַנטאַזיע. וואָכן, חדשים און אַפילו יאָרן. — וואָס איז דאָס גערעכנט ביי אַ אינדישן פּילגרימער, וואָס באַדאַרף אין זיין לעבן באַזוכן די אַלע ערטער, וואו די געטער האָבן מיט טויזנטער יאָרן צוריק באַוויליקט צו שפּילן זיך מיט זייערע ווייבער־געטינס?

אַז איך האָב צום ערשטן מאָל אין בראַזיליע געזען, ווי אַזוי פאַנאַטישע פּילגרימער „גייען“ מיילנווייז אויף די קני באַרג־אַרויף קיין פּ ע נ אַ, וואו די הייליקע מאַרי האָט באַוויזן אַ וואונדער; ווען איך האָב באַטראַכט די צעבלוטיקטע קני און די אויסגעפייניקטע פּנימער פון די, וואָס האָבן זייערע נשמות ערגעץ אין שטויב אָנגעוואָרן — יעמאָלט איז געווען אַ זוניקער טאָג און איך האָב מיר געחידושט, ווי אַזוי די גלוטיקע בראַזיליעס זון צינדט עס נישט אונטער און ברענט ניט אויס דעם אומזיניקן פלעק — האָט זיך געוואָלט פונאַנדערלאַכן אויפן הויכן קול, אַז דער באַרג זאָל מיטענטפערן און אַראָפּשליידערן פון זיך דאָס קאַטוילישע קלויסטערל, וואו דער „וואונדער“ האָט זיך באַוויזן.

אַז איך האָב געזען דאָ און דאָרטן אין אינדיע, ווי מענטשן מעסטן מיט זייער גוף דעם וועג, וואָס פירט צום הייליקן אָרט; לייגן זיך, ציען זיך אויס מיט הענט און פיס — אָפּגעמאָסטן און געשטרעקט פאָראויס — אין דעם האָב איך געזען מער קינדישקייט, ווי פאַרלאָרנקייט. דער פּילגרימער אין אינדיע איז פול מיט אָנגעצונדענעם און הויכגעברענטן עקסטאַז. ער לעשט אים אָפּ יעמאָלט, ווען ער באָדט זיך אויס אין אַ הייליקן טייך. פאַרשטייט זיך, אַז ג אַ נ ג אַ איז דער הייליקסטער פון אינדיעס גרויסע טייכן.

די בראַמאַפוטראַ, די אינדוס זיינען גענוג הייליק. אויך די ז ש ו מ נ אַ איז נישט קיין קלייניקייט. פאַרקערט, די ז ש ו מ נ אַ האָט נאָך אירע ברעגעס, וואָס די געטער האָבן זיי גאָר אַ סך באַוווּליקט אין די אַלטע צייטן. דער גרויסער שטיפער, דער גאָט ק ר י ש נ אַ, האָט דאָ זיינע ליבעס געפירט. ער, וואָס האָט פאַרמאָגט זעכצן טויזנט ווייבער, און וואָס האָט אַפילו ניט געשאַנעוועט זיין מאַמען און זיינע שוועסטער — ער איז דער ליבלינג פון די אָרעמע פויערים. ווערעס אין צייט פון שטורעם האָט ער אַמאָל אַרויסגעריסן צוויי בערג און נייגנדיק באַרג צו באַרג, האָט ער באַשאַפן אַ שוץ פאַר די סטאַרעס שאָף, וואָס האָבן געהאַלטן ביים אומקומען. צו שאָף־פאַסטעכער איז ער שטאַרק צוגעלאָזן.

און מ ו ט ר אַ איז אפשר די עלטסטע שטאָט מיט דעם עלטסטן זכרון, וואָס געדענקט נאָך בודאַס ערשטע טריט, מיט איבער דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק. און ביז איצטער, כאָטש די אַלטע מוטראַ איז שוין לאַנג צעשטויבט געוואָרן, נאָר דער אָרט איז אָפּגעהיט. דאָ האָבן פּילגרימער אָפּגעצייכנט דעם אָרט צו באָדן זייער לייב און דערמיט צו לייטערן די נשמה.

די פאַרנאַכטן ביים ברעג טייך זיינען דאָ באַזונדערס פאַנטאַסטיש, ווען דאָס פאָלק קלייבט זיך צום „אַ ר אַ ד י“, דאָס דינען צום הייליקן טייך, ווען עס קלייבן זיך צונויף צום ברעג הייליקע קי, מאַלפּעס און די הונדערטער און טויזנטער טשערעפּאַכעס אין טייך, וואָס שטעקן אַרויס זייערע העלזער פון פאַנצער אַרויס און בעטן מיט די שלאַנגען־אייגעלעך, מען זאָל זיי צוואַרפן שפּייז. די קי ווערן אין אַ סך אופנים מענטשלעך. פאַראייניקן אין זיך דעם פרומען בעטלערישן קער און ווענד. די מאַלפּעס שפּירן זיך דאָ, ווי אויף אַ רייכער חתונה. נישט אַזוי דער הונגער, זיי הונגערן דאָ ניט, נאָר דער פאַרלאַנג מיט עפּעס זיך פאַרגלייכן צו מענטשן, רודערן זיי און שמייען אַרום — זיי מישן זיך מיט די פּילגרימער און עס פעלט זיי ווינציק אָנצונעמען אַ געשטאַלט פון אַ האָר־באַוואַקסעניעם יאָגי.

פאַרהאַן פּילגרימער, וואָס קומען מיט שטילשווייגן, מעדיטירנדיק און אַזוי בלייבן זיי אַליין מיט זיך פאַרטיפט, אַליין אין זיך

אײַנגעגראָבן. מעדיטירן איז אַ אינדישע עבֿודה. װיפֿיל מאָל האָב איך זיך אין אינדיע אַלײן געכאַפּט, אַז מײַנע ליפּן זײַנען מיר אײנס צום אַנדערן צוגעװאַקסן און דער פֿאַרלאַנג דאָס מויל צו עפֿענען און אַרויסבערנגען קלאַנגען און װערטער — אַזאַ פֿאַרלאַנג האָט גאָר געפֿעלט.

איך האָב פֿאַרבראַכט אַ פּאָר פֿאַרנאַכטן בײַ דער „אַראַדי" אין מוטראַ. מײַן בליק איז געפֿאַלן אויף אײן פּילגרימער, װאָס האָט זיך אַרויסגעטײלט פֿון גאַנצן עולם. ער איז געזעסן אויף אַ טרעפּל, װאָס האָט געפֿירט צו װאַסער אַראָפּ און קײן אײג נישט אָפּגעריסן פֿון װאַסער, װאו עס האָבן זיך, מיט אויסגעצײגענע העלזער, געדרודערט טשערעפּאַכעס. מײַן בליק איז געפֿאַלן אויף אים, דער עיקר צוליב זײַנע בלאָנדע האָר און בלויע אויגן. כאָטש ער איז געװען אַרומגעװיקלט מיט אַ װײַסער „דאָטי" און אַ אָפּגעבלאַקירט ראָזװע, װאָלענער טוך אַרום די אַקסלען. עס איז גרינג געװען זיך אָנצושלאָגן, אַז ער איז נישט קײן געבאָרענער אינדוס.

ער, פֿון זײַן זײַט, האָט דערשפּירט מײַנע בליקן און האָט זיך תּחילת אויפֿגעהויבן װי אַװעקצוגײן. שפּעטער האָט ער זיך צוריק אַנידערגעזעצט און געזוכט אַ געלעגנהײט מיך צו פֿאַרטשעפּען. ער האָט אַ שמײכל געטאָן און מיך באַגריסט אָן װערטער. אַ נײג געטאָן זײַן בלאָנדגעלאָקטן קאָפּ. איך האָב זיך דערנעענטערט צו אים, געענטער אַרײַנגעקוקט אין זײַן פּנים.

— סטענלי איז מײַן נאָמען. — האָט ער קורץ אַ זאָג געטאָן.

און װען ער האָט צו מיר אויסגעצויגן זײַן האַנט, האָב איך אויף זײַן אָרעם, העכער פֿון עלנבויגן, װאָס איז פֿריער געװען צוגעדעקט, באַמערקט אַ בלוילעך אויסגעטאַטוירטן אַנקער.

מיר איז געקומען אויפֿן זינען דאָס, װאָס מיר האָט אַמאָל געזאָגט אַ קאַפּיטאַן אויף אַן ענגלישער שיף, אין מײַן רײַזע פֿון אַװסטראַליע קײן דרום-אַפֿריקע:

„קײנמאָל װערט מיר אַזוי נישט אומעטיק, װען מײַן שיף הײבט זיך אָפּ פֿון ברעג, װי יעמאָלט, װען מיר קומט אויס צו פֿאַרלאָזן אַ אינדישן ברעג. יעמאָלט זע איך נישט דעם ציל פֿון מײַן װאַנדערן".

דער מאַן, וואָס איז לעבן מיר געזעסן, איז ניט געווען אַזוי אַלט, ווי יענער קאַפּיטאַן, כאָטש יענער האָט געהאַט אַ נאַקעטן קאָפּ און איז געווען אַריבער די פופציקער. און דאָס איז נאָך געווען אַ מענטש גאָר יונג, העכסטנס פערציק יאָר אַלט און די לאָקן האָבן געדיכט צוגעדעקט זיין קאָפּ.

מיר איז אויך פאַרענטפערט געוואָרן דער חידוש, וואָס אַזוי ווינציק האָב איך באַגעגנט אין אינדיע ענגלענדער, וואָס זאָלן מיד ווערן פון אייביקן הערשן און באַהערשן און וואָס זאָלן זיך באַ־דויקן און אפשר אָפּזאָגן זיך פון דעם אַזויפיל באַוווּנגענעם מו־טערלאַנד.

דערווייל איז אין געאייל דורכגעלאָפן אַ הייליקע מאַלפּע און גלייך, ווי מיר וואָלטן גאָר ביידע ניט עקזיסטירט — אַ שפּרונג געטאָן און מיט אַ משונהדיקן אויפגעשריי אַריבער אונזער׳ע ביידנס קעפּ. דאָס איז געווען נאָך אַ שטריך צום עקזאָטישן בילד, וואָס האָט זיך געשפּרייט נאָך אַ גלוטיקן טאָג, ביים רעכטן ברעג פון הייליקן טייך דזשומנאַ.

— וויפיל יאָר אַזוי, מיסטער סטענלי? — האָב איך אַ פרעג געטאָן, ניט אַראָפּנעמענדיק די אויגן פון זיינע פינגער. — אַזעלכע דינע, לאַנגע פינגער, ווי ביי די אינדוסן.

— יאָרן, — כאַ, איך האָב אויפגעהערט ציילן די טעג און ממילא האָב איך אָנגעוואָרן די צאָל פון די יאָרן, זינט איך האָב פון זיך אַראָפּוואַשן מיין אייראָפּעיִשן שטויב און אַראָפּגעשליי־דערט מיין אָנצוג, וואָס איך האָב מיר געקויפט אין גלאַזגאָ. דאַכט מיר, דאָס איז געווען נעכטן און מעגלעך, דאָס האָט פּאַסירט מיט פינף טויזנט יאָר, יאָ, אַוודאי, פינף טויזנט יאָר, ווען איך טראַכט ניט מיט מיין בריטישן — נאָר מיט דעם אינדישן מוח.

— איך קען דיר אָפּגעבן אַ גרוס פון דיין לאַנדאָן. בין ניט לאַנג דאָרט געווען.

און איך האָב געפּאָרשט דעם אויסדרוק פון זיין פּנים, אָבער עס האָט ניט געמאַכט קיין אויסערלעכן איינדרוק אויף אים. ער האָט נאָר אַזוי ווי פאַר זיך אַ ברום געטאָן:

— גודביי, פּיקאַדעלי, גודביי, לעסטער סקוועד! אַהין וועט זיך סטעגלי ניט אומקערן.

ער האָט באַמערקט, אַז מיין בליק איז ווידער געפאַלן אויף דעם אַנקער, וואָס אויף זיין אָרעם. האָט ער אָפּגעדעקט די ברוסט און מיר באַוויזן — אויסגעטאַטוירט בלוי אַ אָדלער, וואָס האַלט אין זיין שנאָבל אַ צווייגעקאָרטשעטע שלאַנג, וואָס דרייט זיך און וויל איינבייסן דעם אָדלער.

— יעס, סיר, אַלץ האָב איך פון זיך אָפּגעוואַשן און אַלץ האָב איך פון מיינע גלידערן אַרויסגעשווענקט, נאָר דעם אַנקער און דעם אָדלער קען איך פון זיך ניט אַראָפּוואַשן. קענסט „דאָריאַן גרעי“, איך מיין אָסקאַר ווילדס העלד פון ראָמאַן? דאָס בין איך, דער העלד, וואָס איז פון געמאָלענעם בילד אַראָפּ. מען באַדאַרף דעם ענגלענדער קענען. יעדער בריטישער פאַרמאָגט צוויי נשמות: איינע געהער צום „בולדאָג“, מיט די קרומע פאַרשטשעמעטע ציינער, וואָס זוכט אַ געלעגנהייט איינצובייסן, און די אַנדער נשמה — צו אַ דזשענטעלמען, וואָס זינדיקט צו אין דער שעה, ווען ס'איז ניט טאָג און ווען ס'איז ניט נאַכט.

איך האָב אין זיך פאַראייניקט ביידע כאַראַקטער־שטריכן. איך קען לאָנדאָן. דאָרטן האָט ניט געהאַט קיין טעם דאָס זינדיקן: אַ שטאָט, וואו מען באַגעגנט שיכּורע פרויען, וואַלגערנדיק זיך אויפן טראָטואַר — אַזאַ שטאָט באַשאַפט ניט קיין שום אילוזיע. און מען קען ניט זאָגן, אַז לאָנדאָן איז ניט ענגלאַנד. לאָנדאָן איז בריטיש הורך־און־הורך. איך בין אין לאַנד אַ געבוירענער.

ער האָט ווידער באַמערקט מיינע בליקן אויף זיין אַנקער און האָט פאָרגעזעצט:

— יאָ, דער ים האָט דעם „בריטישער“ גענומען געפאַנגען. די נעפלען אַליין אַרום אונזערע, — איך מיין, די בריטישע אינזלען, נאָר פון געוווינהייט זאָג איך „אונזערע“. — איך מיין, די בריטישע זיינען פאַרפירט פון די אייגענע נעפלען. איך האָב ניט באַדאַרפט ווערן קיין מאַטראָס, ניט די נויט האָט מיך געטריבן. פריער האָב איך געדינט אין פלאָט, דאָס איז מיר ניט געווען שטאַרק צום האַרצן, ניט יענע דיסציפּלין האָב איך באַגריפן. איך האָב ניט הופּס גע־

ווען, צוליב וואָס מען דיסציפלינירט אַזוי מענטשן. נאָך דער אָפּענער ים האָט עפּעס אַנדערש פאַר מיר באַדייט. אַ מאַטראָס, ווען ער לאָזט זיך טאַטויִרן זיין לייב, אַריינצייכענען מיט פאַרב אין דער הויט אַריין אַנקערס, אָדלער און שלאַנגען — דאָס האָט אַ ליידנשאַפט־לעכן כאַראַקטער. דאָס איז דער מאַטראָס. ער לעבט אַ שיכורן לעבן אָפּ. די בריטישע שיפן זיינען ריידעווּדיק, האָבן זייער מאַגנעט. אינדיע האָט מיך באַצוואונגען.

ער האָט געשוויגן אַ ווײַלע און שפּעטער באַמערקט:

— זעסטו זיי דאָ, די גרויסע איבערגעוואַקסענע קינדער, איך מיין די אינדוסן, וואָס זיינען אַהער צום טייך אַרויסגעקומען. קוק זיך איין אין זייער פּנים: דער אויסדרוק, די באַגייסטערונג. און זע, ווי די קו, די מאַלפּעס און אַפילו די טשערעפּאַכעס אין טייך — ווען זיי קענען, וואָלטן זיי אַלע אָנגעהויבן ריידן און אויסגעדריקט די פרייליכקייט, וואָס זיי כאַפּט דאָ אַרום איצטער. ווייסט מען פון דעם איצטער אין לאָנדאָן? אָט די נאַקעטקייט האָט מיך באַצוואונגען. מער ניט, וואָס איצטער טוט מיר ווי דער אָרט, וואו דער אַנקער איז אויסגעמאָלן אויף מיין גאַנץ לעבן אין מיין הויט. איצטער באַדאַרף איך עס ניט. ניין, איצטער שעם איך מיר, וואָס איך בין אַ בריטישער, און בלויז דער אַנקער אויף מיין אָרעם דערמאָנט מיר אין מיין אָפּשטאַם. און צייטנווייז באַמערק איך אויך זייער פאָרוואורף, ווען מיט זייערע הייסע בליקן רייסן זיי פון מיר אַראָפּ די „דאָטי“ און טוען מיר אָן די בריטישע מיליטערישע יוניפאָרם, כדי איך זאָל זיך אַליין זען אין אַ בריטיש געשטאַלט.

איך האָב פאַרשטאַנען איצטער אַליין אַלץ. און דאָס, וואָס ער האָט מיר שפּעטער דערציילט, ווי אַזוי ער האָט מיט צען יאָר צוריק זיך באַטייליקט אין אַן אויפשטאַנד אין בענגאַליע און ווי אויף אים האָט שפּעטער געווירקט דער פאַל, ווען זיין שטראָף־עקספּעדיציע האָט אַ גאַנצן דאָרף כמעט אָפּגעווישט פון דער ערד, נאָר איין יונג מיידל, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן און שפּעטער, ווען דער דאָרף האָט געברענט, איז זי ממש פון פייער אַרויסגעלאָפן און געפאַלן אויף דער ערד, צו זיינע פיס און געקושט זיינע שיך. — — —

דאָס זיינען אַלץ געווען פֿאַלן, וואָס האָבן איִם די אויגן אויפֿגעעפֿנט. נאָר דאָס איז ניט געווען אַלץ. סיבות זיינען פֿיל טיפֿערע. דאָס זיינען געפֿילן, וואָס מען לעבט איבער אין אַ לאַנד, וואו עס לעבט אַ פֿאָלק מיט אַ גאָר לאַנגער היסטאָריע און די היסטאָריע פֿון פֿאָלק איז אײַנגעקאַרבט מיט מעסער-אײַנשניטן אין אַ שטעקל; ווי עס פֿאַרצייכענען געוויסע פֿייערים, וואָס האָבן ניט קיין אַנדער וועג, ווי צו פֿאַרצייכענען.

אָט טאַקע, די אייגענע מוטראַ, וואָס ציט אַ היסטאָריע ביז צו דעם אויפֿקום פֿון בודאַ. די אַלערליי טעמפּלען, וואָס זיינען דאָ געווען און וואָס ווערן דערמאָנט ביי די כינעזישע רייזנדער: פֿאַ-היאַן, און יויען טשאַנג, אין פֿינפֿטן און זעקסטן יאָרהונדערט, יעמאָלט איז נאָך בודאַיזם געווען שטאַרק, שפּעטער, אין אָנהויב פֿון עלפֿטן יאָרהונדערט, האָבן שוין מאַכמעדאַנער פֿונדאַנען אַרויסגעפֿירט אַ צאָל גאָלדענע און זילבערנע געטער. אין סאַמע אָנהויב פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָט דאָ שוין ענגלאַנד געשאַלטעט. יעמאָלט האָט זיך דאָ מיט זיינע ברוטאַלע מעשים לאָרד לייק אויסגעצייכנט.

און איצטער — —

דאָס אינדישע פֿאָלק האָט אמונה אין די הייליקע טייכן. אָט איצטער, ווי אין די אַלטע ציטן, קלייבט זיך עס צונויף ביים ברעג טייך און קאָרמעט די טשערעפּאַכעס, וואָס שטעקן אויס די העלזער פֿון פֿאַנצער אַרויס. איך האָב ניט איינמאָל געהערט פֿון אינ-חסן:

— מירן ענגלאַנד איבערלעבן!

און ער, מיסטער סמעגלי, האָט זיך אויסגעטאָן פֿון זיינע בריטישע קליידער, פֿון די קליידער איז ער געווים אַרויסגעקראָכן, און וואוהין ער איז אַריינגעקראָכן, איז שווער צו זאָגן. ער האָט זיך באַפֿרייט פֿון אַ גרויסן לאַסט, ער אַליין איז אַרויס פֿון מיליטערישן סטראָי. ער האָט זיך אָפּגענייגט פֿון דעם בריטישן רעאַליזם און איז אַריינגעפֿאַלן אין אינדישן מיסטיציזם. מיר איז דאָס קלאָר געוואָרן, ווען שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן פֿאַר מיר צו אַנטוויקלען דעם נירוואַנאַ-וועג:

— יאָ, טויטן אין זיך אַלע ליידנשאַפטן; אַלע פאַרלאַנגען. ביז איין פונק ליידנשאַפט לעבט אין בלוט — ביז יעמאָלט איז קיינער ניטאָ. און דעריבער זאָג איך, אַז דאָס בריטישע פאָלק איז דאָס אומגליקלעכסטע צווישן פעלקער, ווייל עס ווייסט ניט פון גענוג.

איך האָב אים געפרוווט דערווייזן, אַז דער אידעאַל, צו טויטן אַלע ליידנשאַפטן און פאַרלאַנגען, האָט נאָר געקענט אויפקומען ביי די בריימע שיכטן פון אַ פאָלק, וואָס איז פאַרמשפט געוואָרן אומצוגיין מיט אַ ליידיקן מאָגן און אַז די בריימע אינדישע מאַסן זיינען דורך די אַלע רעליגיעזע און מיסטישע פלאָנטערן אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון לעבנסקרייז און געפינען זיך אין אַ ליידיקן חלל. און דאָס אייגענע איז מיט זיינע בריטישע מאַסן, וואָס לעבן אין אָרעמקייט און גלויבן, אַז זייער לאַגע וועט נאָך ערגער ווערן, ווען די גרויסע בריטאַניע וועט מיט אַמאָל קליין ווערן.

און ניט גאָר פאָרזיכטיק האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— ניט נייטיק געווען צו ווערן אַ פּילגרימער און דערגרייכן די מדרגה פון אַ יאָגי, בלויז צוליב דער אַנטוישונג אין די פירער פון אייגענעם פאָלק.

נאָר איך האָב עס ניט דערענדיקט אינגאַנצן און דערשפירט, אַז אַזוי ווייט האָב איך ניט באַדאַרפט גיין. דאָס האָט געמיינט, אָפדעקן פאַר גאַנץ אינדיע דעם אַנקער, וואָס אויף זיין האַנט, אָדער דעם אָדלער אויף זיין ברוסט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אַליין ניט באַגריפן פון אָנהייב, אַז אפשר האָט ער געבראָכן אין יענעם פאַרנאַכט אַ נדר פון שטילשווייגן.

פון זיין פנים איז פאַרשוואונדן די רויקייט, פאַרשוואונדן די גלייטערטקייט, וואָס מען קען נאָר באַגעגענען ביי די אויסדערוויילטע פון צווישן די אינדוסן. זיינע בלויע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אומפריינדלעכע פייערלעך. ער האָט זיך פלוצלונג אויפגעהויבן, זיך אויסגעדרייט צו מיר מיטן פּלייצע און זיך אויסגעמישט צווישן די פּילגרימער.

איך האָב אים אַ ווײַלע נאָכגעקוקט, נאָך באַלד איז ער פון מיר אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן.

---

# ב אָ מ ב י י

## 1

ענגלאַנד, פּאָרטוגאַל און האָלאַנד, — אַלע דריי האָבן פּרעטענדירט אײַנצושלינגען דעם גאַנצן ערד־קױל, מיט אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן, וואָס אויף אים. כאָטש ווער טראַכט עס איצטער, אַז די לעצטע צוויי זיינען געווען אַזעלכע גרויסע קאָנקורענטן פאַר ענגלאַנד? חורות האָט געטומען און ענגלאַנד האָט זיי מיט אַלערליי פּיסל־אונטערשטעלענישן אַרויסגעשטויסן פון זייערע פּאָזיציעס, ביז פּאָרטוגאַל איז געבליבן ביי איר היימישן פּאַסיקל לאַנד ביים אַטלאַנטיק און הערצו — אַ ווייטע קאָלאָניע אין מזרח־אַפריקע, וואו מען פּלאַנצט איין זנות און שיכרות און אַלערליי קראַנקהייטן ביי די קאַפּירם פון יענער געגנט.

האָלאַנד האָט מיט אירע נאַוויגאַטרס אויך אָנגעשפּאַרט, וואו פאַר יענע צייטן, פון זעכצנטן און זיבעצנטן יאָרהונדערט, איז נאָר מעגלעך געווען. און פון ווייטע קאָלאָניעס איז געלונגען צו פאַרהאַלטן פאַר זיך יאַוואַ און אַנדערע הערבייקע אינזלען, וואו זי פירט איר הערשאַפט ביד־רמה.

און ענגלאַנד, פון זינט מען האָט אין דער צווייטער העלפט פון אַכצנטן יאָרהונדערט זי אַרויסגעשטויסן פון אַ טייל צפון־אַמעריקע, האָט זי פאַרכאַפּט כופל־כפלים און דערווייל איז נאָך ניט געקומען דער געגנט־שטאַרקער קלאַפּ איבערן האַנט, זי זאָל אַרויסלאָזן דאָס פאַרכאַפּטע.

און דער קליינער אינזל, וואו באָמביי געפינט זיך, איז געווען אַ עדות פון אַ סך פאַררעטערישע מעשים מצד איינעם צום אַנדערן אין יענע צייטן, ווען ענגלאַנד, האָלאַנד און פּאָרטוגאַל האָבן זיך געשלאָגן פאַר דער בכורה. אין אָנהויב פון זיבעצנטן יאָרהונדערט האָט זיך ענגלאַנד פאַראייניקט מיט האָלאַנד, כדי אַרויסצושטויסן די פּאָרטוגעזן. און מיט עטלעכע צענדליק יאָר שפּעטער, האָט זיך

שוין ענגלאַנד פאַראייניקט מיט פּאָרטוגאַל, כּדי אַריסצושטויסן די האָלענדער, וואָס האָבן שוין יעמאָלט אויסגעזען צו זיין שטאַרקע קאָנקורענטן אין וועלט־פאַרכאַפּעניש. פאַר ענגלאַנדס־וועגן האָט אין יענע יאָרן שוין געאַרבעט די „אָסט־אינדישע געזעלשאַפט”, דורך וועלכער דער בריטישער פּיראַטן־בליק פון יענער צייט האָט אַ סך דערזען. יענע סוחרים האָבן ווייט אַהינטער זיך שוין מיטגעפירט האַרמאַטן. ביים זייט האָט מען מיטגעפירט מיסיאָנערן. און געמסחרט האָט מען מיט וואָס עס האָט זיך אין יענע צייטן געלאָזן.

דעם גרעסטן האַנדל מיט לעבעדיקע קנעכט האָט די דאָזיקע געזעלשאַפט אָנגעפירט. די נעגער, וואָס געפינען זיך איצטער אין נאָרד־אַמעריקע, בראַזיליע און אויף די אַנטילישע אינזלען, זייערע זיידעס זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן פון אַפריקע, נאָך ערגער ווי מען פירט בהמות. און אַזוי ווי בהמות האָט מען זיי אויפגעקויפט און אַרומגעפירט און פאַרקויפט צו די אַלערליי פּריצים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די פאַרנומענע לענדער, וואו מען האָט באַדאַרפט האָבן קנעכטשאַפט. אַזוי איז די נעגער־קנעכטשאַפט געבליבן אַ ירושה פון ענגלאַנדס ממשלה אין נאָרד־אַמעריקע, ביז צום מיטן פון לעצטן יאָרהונדערט, ביז צום באַרימטן בירגער־קריג, אין דער שפּיץ פון פּרעזידענט לינקאָלן דער נעגער־באַפרייער.

און דעם ברייטסטן אָפּיום־האַנדל, וואָס האָט פאַרסמט דעם אָרגאַניזם פון די ווייטע מזרח־פעלקער, — מיט דעם דאָזיקן מסחר האָט זיך אויך אָפּגעגעבן יענע געזעלשאַפט אין מזרח און אויף אַנדערע וועלט־טיילן, וואו שפּעטער איז דאָס געוואָרן ענגלישער באַזיץ.

יענע געזעלשאַפט איז איצטער מער ניט פאַרהאַן. פון דער „אָסט־אינדישער געזעלשאַפט” האָט זיך אויסגעשטאַלטיקט דער בריטישער אימפּעריאַליזם, וואָס האָט איבערגענומען די מעטאָדן פון יענער געזעלשאַפט. און באָמביי איז דער טויער געווען צו אינדיע. דורך באָמביי האָט ענגלאַנד שפּעטער פאַרוואָרפן די שטריק אויפן האַלז פון גאַנץ אינדיע. פון באָמבייער זייט האָט מען פאַרוואָרפן די שטריק אויף די פיס פון אינדישן פאָלק. איצטער איז באָמביי

דער עלעגאַנטער אַרײַנפאָר אין אינדיע, אַז מען קומט אָן דורכן רױטן און אַראַבישן ים קײן אינדיע.

איצטער פאַרמאָגט באָמבײ איבער אַ מיליאָן נפשות, צװישן זײ אַרום פופצן טױזנט אײראָפּעער, עס מײנט ענגלענדער, דאָס זײנען די דרײַסיק טױזנט אױגן, װאָס קוקן פון יעדן װינקל אַרױס און היפּנאָטיזירן, אַז די אָרדענונג זאָל גײן, װי מען װיל אין דער הײם, בײַ דער מאַמע־ענגלאַנד.

אױסערלעך, אַז מען גײט דורך די הױפּט־מסחר־גאַסן, אָטעמט מען דאָ, אַחוץ דער טראָפּישער װאַרעמקײט, אױך די אײראָפּעיִשע ציװיליזאַציע און אײראָפּעיִשע קולטור. מען קען זאָגן, אַז אַ שטיקל לאָנדאָנער גײַסט האָט זיך אַהער אַריבערגעטראָגן און זיך אָפּגעזעצט אין די גאַסן, װאו די בענק און רעגירונגס־אַנשטאַלטן געפינען זיך.

מיט זײער פאָרנעמקײט און אַריסטאָקראַטישער האַלטונג, פאַרנעמען די דאָזיקע גאַסן די פּאַרסיער, װאָס זײנען די פאָרשטײער פון די בעסערע געשעפטן. און סײַ די מענער און סײַ די פרױען ברענגען אַרײַן אין גאַס זאַטקײט און לוקסוס. אַ געמיש פון מזרח־עולם־הזה־גײַסט, מיט אַ געמיש פון אײראָפּעיִשן קראָכמאַל, האָבן זײ אױף זיך אָנגעצױגן. די מענער אין זײערע שײן־געשניטענע „קאַסטױמס”, און די פרױען — אין לוקסעריעזע שװערע, זײַדענע סאַריס אײַנגעװיקלט. קומט פאַרנאַכט, ציען זיך זײערע אױטאָמאָבילן אײנס הינטער דעם אַנדערן דורך דער הױפּט־גאַס. תּדושט זיך, װי די לײַט האָבן זיך אױסגעלײטערט. װען עס באַװײַזט זיך אָבער, אױך אין זײַן אױטאָמאָביל, אײנער פון די פופצן טױזנט, — צו אים שמײכלט דער גלאַנציקער, אָנגעאײלטער אַספאַלט פון דער גאַס און דו זעסט דעם אמתן טאָנגעבער.

זײנען אָבער פאַראַן אַ געניער מיליאָן, װאָס געהערן ניט צו די איבנדערמאָנטע. דאָס איז די ברײטע אינדישע מאַסע, װאָס געהער אױך צו גאָר אַ סך גאַסן פון באָמבײ. דאָרטן, װאו עס האָט שױן איר רו־פּלאַץ אױך די הײליקע קו מיט איר גאַנצער געמיטלעכקײט. דאָרטן, אין יענע גאַסן, האַלטן זיך אױף די הונדערטער טױזנטער, װאָס גיבן אַװעק זײער לעבן עקספּלואַטירט צו װערן אין

די באַוול-מילן. דאָ, אין באָמביי, עקזיסטירן די עלטסטע פאַבריקן. דאָ איז דער אָרט, וואו עס קריסטאַליזירט זיך אויס דער פּראָלעטאַריאַט פון אַ מזרח-לאַנד. עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז צו יענע זייטיקע גאַסן (וואָס לויט דער מענטשן-געדיכטעניש, זיינען זיי די הויפּט-גאַסן) קערט מען די אומריינקייט פון דעם אַריסטאָקראַטישן קוואַרטאַל, אַז אַהין טרייבט מען די נויט אַוועק, זי זאָל זיך גריזשען די פינגער.

נאָר אין אינדיע ווייסט ניט, ווער עס איז צופרידן און וועמען עס עסט די ניט-פאַרגינערישקייט. און דווקא אין דער דאָזיקער ענגשאַפט, וואו אַ שפּאַן ערד קומט אויס אויף אַ מנין מענטשן, דווקא דאָרטן געשטאַלטיקט זיך אויס דער צופרידענער בליק, דער ברייטער שמייכל אויפן פּנים, דאָרטן וואו אין שטוב איז קיין געלעגער ניטאָ, וואו אין שטוב שלאָגט זיך ניט אַריין קיין שטראַל ליכט — דווקא דאָרט, פאַלט ביי דיר איין אין געדאַנק, אַז די מענטשן זיינען צופרידן. זיי איז בעסער ווי די, וואָס שלעפּן זיך אַרום אין די אַוטאָמאָבילן, כדי צו ווייזן פאַר דער גאַס זייער פאָרנעמקייט.

איך האָב עס אין ערגעץ אַזוי ניט געפילט, ווי אין דער באָמבייער ענגשאַפט, אין די שטיקענדיקע הייסע נעכט, שפּעט אין אָוונט, צי ביינאַכט, ווען דאָס פאָלק לייגט זיך אויס שלאָפן אויף די טראָטואַרן, געדיכט איינס לעבן אַנדערן. אפילו אויף די טרעפּלעך ביי די געשעפטן, אויף די פענסטער, וואו נאָר מען קען זיך ווי עס איז איינקנורען און ליגן, — פאַר יעדן „פריען פּלאַץ" האָט דאָס אינדישע פאָלק געפונען אַ בעלן אין דער הייסער נאַכט. מען קוקט אין די שטערן און מען לייענט אַרויס דעם אייגענעם מזל.

קרייזלען זיך ניגונים, וואָס האָבן ניט קיין אָנהייב און ניט קיין סוף. ציטערן איבער די קעפּ פון די דרעמלענדע די טענער פון דער ווינע. אַ פאַרקלערטער בום-בום פון אַ פּייקל און ווידער רייסט איבער די שטילקייט אַ נאָקטורנדיקער ניגון.

גיי וועק-אויף אין אַזאַ שעה דאָס פאָלק, וואָס האָט אויסגעקליבן דעם ברוק פון גאַס, דעם אַסיל פון דעם טראָטואַר פאַר דעם רו-פּלאַץ, נאָך אַ טאָג פון האַלבן הונגער און אפשר שווערער אַרבעט, — גיי, טרומייטער אין טראָמפּייט און זיי מודיע, אַז די שעה

פֿון דערליייזונג איז געקומען: מעגלעך, אַז זיי וועלן זיך פֿון זייערע געלעגערס דורכוואַרפֿן מיט די בליקן און ווייטער אַזוי ליגן. די גרענעץ פֿון צופֿרידנקייט און אומצופֿרידנקייט איז מיר שווער אויסצוגעפֿינען. מעגלעך, אַז די מחשבות מיט דעם מהות אינאיינעם בלאָנדזשען אין הימל, צווישן די שטערן, וואו עס שטיפֿן די געטער.

2

קלאַנגען פֿון אַ ווינע, וואָס האָבן געצויגן פֿון אַ הויף, האָבן מיך ניט געלאָזט ווייטער גיין. איך האָב מיר דערקליבן צו אַ גרופּע מענער, וואָס זײַנען געלעגן אין אַ קרייז, ווי העריגנ נאָענט איינס צום אַנדערן, מיטן פּנים אַרויף. אין מיטן איז געזעסן איינער, איף די קני די ווינע; ער האָט פֿון איר אַרויסגעצופּט די טענער, וואָס „די שטערן האָבן מיטגענומען".

איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזן לעבן זיי. האָבן זיי אָנגעהויבן אונטערצוכאַפּן, מיט אַ שטילן פֿאַרדבקעטן ניגון, די טענער פֿון דער ווינע. איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען, צי דאָס באַגריסן זיי מיך מיט זייער „אַסוואַראַס", צי דאָס איז דער אויסדרוק פֿון אייגענער באַגייסטערונג. אויף וויפֿיל איך האָב זיך אין דער טונקלקייט געקענט דורכקלייבן, זײַנען זיי געלעגן בלויז אין איינציקע ליילעכער, אײַנגעוויקלט די היפֿטן. אַזוי נאָענט צו דער נאַכט זײַנען געווען די טונקעלע, שמאָלע לײַבער און די שוואַרצלען, וואָס האָבן זיך אַרויסגעטיילט פֿון די ווײַסלען אַרוים.

— ביסט דאָך ניט קיין בריטישער, זעץ זיך אַנידער און זינג מיט אונז, — האָט אַ שטימע פֿון קרייז זיך געווענדט צו מיר.

איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזן און געפֿרעגט:

— ווי אַזוי דערקענסטו אין דער פֿינסטער, אַז איך בין ניט קיין בריטישער?

— כאַ-כאַ-כאַ, — האָבן זיך עטלעכע צעלאַכט. בריטישע טריטן ניט אַהער; ניט זיי ציט צו אונזער געזאַנג; ניט זיי טרעפֿן אַהער בײַנאַכט. דערצייל, סיר, ווער דו ביסט און פֿונוואַנען קומסטו?

דערציייל איך זיי, אַז איך בין אַ יידישער שרייבער און רייזנדער און אַז איצטער באַקען איך זיך מיט זייער לאַנד, — דערביי האָב איך זיי דערקלערט, אַז מיר רעכענען, אַז אין אינדיע זיינען פאַרהאַנען אונזערע יידן, וואָס זיינען אַהער פאַרטריבן געוואָרן מיט אַ דריט־האַלבן טויזנט יאָר צוריק פון פּאַלעסטינע.

— האַ—האַ?

— האַ—האַ?

— האַ—האַ...

האָט עס ביי זיי אַ וואונדער אַרויסגערופן און איינער נאָכן אַנדערן האָט זיך אויפגעזעצט אין אַ קרייז. איך בין כמעט אויסגעקומען אין מיטן. פון דער פינצטער אַרויס, האָבן מיך דורכגעפרווט זייערע בליקן. אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ שטילשווייגן, וואָס איז געווען פול מיט נייגעריקייט.

האָב איך געזאָגט:

— מיך האָבן צוגעצויגן אַהער די טענער פון דער ווינע. דער ניגון, וואָס איר האָט געזונגען, דערמאָנט מיר זייער אין אונזערע ניגונים.

איך האָב געבעטן, מען זאָל ווידער שפּילן און זינגען.

דער ווינע־שפּילער האָט זיך ניט געלאָזט בעטן און ער האָט גלייך אַ צופּ געטאָן די סטרונעס און די טענער האָבן מיך איצטער גענטער אַרומגעוויקלט. און ווידער האָט זיך אַרום מיר געפלאָכטן און אַוועקגעקרייזלט דער פריערדיקער ניגון. איך האָב אויך מיטגעהאָלפן און דער ניגון איז מיר געווען אַזוי נאָענט, אַזוי ווייט.

אַז דאָס זינגען און שפּילן האָט זיך פון זיך אַליין אויסגעלאָזן, האָב איך געפרעגט:

— פאַרוואָס באַדאַרפט איר האָבן אַזוי ווינציק אין לעבן?

זעט אויס, מען האָט זיך ניט גאָר אינגאַנצן דורכגעקליבן אין מיין פראַגע. און אפשר האָט מען ניט געוואָלט גלייך ענטפערן אַ מענטשן אין דער פינצטער, וואָס מען קלייבט זיך אַפילו ניט הורך, ווי זיין פנים זעט אויס. האָב איך ווידער געפרעגט:

— יאָ, איך בין אַ פרעמדער ביי אייך, אין לאַנד און אַ פרעמדער דאָ, אין באָמביי, נאָר נאָענט זייט איר מיר, איך קען אייך אַפילו

ניט זאָגן פֿאַרוואָס. איך פֿאָר אַרום איבער דער וועלט, פֿון לאַנד צו לאַנד, און איך האָב נאָך ניט געטראָפֿן אַ פֿאָלק, וואָס זאָל לעבן אַזוי אָרעם ווי איר און וואָס זאָל זײַן אין דער אָרעמקייט אַזוי צופֿרידן ווי איר, — זאָגט מיר, זײַט איר צופֿרידן מיט דעם, וואָס גאַנדהי וויל פֿון אינדיע אַרויסטרײַבן די ענגלענדער?

האָט זיך איינער אָפּ גערופֿן:

— בײַ אונדז דערציילט מען אַזאַ מעשה: אַמאָל איז אַ בראַמינער געגאַנגען צופֿוס פֿון זײַן דאָרף קיין בענאַרעס די הייליקע שטאָט, דאָרטן זיך אויסצובאָדן אין דער הייליקער גאַנגעס. אויפֿן וועג האָט ער באַדאַרפֿט אַריבערגיין אַ טײַך. ווען ער איז שוין געווען אין מיטן שטראָם, האָט ער פּלוצלונג דערהערט אַ שטימע, וואָס האָט אים נאָכגעשריען. ער קוקט זיך אום, און זעט, אַ ראַק אין טײַך! און דאָס האָט דער ראַק זיך געבעטן בײַם בראַמינער, ער זאָל אים מיטנעמען און אַוועקטראָגן צום הייליקן טײַך און דערפֿאַר וועט ער דעם בראַמינער העלפֿן, ווען ער וועט זײַן אין אַ נויט. נעמט דער בראַמינער דעם ראַק, וואַרפֿט אים אַרײַן אין זעקל, פֿאַרוואַרפֿט אים איבער פּלייצע און גייט ווײַטער זײַן וועג.

מיטאַמאָל איז דער בראַמינער געוואָרן מיד. האָט ער זיך אַנידערגעלייגט אָפּרוען אונטער אַ געדיכטן בוים און איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן. און אויפֿן בוים האָט געלעבט די מלכּה פֿון די קראָען, וואָס האָט בשותּפֿות געמאַכט מיט אַ גרויסער, גיפֿטיקער שלאַנג, אַז בעת עמעצער וועט זיך אַנידערלייגן אונטערן בוים, זאָל די מלכּה פֿון די קראָען צו וויסן געבן דער שלאַנג, וועט זי זיך אַראָפּלאָזן און אײַנבײַסן דעם מענטשן. יעמאָלט פֿלעגט די מלכּה צונויפֿרופֿן אַלע אירע קראָען און מען האָט געמאַכט אַ סעודה אונטערן בוים...

ווען דער בראַמינער איז שטאַרק געשלאָפֿן אונטערן בוים, האָט די מלכּה פֿון די קראָען געגעבן צו וויסן דער שלאַנג און תּיכּף איז די שלאַנג געקומען און דערהרגעט דעם בראַמינער, און ווען די מלכּה פֿון די קראָען האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויפֿן טויטן בראַמינער, האָט זי באַמערקט, אַז בײַ אים אויפֿן פּלייצע, אין אַ זעקל, רירט זיך עפּעס. נעמט די מלכּה פֿון די קראָען און קוקט אַרײַן אין זעקל, און וויל זען, וואָס דאָרט אינעווייניק איז. טוט זי דער ראַק

אַ כאַפּ אָן מיט זיינע קלעשטשעס און לאָזט ניט אָפּ! בעט זיך די קראָ ביים ראַק, אַז ער זאָל זי אָפּלאָזן. זאָגט דער ראַק: — „איך וועל דיך נאָר יעמאָלט אָפּלאָזן, ווען דו וועסט הייסן דער שלאַנג, אַז זי זאָל אויסזויגן צוריק דעם גיפט פון בראַמינערס לייב און מאַכן אים צוריק לעבעדיק“.

די מלכה פון די קראָען האָט געמוזט טאָן, וואָס דער ראַק האָט געהייסן, און די שלאַנג האָט אויסגעזויגן צוריק די גיפט פון בראַמינער, ביז דער בראַמינער איז לעבעדיק געוואָרן.

ווידער איז געוואָרן שטיל. איך האָב אַליין באַדאַרפט אַדורכ־נעמען דעם נמשל פון דעם משל אַרויס. און איך האָב בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין, וועמען ער האָט געמיינט מיטן בראַמינער, ווער איז דער ראַק און ווער זיינען די שלאַנג און די קראָען. פונ־דעסטוועגן איז מיר פאַרשטענדלעך געוואָרן, ווי אַזוי אַ גאַנץ פאָלק קען אַזוי פיל זיך איבערגעבן דער שטילער נאַכט און צו די שטימונגען פון דער נאַכט.

קיין בעסערן ביישפיל ווי די דאָזיקע נאַכט אין באָמביי, האָב איך ניט געקענט געפינען. דאָס, וואָס מען האָט מיר געענטפערט אויף מיין פראַגע, איז דאָך ניט וויכטיק. וויכטיק איז, אַז דאָס פאָלק האָט נאָך אַ מעשה צו דערציילן וועגן אַ ביטערער ווירקלעכקייט און מיט דעם פאַרזיסט מען אַפילו דעם ביטערן פאַלן.

די אייגענע נאַכט, אומקערנדיק זיך אַהיים אין מיין האָטעל אַריין, האָב איך געטראָפן, אַז אין דעם גרויסן עס־זאַל האָט געשפילט אַן אָרקעסטער ענגלישע און אַמעריקאַנישע טענץ און מיט־לידער פון די פופצן טויזנט, דאַמען און הערן, אין אָוונט־קליידונג, האָבן געטאַנצט צום טאַקט פון דער שרייענדיקער מוזיק. נאָך דעם שפּילן אויף דער ווינע, איז מיר די מוזיק פון „אונזעריקן“ טאַנץ אויס־געקומען אַזוי גרילציק און פרעך.

איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, ווען איך קום אַריין אין טאַנץ־זאַל און שריי אויס: — „די באָמבייער אַכט הונדערט טויזנט אינ־דוסן האָבן זיך אויפגעבונטעוועט און זיי גייען אויף אייך!“ — אָמיר, איבער טאַנץ וואָלט זיך אָפּגעשטעלט....

מען האָט געקענט די פרידלעכע אינדוסן, וואָס האָבן גע־

מעדיטירט אַרום ווינע־שפּילער, דערציילן די מעשה פֿון בראַמינער, וואָס איז געגאַנגען קיין בענאַרעס זיך באָדן אין דער הייליקער גאַנגעס. און ווען ער האָט באַדאַרפֿט אַריבערגיין דעם דזשומנאַ־טייך, האָט זיך צום בראַמיוער געווענדט אַ קראָקאָדיל און געבעטן, ער זאָל אים אַוועקטראָגן צו דער גאַנגעס, וואו דאָס וואַסער איז טיף, אַפֿילו אין די טריקענישן פֿון אָנהויב זומער. דער בראַמינער האָט געפֿאָלגט, גענומען דעם קראָקאָדיל אין זיין זעקל אַריין און געטראָגן ביז צו דער גאַנגעס, און ווען דער בראַמינער האָט דעם קראָקאָדיל אָפּגעלאָזן אין וואַסער אַריין, האָט ער דעם בראַמינער געכאַפּט פֿאַרן פֿוס און אַריינגעשלעפּט אין דער טיף און ניט אָפּגעלאָזן — — —

און מעגלעך, אַז נאָכדעם וואָלטן זיי מיר דערציילט די מעשה פֿון אַ העלפֿאַנט, וואָס איז אַריינגעפֿאַלן אין אַ טיפֿער גרוב אַריין און ער האָט ניט געקענט אַרויס, — האָבן אים מייז אַרויסגעהאָלפֿן — — — וואָרעם דאָ קען מען אויסקומען מיט אַ משל אָן אַ נמשל, ווען אַפֿילו עס קלעפּט זיך ניט, ווי עס קלעפּט זיך ניט מיין באַזוך אין דעם אינדישן שטאָט־טייל, וואו די טויזנטער זיינען אַרויסגעקומען פֿון די דושנע הייזער און זיך אויסגעלייגט דרויסן, צו ציילן די שטערן אונטער די טענער פֿון אייגענעם אומענדלעכן ניגון, — מיט די פֿאָרשטייער פֿון די פֿופֿצן טויזנט, וואָס טאַנצן אין דער טראָפּישער היץ דעם שווערן טאַנץ, באַגלייט פֿון דער גרילצנדיקער מוזיק.

אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן מיט הונדערטער יאָרן צוריק; דעם סליאַד פֿון דער „אָסט־אינדישער געזעלשאַפֿט“ איז אין באָמביי ניט שווער צו געפֿינען. און ווי פֿאַר וועמען: פֿאַר איין רייזנדער איז באָמביי די מאָדערנסטע שטאָט אין אינדיע, וואו מען קען זיך שפּירן ממש, ווי אין ענגלאַנד. און אַן אַנדערער רייזנדער קען אַריינפֿאַלן אין די אינדישע קוואַרטאַלן, וואו עס לעבן די הונדערטער טויזנטער און שפּעטער שוין פֿאַרבלענדט ווערן און ניט זען די הויפּט־גאַסן, וואו עס האָט זיך אָפּגעזעצט קולטור און ציוויליזאַציע.

מיט מיר האָט פּאַסירט, ניט ווי מיט דעם ערשטן רייזנדער, כאָטש איך בין אָנגעקומען קיין באָמביי דורך דער הויפּטגאַס.

---

# דער טורעם פון שטילשווייגן

די פּאַרסיער אין אינדיע טיילן זיך שטאַרק אַרויס פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג מיט זייער אויסזען, וואוקס און אויסערלעכער נגידישער האַלטונג. די פּערסישע אָפּשטאַמונג האָט געלאָזן אין פּנים כאַראַקטער-שטריכן, וואָס זיינען אין אינדיע ראַפינירט געוואָרן. זיי פילן אָן באַמבײַ, מיט איר אַריסטאָקראַטיש-אייראָפּעיִשן שטאָט טייל. אין די הויפּט-גאַסן באַוועגן זיך די האַלב-אייראָפּעיִש-געקליידטע פּאַרסיער, געזונטע מענער און אַריסטאָקראַטישע דאַמען, איינגעוויקלט אין שווערע זיידענע סאַרים. די מענער שפּאַצירן אין איין שורה מיט זייערע פרויען. זייער צאָל אין אינדיע איז ניט גרויס, בסך-הכל אַריבער הונדערט טויזנט נפשות. נאָר ווייל אין זייערע הענט איז קאָנצענטרירט דער גרויסשטעטישער האַנדל, דעריבער איז זייער איינפלוס שטאַרק.

נאָך אין זיבעטן יאָרהונדערט זיינען די פּאַרסיער אָנגעקומען קיין אינדיע פון פּערסיע, זוכנדיק אַ באַהעלטעניש פון דער מוסולמענישער שווערד, וואָס האָט מיט גוואַלד געוואָלט אָנהענגען אויף זיי די תורה פון מאַכמעד. זיי אַליין האָבן זיך אָפּגענייגט פון געצנדינסט און זיך איבערגעגעבן צו די הויפּט-עלעמענטן אין דער נאַטור. די פּאַרסיער גלויבן, אַז זייער גרויסער נביא זאָראָאַסטער (זאַראַטוסטראַ) האָט מיט דריי טויזנט יאָר צוריק אַראָפּגעבראַכט פון הימל דעם הייליקן פייער — די אויסשטראַלונג פון דער זון אַליין. און דעם פייער היטן די פּאַרסיער עד-היום. פאַרהאַנען טעמפּלען, וואו עס דערהאַלט זיך דער הייליקער פייער. כּוהנים וואַכן איבער אים און מיט דעם ריינסטן בוימל, מיט שמעקעדיקע האָלץ און אַלערליי שמעקעדיקע קרייטעכער דערהאַלט מען דעם פייער, אין וועלכן דאָס פאָלק זעט דעם לויטערן כּוח פון לעבן. דער קולטור-העלער פּאַרסיער לייקנט אָפּ, אַז זיינע לייט דינען צו פייער.

— פֿאַר געצנדינער האַלט מען אונז — האָט זיך אײנער פֿאַר מיר געקלאָגט — ניט נאָר פֿײַער אַלײן פֿאַרערן מיר, אונז איז הײליק דאָס וואַסער און צו דער מאַמע־ערד בויגן מיר אונזער קאָפּ... דאָס זײַנען די הויפּט־יסודות פֿון דער נאַטור.

נאָר, אַז דער מענטש שטאַרבט און עס בלײַבט נאָכן טויט דער זינדיקער גוף, מישטײנס געזאָגט, קומט אויף די פּראָבלעמע, וואָס זאָל מען טאָן מיטן טויטן גוף? געווען פֿעלקער, וואָס בײַ זײ האָט מען געטראַכט צו פּרעזערווירן דעם גוף, ער זאָל בלײַבן גאַנץ, כּדי די נשמה זאָל זיך מיט אים נאָך אַמאָל קענען באַגעגענען. און בײַ אַנדערע פֿעלקער האָט מען געקלערט פּונקט דעם היפּוך:

— ווי אַזוי ווערט מען אינגאַנצן פּטור פֿון דעם גוף? ווי אַזוי ראַמט מען אים אָפּ פֿון אַלע וועלטן, כּדי די נשמה זאָל זיך מיט אים שוין מער ניט באַגעגענען און אַזוי אַרום פּטור ווער׳ן פֿון איבעריקע עינויים, וואָס אויף איר גורל קען חלילה אויספֿאַלן דורך נײַע גילגולים.

אויך די פּאַרסיער האָבן זיך שטאַרק געבראָכן דעם קאָפּ, וואָס צו טאָן מיטן גוף פֿון מענטשן, נאָכדעם ווי די נשמה האָט אים פֿאַרלאָזן. באַגראָבן אין דער ערד — פֿאַרשוועכט מען מאַמע־ערד מיט דעם, וואָס מען לאָזט אין איר פֿוילן אַ טויטן קערפּער. וואַרפֿן דעם טויטן אין וואַסער אַרײַן, טאָר מען אויך ניט — ווי קען מען באַלײדיקן אַזאַ וויכטיקן עלעמענט, ווי וואַסער, איבערגעבנדיק אים אַ טויטן גוף? (דער היפּוך פֿון די אינדוסן, וואָס רעכענען פֿאַר אַ גליק, אויב נאָכן טויט האָט עמעצער זוכה געווען אַרײַנגעשלײַדערט צו ווערן אין אַ הײליקן טײַך אַרײַן, ווי די גאַנגעס, למשל). צו פֿאַרברענען דעם מת, איז בײַ די פּאַרסיער דער פֿאַרברעכן נאָך אַ גרעסערער. פֿײַער איז הײליק, הײליקער פֿון אַלע אַנדערע עלעמענטן. דעריבער האָט מען אויסגעפֿונען אַ פּשוטן מיטל, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פֿון בר־מינן. אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן מזרח:

מען האָט געמאַכט אַן אָפּמאַך מיטן גרויסן אָדלער, ג ר י ף, אײנער פֿון די גרעסטע און מיאוסטע רויב־פֿייגל און נבֿלה־פֿרעסער, ער זאָל אָפּראַמען פֿון דער ערד, דעם גוף פֿון טויטן מענטשן.

דער אָפּמאַך איז ניט קיין שריפטלעכער און אויך ניט קיין מינדלעכער. עס ווייזן די רויב־פויגל פון אויבנדערמאָנטן מין, וואו דער טויט טראָגט זיך פאַרביי. אוי, ווי זיי דערשמעקן דעם ריח פון אונטערגאַנג און קומען אין דער ריכטיקער צייט!

לויטן יידישן באַגריף איז אַ קללה, ווען מען וואַרפט אַ געשטאָרבענעם אַרויס פאַר די פייגל אונטערן הימל. עס הייסט: „קבורת־חמור“, באַגראָבן צו ווערן אין די געדערים פון הינט און ראָבן. די פאַרסיער האָבן דערפון געמאַכט אַ קולט. פאַרפיינערט און אַרומגעפוצט דעם גאַנצן ענין. דער אויסדערוויילטער אָרט, וואוהין מען ברענגט דעם מת איבערצוגעבן צו די רויב־פייגל, הייסט: „דער טורעם פון שטילשווייגן“.

אין באָמביי צייכנט זיך דער דאָזיקער טורעם אויס מיט אַ באַזונדערער צוגעטראַכטקייט; אָפּגעשיידט פון דער וועלט, דערהויבן אין זיין שוידערלעכקייט. דאָס לעבן לייזט זיך אויף אין דער גרינקלעך־געלייטערטער אַטמאָספערע, אַרום „טורעם פון שטילשווייגן“.

אַ באַזונדערער וועג פירט צו אַ גרויסן פאַרק, אויף אַ הויכן אָרט, פונוואַנען מען זעט די אַרומיקע געגנט, די גאַנצע שטאָט באָמביי אַרויסגעבויגן ביים ברעג פון ים־אויסגום. דער טראָפישער בלומען־ריח פאַרשיכורט די לופט. אין פאַרק געפינען זיך קיילעכדיקע טורעמס, אָדער הויכע ווענט אויסגעבויגן אין אַ צירקל, וואוהין מען ברענגט אַריין דעם מת דורך אַ נידעריקער טיר, וואָס ווערט געעפנט נאָר צוליב דעם ציל. נאָר די טויטן־טרעגער האָבן דאָס רעכט צו דער דאָזיקער טיר זיך דערנענטערן און הינטער איר דורכגיין. דער עולם באַגלייטער מוז בלייבן שטיין פונדערווייטנס.

אינעווייניק אין טורעם — אַ קיילעכדיקע פלאַטפאָרמע, משופּעדיק צום צענטער, און אַ טיפע גרוב אין מיטן. די פלאַטפאָרמע האָט דריי אָנגעצייכנטע רייען: די איבערשטע פאַר מענער, די מיטלסטע — פאַר פרויען, די דריטע, — אינעווייניקסטע — פאַר קינדער. צווישן די פינף טורעמס פון שטילשווייגן איז פאַראַן איינער, וואוהין מען ברענגט אַריין דעם קערפער פון אַזעלכע, וואָס זיינען אומגעקומען ניט מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

איך האָב געפרעגט, צוליב־וואָס מען באַדאַרף אַ באַזונדערן טורעם פאַר די, וואָס ביי אונז רופט מען זיי אָן קדושים? האָט מען מיר געענטפערט:

— ווען איינער איז געשטאָרבן ניט מיט זיין נאַטירלעכן טויט, פאַלט ער אַריין אין „פרעמדע“ הענט, אין די הענט פון ניט קיין פאַרסער. פאָליציי רירט אים אָן, פרעמדע דאָקטוירים פאַלמעסן אים, אַזאַ באַרירונג מאַכט דעם טויטן טמא. אַ אומריינער גוף קען ניט געפינען זיין אייביקע רו מיט אונז...

ווען די לויה קומט אָן צום טורעם פון שטילשווייגן, ברענגט מען אָפּפער צום הייליקן פייער, וואָס ברענט אין אַ באַזונדערן בית־המקדשל. תפילות, מזמורים און הייליקע פסוקים לכבוד דעם בר־מינן. שפּעטער ברענגען אַריין די טויטן־טרעגער דעם געשטאָרבענעם דורך דער שמאָלער, נידעריקער טיר איינוויניק אין טורעם אַריין, לייגן אים אַנידער אויף זיין פּאַסיקן אָרט און ווי נאָר די קברנים פאַרמאַכן די טיר אַהינטער זיך, לאָזן זיך אַראָפּ פון די אַרומיקע ביימער די מחנה אָדלער און אין אַ קורצער ווײַלע בלייבט פון מת בלויז אָפּגעשיילטע ביינער. די ביינער טריקענען זיך אונטער דער זון אַזוי לאַנג, ביז זיי ווערן אינגאַנצן צעשטערט. שאַרט מען די ביינער אַריין אין דער גרוב, וואָס אינמיטן, דאָרטן ווערט די איבערבלייבעכץ מיט דער צייט אינגאַנצן פאַרוואַנדלט אין שטויב. קען מען שלאַקס־רעגנס און וואַסער פאַרשווענקט דורך טיפע קאַנאַלן דעם געבליבענעם שטויב. דאָס איז דער באַגריף ביי די פאַרסיער, אַז דער מענטש איז אינגאַנצן אומגעקומען, פון אים איז גאָר ניט געבליבן און קיינער פון די גרויסע עלעמענטן איז דורך דעם ניט פאַרשוועכט געוואָרן.

„דער טורעם פון שטילשווייגן“.

נאָר די שטילקייט איז אַ שרייעדיקע, שרייעדיקער ווי די טומלדיקע לווית אין כינע, וואו אַרום דעם בר־מינן רייסט זיך די לופט פון ווילדער מוזיק און פייערווערק. דאָ איז די שטילקייט אַ געבאָדענע און אַ חוצפּהדיקע. זי קריכט אין אַלע חושים אַריין. דער שטילער, שמאָלער, ברוינהויטיקער יונגערמאַן, עלעגאַנט געקליידט, וואָס האָט מיך באַגעגנט און שפּעטער געפירט דורך דעם גאַנצן

פּאַרק, האָט זיך באַמיט צו דערקלערן מיר דעם הויכן קולט פון פייער־פאַרערונג און פון דער צניעות, מיט וועלכער זיי באַציען זיך צו מאַמע־ערד און צו אַלע גרויסע וואַסערן. ער האָט מיר ניט אָנגעוויזן אויף די רויב־פייגל, וואָס זיינען געזעסן אין דערוואַרטונג אויף די ביימער אַרום און אויף די הויכע ווענט פון דעם טורעם פון שטילשווייגן.

מיר איז כמעט ניט געקראָכן אין קאָפּ אַריין זיינע אינטעליגענטע רייד איבער לעבן און טויט. און כאָטש אין זיינע רייד איז געלעגן דער אָנדייט אויף אונזער אומריינקייט און אויף אונזער מטמא זיין דעם אייגענעם „איך" אויף יעדן שריט און טריט — איך האָב אים עס מוחל געווען: איך האָב מיר קענען מיין ווילן מיטן דמיון אַריבערגעקליבן אַריבער די ווענט פון טורעם און געזען דאָס שוידערלעכסטע בילד, ווי אויף אַ טויטן מענטשן־קערפּער לאָזט זיך אַראָפּ די מחנה אָדלערס פון די נבלה־פרעסערס און מיט געשלעג און מיט געפילדער רייסט מען די שטיקער פון טויטן גוף.

דאָס האָט אין מיין געדאַנק זיך פאַרבונדן מיט אַ בילד, וואָס איך האָב אַמאָל געזען אין אַרגענטינע, בעת אַ מחנה רויב־פויגל האָט געיאָגט אַ האָז און שטיקער פון אים געריסן, ווען ער איז נאָך מיט זיין לעצטן אימפעט געלאָפן. לאַנג האָט יענער שוידער געלעבט אין מיין געדאַנק. און איצטער, אַרום די טורעמס פון שטילשווייגן, האָט ער אויפגעלעבט אַרום די קערפּערס פון מענטשן, וואָס האָבן אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם. דאָ, אין דער אָנגעשטרענגטער שטילקייט, צווישן בלומען און טראָפּישע ביימער, האָט צו מיר געשריען דעם מענטשנס הילפלאָזיקייט אין שכנות מיט דעם „אויף יענער זייט לעבן" און פאַרשריען דעם לויטערן נאָכמיטאָג. — — —

— די פאַרשטייסט, — האָט מיר מיין עלטער באַגלייטער דערציילט (יעדעס וואָרט זיינס האָט געטריפט ווי טראָפּנס קלעפּעדיקע, לעבעדיקע וואַסער) — אויף אַזאַ שטייגער פאַראומרייניקט מען קיינעם ניט. די ערד בלייבט ריין, דאָס וואַסער — ניט פאַרשוועכט און דער עיקר, בלייבט ריין דער הייליקער פייער.

זאָג איך פונדעסטוועגן:

— פייער רייניקט אַלץ, וואָס איז אומריין. דאָס, וואָס פייער ברענט דורך, ווערט געליטעט. נאָר אין פייער באַדאַרפט איר אַייערע מתים פאַרברענען, אויב איר ווילט אָפּראַמען פון אונטערן הימל די אומריינקייט, וואָס אַ מענטש לאָזט איבער נאָך זיך.

צינדט זיך אָן אַ פּאַרטייעטע רויטקייט אין זיין טונקעלן פּנים און איצטער זע איך, וואָס פאַר אַ פאַרבאָרגענער פייער עס ברענט אין זיינע אויגן. און זיינע אויגן שפּילען אויף מיך מיט פאַראַכטונג:

— אונזער פייער איז הייליק... אונזער פייער היטן מיר פון דור צו דור. דאָס הייליקע פייער האָט אונזער נביא פון הימל אַראָפּגעבראַכט!

עס פּאַסט אָבער, אַז דווקא אין אינדיע זאָל אויך אַזאַ קולט זיך אויפהאַלטן. אַ קולט, וואָס גריבלט זיך צווישן ריין און אומריין און איז דערגאַנגען ביז צום אַבסורד, אַז אַפילו דער מענטש ביים לעבן קען זיין טמא זיין גאַנצן לעבן; ווען אַפילו ער וואַשט זיין לייב אין לויטערסטן קוואַל, ווען אַפילו ער לייטערט זיין נשמה אין דער גלויטיקייט פון האַלבן טאָג און אין די קאַלטע, אויסגעשטערנטע נעכט — ריין וועט ער קיינמאָל ניט ווערן, אויב ער קומט אַרויס פון אַ נידעריקער קאַסטע!

ווען איך בין שפּעטער ווידער געקומען אין שטאָט אַריין, איז דאָס רוישיקע לעבן פון די גאַסן ניט געווען בכּוח אָפּצווישן דעם איינדרוק פון דעם „טורעם פון שטיל שווייגן". מיר האָט זיך ניט געגלויבט שפּעטער, באַגעגענענדיק אין די גאַסן די פּאַרסיער, מענער, פרויען, מיט דעם פולן עולם-הזה-אויסדרוק אין גאַנג און אין פּנים, אַז אויף יעדן איינעם פון די לייט וואַרטן רויב-פייגל אויף די ביימער און אויף די ווענט פון טורעם, אין דער וועלט פון „שרייענדיקן שטילשווייגן".

# „מיר טויטן ניט"

1

אין אַגראַ האָב איך געוואוינט די דריטע הויז פון אַן אָנגעזעענער אינדישער פאַמיליע. די קלענערע קינדער האָבן מיך באַמערקט אַ פּאָר פאַרנאַכטן, זיצנדיק לעבן מיין שטוב און לעבן מיינע פיס אַ ווייסע קאַץ. האָט עס זיי אַפּנים צוגעצויגן און האָבן מיך אָנגעהויבן צו באַגריסן. האָבן מיך אויסגעפרעגט, פונוואַנען איך קום און וואוהין איך פאָר.

און איינער פון די קינדער, אַ יינגל פון אַ יאָר זיבן, האָט מיך איינמאָל אַ פרעג געטאָן:

— וואָס קומען די פרעמדע מענטשן צו אונז און קוקן און קוקן? וואָס זעען זיי ביי אונז?

— איר האָט גוטע מענטשן, דעריבער קומען מיר זיך באַקענען מיט אייך — האָב איך געענטפערט.

איך בין משער, אַז די קינדער האָבן איבערגעגעבן די שמועס אין שטוב און די עלטערע האָבן זיך פאַראינטערעסירט. און צי מען האָט דאָס קינד געהייסן פרעגן, צי ער אַליין האָט אויף דעם שוין שכל געהאַט, ווייל אויפן צווייטן פאַרנאַכט איז ער געקומען און האָט געפרעגט:

— דו זאָגסט, אַז מיר זיינען גוטע מענטשן, איז פאַרוואָס טוט איר אונז שלעכטס?

— קינד, איך טו דיר ניט קיין שלעכטס און איך בין ניט געקומען צו טאָן שלעכטס ניט דיר, קינד, און ניט קיינעם ניט.

דעם ענטפער האָט ער אויך, ווייזט אויס, אַוועקגעטראָגן אַהיים. וואָרעם, אַז איך בין דורכגעגאַנגען לעבן זייער הויז, האָב איך באַמערקט אַ סך אויגן, יונגע און עלטערע, האָבן פון די פענסטער און פון אַ זייט אַרויס מיך נאָכגעקוקט.

דאָס קינד האָט מיך פאַרבונדן מיטן הויז און איך האָב טאַקע אָנגעהויבן צו בענקען אַהין, ווי צו אַ הויז, וואו איך האָב אַן איינגענעם. די פראַגע: „פאַרוואָס קומט איר אַהער?" האָט געוויס ניט געהערט צום קינד, ווען אַפילו דאָס זיבן־יאָריקע יינגל האָט געפרעגט. אַזוינע פראַגן, אַז מען הערט עטלעכע מאָל — ווי ווען, מיר גייען זיי אַריין אין דער זיבעטער ריפּ אַריין. פון אַ קינד איז דאָס נאָך שווערער צו הערן.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אַן עלטערער ברודער פאַרבייגעגאַנגען, זיך פאַרנייגט צו מיר, בשעת איך בין געזעסן פאַרן הויז. איך האָב געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי איך בעט אים, ער זאָל צוגיין צו מיר. ער האָט עס געטאָן און דערביי באַמערקט:

— ביי אונז איז שענער. קומט אַ ביסל צו אונז. מיין פאָטער איז אויך אין שטוב.

איך האָב באַדאַנקט און אים נאָכגעאַנגען. ווי איך האָב פאַרשטאַנען, האָט מען אים געשיקט, ער זאָל מיך פאַרבעטן אין הויז אַריין, ווייל, ווען איך האָב זיך דערנענטערט צום שטוב, זיינען אין מיר געשטאַנען, אויסער מיין אַלטן באַקאַנטן, דעם זיבן־יאָריקן יינגל, אויך אַ מיידל פון אַ יאָר צוועלף, פאַר אינדיע אַ גאַנץ דערוואַקסענע. מיר איז אויסגעקומען פאַרבייגיין דורך צוויי שורות בלומען, צווישן זיי רויטע און און ווייסע רויזן און נעלקן פאַרשיידענע קאָלירן. און באמת האָב איך ניט קיין טבע צו רייסן בלומען פון די שטאַמען און דאָ, האָט מיך ווי אַ ניט־גוטער אַ צי געטאָן די האַנט, און איך האָב אָפּגעריסן אַ נעלקע. אַלע ווי איינער האָבן אויפגעציטערט, גלייך ווי איך וואָלט זיי מיט עפּעס אַ שניט געטאָן.

עס איז געווען פאַרנאַכט. די זון האָט זיך געהאַלטן ביים זעצן.

איך אַליין בין אויך געבליבן אויף מיין אָרט, ווי פאַרגליווערט, מיט דער ווייסער נעלקע אין האַנט. געוויס בין איך רויט געוואָרן פאַר אומבאַקוועמלעכקייט, אָדער פּשוטער חרפּה. איך האָב אַליין ניט געהאַט קיין אויסדרוק פאַר מיין פאַרברעכן. נאָר דאָ האָט דאָס מיידל אַ זאָג געטאָן, כמעט ווי פאַר זיך אַליין:

— די בלומען שלאָפן האָך שוין.

און דער אַלטער באַקאַנטער מיינער, דאָס זיבן־יאָריקע יינגל, האָט נאָכגעזאָגט מיט דער שוועסטערס שטימע:

— מיר טויטן ניט...

האָב איך באַדאַרפט אַ גרעסערע שטאָף נאָך, פאַר מיין זינד אָפּצורייסן אַ בלום אין צייט פון זונפאַרגאַנג, ווען בלומען קלייבן זיך שוין שלאָפן.

אינסטינקטיוו בין איך אַריין אין שטוב. מען האָט מיך פאָרגעשטעלט דעם פאָטער, אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, וואָס פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט. די מוטער האָט זיך ניט באַוויזן אינגאַנצן, אפשר האָט זי זיך צוגעקוקט דורכן פענסטער, ווי אַזוי דער אומבאַקאַנטער איז אָנגעקומען און, ווי שפּעטער, איז ער באַגאַנגען דעם פאַרברעכן רייסנדיק אַ לעבעדיקע בלום, ווען די בלום האָט זיך געקליבן שלאָפן.

דער שמועס אין שטוב האָט זיך ניט געקלעפּט. די קינדער האָבן געקוקט אויף מיינע הענט און איך אַליין האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז די קינדער זעען בלוט אויף מיינע פינגער. און אפשר הערן זיי דאָס קרעכצן פון דער פאַרוואונדעטער בלום. עס פאָרט דאָך איצטער אַרום אַ אינדישער באָטאַניקער איבער דער וועלט און דעמאָנסטרירט אַ לעבעדיקע האַרץ ביי די בלומען. וואו נאָך האָט געקענט געבוירן ווערן אַ באָטאַניקער, וואָס זאָל אַנטדעקן אַ צאַפּלדיק האַרץ ביי די בלומען?

2

„מיר טויטן ניט!“

און שפּעטער האָב איך דאָס ניט איינמאָל געהערט אין אינדיע. ניט איינמאָל בין איך אַזוי געשטרויכלט געוואָרן און ניט געפינען די ווייכע טריט, ווי אַזוי אומצוגיין אין לעבן, אַז מיינע טריט זאָלן שווער ניט טרעטן, אַז מיינע טריט זאָלן ניט אָנטרעטן האַרט, וואו עס טוט וויי.

„מיר טויטן ניט!“

וויפיל חטאים מען זאָל ניט אויסרעכענען אויף זיי, וויפיל קרומקייטן מען זאָל ניט געפינען אין זייער פסיכאָלאָגיע; וויפיל מען זאָל

נים געפינען קיין נאַוויטעטן אין זייער אַרט דענקען און, ווען אַפילו עס זאָל שאָקירן ביז צום פאַרצווייפלונג דאָס, וואָס צו דער געטין קאַלי ברענגט דאָס פאָלק קרבנות, — פונדעסטוועגן איז דאָס אינדישע פאָלק דאָס איינציקע, וואָס קען זאָגן:

— מיר טויטן ניט.

גאַנץ אָפט איז מיר אויסגעקומען צו ריידן אין אינדיע מיט ענגלענדער. שווער צו זאָגן, וועמעס באַציִונג צום אינדוס איז אַ נאָרמאַלערע, צי פון דעם בריטישן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אייראָפּע, צי פון דעם, וואָס איז אין אינדיע געבוירן געוואָרן. אין מיינע באַאָבאַכטונגען האָב איך קיין גרויסן אונטערשייד נים געפונען. פון ביידע צדדים האָט מען זיך געקלאָגט:

אַ גאָר פרעמדע פּסיכאָלאָגיע איז ביי זיי. מיר פאַרשטייען זיך נים. מיר ווילן זיי יאָ פאַרשטיין, נאָר זיי אונז ניט.

פאַרוואָס רופט עס אַרויס אַזאַ חידוש ביים בריטישן? איז דען נאָר דעם אינדוס, וועמען ער וויל פאַרשטיין און קען ניט? דער אינדוס איז פאַר אים אַ קליין, נאַיוו קינד, וואָס באַדאַרף נים פיינט האָבן דער מאַמען, ווען זי פאַטשט אַמאָל אָן איבער די הענטלעך אויך.

נאָר דאָ, אין אינדיע, פאַרשטייט מען זיך ניט צוליב דעם: „מיר טויטן ניט". דער בריטישער באַגרייפט ניט אַזאַ נאַיוויטעט.

אין בענגאַליע האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט אַ מיטליאָריקער ענגלענדער, אַ געבוירענער אין אינדיע, וואָס האָט אַ גאַנצן לעבן געשטרעבט, אַז די אינדוסן זאָלן אים פאַרשטיין און ביים שטערבן איז ער געבליבן.

— „שטעל זיך פאָר, — זאָגט ער צו מיר, — האָסט דאָך אַוודאי באַמערקט אין אינדיע די מחנות היימלאָזע הינט, וואָס שלעפן זיך אַרום אין די גאַסן. אַזעלכע אויסגעהונגערטע, בלאָטיקע, קרעציקע הינט, מיט איינגעפאַלענע און אויסגעשטאַרצטע ריפּן? אָ, ווער באַגעגנט זיי ניט! וואָס קען מען טאָן דערצו? דער ענגלענדער איז אַ ליבהאָבער פון הינט. אויב דו ביסט געווען אין ענגלאַנד, האָסטו זיך געקענט אין דעם איבערציינגן. דאָ שניידט ממש ביים האַרצן.

אָנהייבן זיך אָפּגעבן מיט די הימלאָזע הינט פֿון גאַנצן לאַנד, איז דאָך אוממעגלעך, האָב איך געטראַכט:

„נאָכדעם, ווי איך וועל אויסדינען מײַן טערמין בײַ דער רע־גירונג און ווערן אַ פֿרײַער מענטש, וועל איך זיך קענען אָפּגעבן מיט הומאַניטאַרישער אַרבעט. מיר איז געלעגן אין זינען עפּעס צו טאָן פֿאַר די אומגליקלעכע הינט אין מײַן שטעטל, וואו איך האָב געוואוינט.

„איך האָב געלאָזט אויסבויען אַ שטוב פֿון ציגל. אָנ־געהאַלטן צען פֿאַריער, אַ גאַנצן שטאַט ממש אָנגעהאַלטן פֿאַר די הימלאָזע הינטס וועגן. וואו מען האָט אַזאַ אומגליקלעכן הינט ער־געץ־וואו געכאַפּט, האָט מען אים געבראַכט צו מיר. אין פֿאַרלויף פֿון צוויי וואָכן האָט מען דעם הונט געגעבן צום עסן פֿון אַלדאָס בעסטע. געוואַשן און געהיילט, אַראָפּגענומען פֿון אים די צרות, און דערנאָכדעם, אויב עמעצן איז געפֿעלן געוואָרן צו אַדאָפּטירן אַזאַ הונט, איז גוט, און אויב ניט, האָט מען אויפֿן סוף פֿון די צוויי וואָכן, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעלעבט אַ לעבן אין וואוילטאָ־ גו, האָט מען אים געשאָסן.

„דאַכט מיר, אַז קיין מער הומאַניטאַרישער אַרבעט האָב איך ניט באַדאַרפֿט זוכן... די אינדוסן האָבן עס געמעגט באַגרײַפֿן, אַז אַזאַ טאַט קומט פֿון אַ ריינעם רחמנות־געפֿיל — האָב איך עס אָבער אין אַ קורצער צײַט אַרום געמוזט אויפֿגעבן".

ער האָט זיך טרויעריק פֿאַרטראַכט.

— פֿאַרוואָס האָסטו עס געמוזט אויפֿגעבן? — האָב איך נאָך געפֿרעגט.

— מיר איז שווער געוואָרן איבערצוגיין די גאַס. די אינדוסן האָבן אויף מיר געקוקט מיט שרעק. פֿון די ווינקלען געטײַט אויף מיר מיט די פֿינגער, פֿאַרוואָרפֿן מיט בקשות, איך זאָל עס איבער־געבן. און דער עיקר, די זילזולים אויף די בריטישע: „קענען זיי ניט דערגענען קיין אומשולדיקע מענטשן — דערגענען זיי אומשולדיקע הינט. אַזוי בלוטדורשטיק איז דער ענגלענדער..."

— פרעג איך דיך, ווי אַזוי קען מען זײן געגרעכט אין די אויגן פון די דאָזיקע מענטשן? שוין עטלעכע דורות, אַז מיר דערציען זײ, און געבליבן זײנען זײ דאָרט, וואו זײ זײנען געווען.

יאָ, מען האָט זײ ניט אויסגעלערנט, און זײנען געבליבן, וואו זײ זײנען געווען.

אין דער וועלט־מלחמה אַרײַן האָט מען זײ געשלעפּט. אױ־סער די הויכע און בערדיקע פוּנדזשאַבאַם, ווייסט דער גרעסטער טייל פון אינדישן פאָלק ניט ווי אַזוי מען האַלט אַ ביקס אין האַנט און ווי אַזוי מען פירט מלחמה. די רעגימענטן, וואָס מען האָט אַוועקגעפירט צום פראַנצויזישן פראָנט, האָבן דאָרט אויך גע־שריען: „מיר טויטן ניט!“ האָט מען הינטער זײ געשטעלט מאַשין־ביקסן און געצוואונגען טויטן.

דערציילט מען, אַז זײ האָבן זיך טאַקע ליבערשט געלאָזט טויטן. אַזוי זײנען גאַנצע רעגימענטן אומגעקומען.

מען קען זאָגן, אַז דער אינדוס דרימלט, אָדער חלומט אין אַ וועלט, וואָס איז וואַך. צו־אָנגעשטרענגט איז ער געווען אין אַלע צייטן צו יעדן שאָדן אין דער נאַטור. ער האָט זיך אַליין אינטער־טעניק געמאַכט צו דעם וואַכערן כּוח. דער טיגער פון דזשאָנגל, וואָס איז דער בראַווסטער פון צווישן די פאַר־צוקנדיקע חיות — ער האָט רעכט אויף דעם. איז דער מלך פון דזשאַנגל. דער דורכ־שניטלעכער אינדוס וועט דעם טיגער ניט אָנרופן ביים נאָמען, אָן יראת־הכּבוד. לעבן איז אויך פאַרהאַן אין דער קלײנער מוראַשקעלע. און וואָס סע לעבט, מאַכט שוין קײן שאָדן ניט, ווען עס פאַר־דאַרבט דעם מענטשנס מי. ווייל, וואָס איז דער מענטש פאַר אַן אויסדערוויילטער, וואָס זאָל אַלץ מעגן? זאָל אַלץ קענען אונ־טערטעניק מאַכן? דער מענטש באַדאַרף מיטלעבן מיט־אַלץ און ער באַדאַרף עס טאָן אײדל. באַדאַרף אַליין לעבן און לאָזן לעבן אַלץ אַרום זיך.

עס קענען די חיות און עופות פון דזשאָנגל, צי פון פעלד, דעם כאַראַקטער פון דעם אינדוס. דערשמעקן אים פונדערווייטנס. דער פיינער אַנטילאָפּ, וואָס קען פאַר אַ גרויסן שטח דערשמעקן דעם ריח פון אַ מענטשן און פון אים זיך אויסבאַהאַלטן — ער האָט

ניט מורא פאַרן פייער. דער פייער זייט אין פעלד פאַר זיך און פאַר דעם הירש אויך. ער זייט פאַר די מאַלפּעס און פאַר די ווילדע פּאַוועס.

אַפילו די ווילדע חיות דערשמעקן דעם ווייסן מענטשן און אַנטלויפן. זיי האָבן דערשפּירט, אַז דער ווייסער מענטש איז געקומען קיין אינדיע און זיך אָנגעזעצט אויף זייער לעבן. די חיות ווייסן און גיבן איבער איינס צום אַנדערן מיט אויסגעשרייען די דערנענטערונג פון אַ ווייסן מענטשן.

די ווילדע קאַטשקעס אין אינדיע, וואָס ווי נאָר עס ווערט וואַרעמער, אָנהייב פרילינג, פאַרלאָזן זיי די אינדישע טאָלן און פּליינען, וואו עס איז גענוג שפּייז פאַר זיי און לאָזן זיך אַוועק אויף טויזנטער מיילן קיין טיבעט, באַדאַרפן אַריבערפליען די הימאַלאַיער בערג — דאָך האַלט עס זיי ניט אָפּ. אין טיבעט לאָזט מען זיי לעבן. און דאָרטן, אין די אָזערעס טוט זיי קיינער קיין בייז ניט. דאָרט ברענגען זיי אויף זייערע קליינוואַרג. דאָרטן צילט קיינער ניט צו זיי פון אַ ווינקל. דאָרטן האַלטן זיי זיך ביז דער אייז פאַרשמידט די אָזערעס, ביז עס קומט דער שווערער ווינטער.

איך האָב זיי געזען אין לבנה-נעכט, ווען זיי האָבן געצויגן דורך די הימאַלאַיער בערג צו טיבעט צו, האָבן אַראָפּגעוואָרפן אויסגעשרייען צו דער ערד. דאַכט מיר, זיי האָבן געשריען:

„דערלייזונג: באַלד זיינען מיר ווידער דאָרט, וואו קיינער וועט אונזער לעבן ניט צעשטערן“.

אין אינדיע איז די היים פון דער טעאָסאָפישער לערע. דאָ זוכט מען נאָך דעם געדרייטן שטעג פון מענטשנס נשמה, וואָס וואַנדלט און שפּאַרט זיך דורך, דורך מיליאָנען לעבנס, וואַנדערט און וואַנדלט פון גוט צו בעסער און פון שלעכט צו ערגער. די אַטמאָספערע איז אָנגעפילט מיט עכטע לעבנס. אַ גרעזעלע באַוועגט זיך, אַ בלעטעלע שאָקלט זיך אויפן צווייג; אַ בלום הוידעט זיך, אַ מוראַשקע איז דורכגעקראָכן; אַ שפּין וועבט אַ שפּינוועבס; אַ קרעציקער הונט דראַפּעט זיין פעל און רייסט אויף זיין צרעת, אַ רויבפויגל צירקלט אין דער לופטן און אַ טויב וואָרקעט אויפן דאַך. — —

— אַלע זיינען די חי־ערטער, אָדער די פּלאָג־ערטער, וואו אַ נשמה האָט זיך אַריינגעקליבן, איז געבענטשט געוואָרן, אָדער פאַרשאָלטן געוואָרן צו לעבן נאָך אַ לעבן, וואַנדערן פון עטאַפּ צו עטאַפּ און שלאָגן זיך פאַר יעדן טריט נעענטער צו גירוואַנאַ: צום סוף פון אַלע לעבנס. צום סוף פון אַלע נשמות.

איז דאָס שרעק פאַרן לעבן? שרעק פאַר'ן ווייטערדיקן עקסיסטענץ? פּעסימיזם בליט אין אינדיע. עמעצער שרייט אַריין אין לעבן: הבל־הבלים. אַלץ איז ניט געשטויגן און ניט געפלויגן אויף דער ערד. עס לוינט ניט, זאָל דער שטאַרקער הערשן, ביז אים וועט ניט גוט ווערן. זאָל ער, ביז זיין צייט וועט קומען, אָדער זאָל ער, ביז דער גוטער גייסט וועט איבער אים שולט זיין.

און פון וואָס טראַכטן טאַקע די הונדערטער און טויזנטער, וואָס האָבן אָפּגעגעסן דאָס הייפעלע רייז און זיך אַנידערגעלייגט ביים דייט גאַס חלומען אונטער דער זון? און וואָס לייגט זיך אויף אין מהות פון די טויזנטער, וואָס קלייבן זיך אַרויס ביינאַכט פון די ענגע שטיבלעך זייערע און לייגן זיך אויס אויף דער ערד, און קוקן אין די שטערן אַריין? אָדער וואָס טראַכט מען אין די גרויסע טריקענישן, ווען מיליאָנען לעבנס בלייבן שטיין מיט אויסגעטריקנטע גלידער אַנטקעגן דעם הונגער, וואָס דערנענטערט זיך? און ווען אַ פּלאָג ברעכט אויס און קריכט נידעריק ביי דער ערד און קאָשעט אונטער די איינוואוינער פון די דערפער; ווען אַ גאַנצער דאָרף מענטשן אָנגעשטעקטע מיט פּאָקן לאָזן זיך לויפן, אונטערגעצונדענע מיטן בראַנד פון אייגענעם לייב; מען לויפט מיט קינדער אויף די הענט אָנגעצונדענע און אַזוי לויפט מען ווי פון אַ שרפה אַרויס, פאַלנדיק אין וועג אונטערגעקאָשעטע, אָדער אין צייט פון מאַסן, אין צייט פון די גרויסע רעגנס, ווען די הייליקע טייכן גייען אַרויס פון די ברעגעס און טרייבן אָן אַראָפּטראָגן די ליימענע, צי פון קאַמיש געפלאָכטענע הייזלעך, פאַרשלעפנדיק לעבעדיקע מענטשן, קו און ציג — אַלצדינג לויפט, אָדער ווערט געשלעפט און ווייסט ניט פון קיין ווידערשטאַנד.

יעמאָלט ציט מען די הענט צו אַלע געטער, וויפיל דער זכרון קען נאָר פאַרנעמען. יעמאָלט מורמלען די ליפּן אונטערשטיל, צי

מען שרייט אין דער הויך איבערצושרייען דעם אייגענעם פחד. ניטאָ אַזאַ הילפלאָזע מאַסע, ווי די אינדישע, ווייל יעדער איינער איז מער פאַרטאָן אין זיין נשמה, ווי אין זיין גוף. אַיעדער איינער קען זיין נשמה בעסער ווי זיין גוף. וואו איז דער יונגער ווילן? וואו איז דער אייגענער באַשאַפענער ציל און דאָס שטרעבן צו אים? וואו איז דער ווילן, וואָס טראָגט זיך, ווי די איבערגעפולטע טייכן, רייסנדיק מיט זיך טיף־איינגעוואָרצלטע ביימער?

ווי לאַנג האָט די כינעזישע הונדערט־מיליאָניקע מאַסע ניט געשפירט די וואָרצלען פון אייגענעם ווילן, און ככדר דעם אייגענעם גורל געזען אין די הענט פון די אונטערדריקער? דאָרטן דערוואַכט ערשט דער ווילן פון פאָלק, וואָס איז געלעגן אין הינערפלעט פון די אוראַלטע צייטן אָן. דאָרטן זעט מען איצטער דעם הערקולעס, וואָס האָט דערשפירט זיין גבורה און קען זיך אויף קלאָר ניט דערקלייבן, ווער עס האַלט אויף אים די הענט.

אין רוסלאַנד האָבן די מאַסן איבערגעשפרונגען אויף די פיס, ווי עס שפרינגט אויף אַ יונגער לייב בעת דער פרימאָרגן טוט אַ קלאַפּ אין זיין קאַרק.

און אינדיע — מען דינט צו דער קאָברא־שלאַנג. מען גיסט קאָקאָנס־זאַפט אויפן קאָפּ פון אַ קופערנער קאָברא־שלאַנג אין די טעמפּלען. און די קאָברא־שלאַנג, בשותפות מיט אַנדערע שלאַנגען, הרגענען אַוועק אין אינדיע ביז צוואַנציק טויזנט מענטשן אַ יאָר. טראָגט מען מילך צו די לעכער, וואו די שלאַנגען האַלטן זיך אויף. יאָ, דער אינדוס שטעלט אַנידער מילך פאַר די גיפטיקע שלאַנגען! אמת, ער שיט אויך אָן צוקער פאַר די מוראַשקעס־וועגן. שאָדט ניט, וואָס זיי פאַרדאַרבן זיין פונדאַמענט; פאַרדאַרבן אים זיין פעלד. זיי לעבן און זיינען שטאַרקער פון אים. ער גיט זיי זיך אונטער. זיין אונטערטעניקייט איז מיט אים אַ געבוירענע.

איז דען אַ חידוש, ווי אַזוי אַ גאַנץ פאָלק טראָגט די אונטערטעניקייט צו אַ פרעמדער נאַציע, וואָס האָט דאָ אַזאַ קליינע פאַרשטייערשאַפט. דער ווייטער פייף פון די קריגשיפן איז גענוג צו דערמאָנען, אַז מען איז אונטערטעניק. מען לעבט אין אַ דור פון

חשכות, פינף טויזנט יאָר דויערט עס שוין, און ווערן זיך אַנטקעגן אַ פינסטערניש מיט די הוילע הענט איז דאָך אַ משוגעת — ווי מען קען פאַר דער צייט די נאַכט ניט אָפּווענדן פון לעבן, ווי מען קען ניט פאַר דער צייט אַראָפּברענגען דעם רעגן אויף דער ערד, ווי מען קען ניט באַפעלן די גאַנגעס, אַז אירע וואַסערן זאָלן זיך אומקערן און אַוועקשטראָמען צוריק צו די הימאַלאַיען.

3

פאָרנדיק דורך די צענטראַלע פראָווינצן פון אינדיע, איז מיר אויסגעקומען צו זיצן אַ טאָג צייט אין איין קופע מיט אַן ענגלישן אָפיציר. ער האָט געוואוסט, אַז איך קום פון אַמעריקע און דעריבער איז ער געווען באַזונדערס העפלעך. עפּעס האָט אים געקוועטשט די גאַנצע צייט אונטערן צונג. דווקא מיין ווינציק ריידן האָט אים באַאומרויקט. איך האָב אַ פּאָר מאָל אָנגערירט אייראָפּעיִשע ענינים, דערמאָנט די וועלט-מלחמה, נאָר קיין וואָרט האָב איך ניט פאַרוואָרפן וועגן אינדיע. אים האָט עס געבייצט און אפשר האָט ער אין דעם אַ שטיקל חשד דערזען.

— פאָרן זייער פיל אַמעריקאַנער אַהער, — האָט ער אַרויסגעפּיפּקעט אינאיינעם מיט דעם רויך פון זיין ליולקע — זיי זיינען אַ סך שולדיק אין דעם, וואָס די אינדוסן בונטעווען. האָסט דאָך געהערט פון דער מאַדאַם ביזאַנט — אויך אַן אַמעריקאַנערין געווען, ווען מיר שיקן זי ניט אַרויס, ווער ווייסט צו-וואָס פאַר אַ שווערער לאַגע זי וואָלט דערפירט. באמת האָט מען אַזאַ איינער באַדאַרפט „צושטעלן צום וואַנט" דערפאַר.

אויף דעם האָב איך אויך ניט געענטפערט.

האָט ער געפרואווט אַן אַנדער אויסוועג:

— איר האָט זיך איינגערעדט, אַז ענגלאַנד באַהערשט די וועלט. דאָס איז ניט אמת. אַמעריקע באַהערשט די וועלט איצטער. ספּעציעל נאָך דער וועלט-מלחמה. און ענגלאַנד פירט די וועלט. מאָל דיר איצטער אויס די וועלט אָן ענגלאַנדס פירערשאַפט. כאָטש נעם אינדיע, אַזאַ הילפלאָזע באַשעפעניש מיט דריי הונדערט מיליאָן קעפ:

דאָס האָט זיך דאָך אַרויסגעוויזן אין דער וועלט-מלחמה — אַז מען האָט פון זיי מאָביליזירט עטלעכע רעגימענטן, האָבן זיי נאָר דעמאָראַליזירט דעם פראָנט מיט זייער פחד. אַ פאָלק, וואָס קען זיך ניט באַשיצן און קען דעם אַנדערן אויך ניט באַשיצן. איך ווייס ניט, וואָס אַמעריקע וואָלט געטאָן מיט זיי.

— פון דעם איז קיין באַווייז ניט — האָב איך געזאָגט — אַמעריקע טוט ניט קיין צופיל גוטס די רויטע אינדיאַנער ביי זיך אין לאַנד אויך.

ער האָט עס ניט פאַרשטאַנען און האָט זיך הויך צעלאַכט.

דערווייל איז דער צוג אַריין אין אַ אידילישער געגנט. עס איז געווען פונקט שניט-צייט און די פויערים זיינען געווען אין פעלד. איבער אונזער צוג האָט זיך אַריבערגעטראָגן אַ מחיה פאַוועס און מיט זייערע גינגאָלדענע קאָלירן רעפלעקטירט אין דער פאַרנאַכטיקער זון. דער צוג איז געגאַנגען פאַמעלעך און מען האָט געקענט זען, ווי זיי האָבן זיך אַראָפגעלאָזן אויפן פעלד צווישן די פויערים.

— אָט זעסטו אים, דעם אינדוס — האָט דער אָפיציר אָנגעוויזן מיטן פינגער דורכן פענסטער, אָט, דאָס איז ער! גרוישע אים די ביינער, וועט ער עס אויך פאַרנעמען ווי אַ ברכה פון די געטער. אָט זעסטו, צוויי הירשן פיטערן זיך ניט ווייט פון פויער, וואָס שניידט — אָ, צום טייוול, ווי קאָמיש דאָס זעט אויס! אָ, אָ, מיך וואָלטן זיי שוין דערשמעקט. וואָלסט זען, ווי פאַר אַ מייל וואָלטן זיי מיך דערשמעקט און זיך געלאָזט לויפן אין דזשאָנגל אַריין!

— זיי טויטן ניט, האָב איך געזאָגט, און דאָס איז אַ הויכע מדרגה. די חיות ווייסן עס.

— יאָ, די חיות ווייסן עס, און אומפאַרשעמט טויטן זיי דערפאַר טויזנטער אינדוסן אַ יאָר. האָסטו זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז אינמיטן העלן טאָג זאָל אַ טיגער אַרויס פון דזשאָנגל, גאַנץ רויק אַריין אין אַ דאָרף און אויסקלייבן פאַר זיך אַ פעטן אינדוס און רויק אַוועק צוריק?! האָסט אַוודאי געהערט דערציילן פון דעם און געטראַכט, עס איז אַ באָבע-מעשה. יעס, סיר, איצטער ביסטו אין דעם לאַנד, וואו אַזעלכע מעשיות פאַרלויפן טאָג-טעגלעך. אַז אַ טיגער ווערט אַלט און קען זיך שוין מער ניט נאָכיאָגן נאָך אַנטילאָפן, יעמאָלט

הייבט ער אָן צו עסן בראַמינער. ווייל די בראַמינער זײַנען פֿעטע, אײַנגעפּאַשעטע — כאַ—כאַ—כאַ! — יאָ, זיי טויטן ניט, דאָס איז אמת, האָט ער נאָך ווי פֿאַר זיך אַליין איבערגעחזרט — און דער וואָס טויט ניט, דער לעבט אַליין אויך ניט.

און ווי ווייט איז דער מהלך פֿון דעם דאָזיקן אָפּיציר, ביז דעם פֿויער, וואָס איך האָב באַגעגנט אין צענטראַל־אינדיע, איינמאָל אַ ביטאָג, וואָס איז געפֿאָרן מיט אַ פּאָר אָקסן אײַנגעשפּאַנט אין וואָגן און דער וועג זײַנער איז אים פּלוצלונג אָפּגעשניטן געוואָרן צוליב דעם, וואָס ער האָט ניט געוואָלט טויטן? פֿון דערבײַיקע זומפּן, פֿון ביידע זײַטן וועג, זײַנען אַרויסגעשפּרונגען אָן אַ צאָל קליינע זשאַבעלעך און געדיכט פֿאַרפֿולט דעם גאַנצן וועג, אוממעגלעך געווען דורכצופֿאָרן, אָדער דורכצוגיין, אַז מען זאָל ניט צעטרעטן קיין זשאַבעלעך. דער פֿויער האָט זיך אינגאַנצן פֿאַרלאָרן. אין ערגעץ האָט ער געאײַלט מיט זײַן משא און די קליינע באַשעפֿענישן האָבן אים פֿאַרשטעלט דעם וועג. מילא, אַליין ווי אַליין, ער וואָלט זיך שוין אויסגעהיט ניט אָנצוטרעטן, אָבער די אָקסן, די רעדער פֿון וואָגן — וואָס מאַכט מען מיט זיי? וויפֿיל ער האָט די זשאַבקעלעך ניט געטריבן צוריק אין וואַסער אַרײַן — עס האָט ניט געהאָלפֿן. איך בין אַרײַן אין זײַן לאַגע און האָב אים אַ שטיק וועג אַרויסגעהאָלפֿן, אַראָפּטרײַבנדיק די זשאַבעס פֿון וועג.

וואָס וואָלט דער ענגלענדער געזאָגט אויף דעם? ווי וואָלט אויך אים געווירקט דער פּיינלעכער אויסהזק פֿון פֿויער? געוויס וואָלט ער געמאַכט דעם אייגענעם אויספֿיר:

„ווער עס טויט ניט, דער לעבט ניט".

4

זײַנען אָבער מדרגות פֿאַראַן אין אינדיע, וואו מען קען ניט אַרויסשטעלן דעם דעוויז: „מיר טויטן ניט". אַלערליי קאָנטראַסטן טרעפֿן זיך אויף דײַן וועג אין אינדיע. עס וואָלט קיין שום גראָבער שטריך אין לעבן דיך ניט אַראָפּגעשטויסן פֿון דײַן געדאַנקענגאַנג. בײַם אייראָפּעער באַדאַרף מען ניט זוכן מיט קיין לאַמטערנע זײַנע

חמאס; דער אייראָפּעער האָט אין לעבן ניט אַרויסגעשטעלט דעם דעוויז: „מיר טויטן ניט". בנוגע דעם ווייסן מענטשן איז צוגעפּאַסט די ווייזהייט: „ווער עס טויט ניט, דער לעבט ניט".

אין אינדיע פאַרטראַכט מען זיך אַליין ניט ווילנדיק, ווייל, דאָס, וואָס דו דערוואַרטסט ניט, קומט דיר אַנטקעגן.

דאָס איז געווען אין דער אייגענער אַגראַ, אין דעם אייגענעם האָטעל, וואו איך האָב מיר באַגעגנט מיט מיין זיבן-יאָריקן פריינט, צוליב וועלכן איך האָב אַזוי שווער פאַרזינדיקט, אָפּריים דיק אַ בלויז נאָך זונפאַרגאַנג — און צוליב וועלכן איך האָב עטלעכע טעג ניט געקענט אָפּווישן מיין חרפּה פון פּנים.

מיין צימער, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ איינגאָרנדיק הויז, איז אַרויסגעקומען מיט טיר און פענסטער אין אַ בלומען-גאָרטן אַריין. עטלעכע פּאַלמען-ביימער און אַ געדיכטבלעטערדיקער מאַנגאָ-בוים האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן דאַך. אין צימער גופא איז אַנטקעגן דעם דרויסן געווען טונקעלער. בכיון אַזוי געבויט, אַז מען זאָל זיך קענען בייטאָג אויסבאַהאַלטן פון דער היץ. איך האָב גאַנץ רויק געהאַלטן אָפן טיר און פענסטער, כאָטש פאַר יעדן שלאָפן גיין האָב איך אַרומגעקוקט אין יעדן ווינקל, אונטערן בעט און אין בעט גופא, צי אָפּשטאָל האָט זיך ניט פאַרקליבן אַ שלאַנג צו מיר אין צימער אַריין. כאָטש מען האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אין שטאָט זיינען קיין שלאַנגען ניטאָ. נאָר גיי זיי זיכער מיט שלאַנגען אין אינדיע. אַוועקגייענדיק בייטאָג, האָב איך טיר און פענסטער געלאָזן אָפן. עס איז אָנגענומען אַזוי.

אַז איך האָב זיך אומגעקערט אַהיים, האָב איך גאָרניט באַמערקט אין צימער. אין די ווינקלען איז געווען טונקל. איך האָב מיר אַנידערגעזעצט אַנטקעגן דער אָפענער טיר און אַרויסגעקוקט צום פונאַנדערגעבליטן גאָרטן.

דערווייל קומט אָן אַ יונגער אינדוס, ריין אָנגעטאָן. האַלב-אינדיש און האַלב-אייראָפּעיש געקליידט. דאָס מיינט מיט אַ „דאָטי" אַרום די היפטן און אַ האַלבן סורדוט אויבן, אַ ראָזער טורבין אויפן קאָפּ. האָט זיך באַגריסט. אַנידערגעשטעלט אַ טשעמאָדאַנטשיק אויף דער ערד און האָט זיך פאַרגעשטעלט:

ער האָט צו פאַרקויפן אַלערליי קליינינקייטן געשניצטע פון העלפאַנט-ביין. מעסערס, פּאַפּיר אויפשנײַדן, קליינע העלפאַנטלעך פון העלפאַנט-ביין אויסגעשניטן. שרייבהענטלעך א. ד. ג. איך האָב אים געבעטן זיצן, זיך צעשמועסט מיט אים. לאָזט זיך אויס, אַז ער איז פון אַ העכערער קאַסטע. האָט געענדיקט אַ מיטל-שול. רעדט נאַטירלעך ענגליש. איך האָב בײַ אים אויסגעקליבן אַ קליינקייט, באַצאָלט און אָנגעהויבן אים אויספרעגן וועגן דער לאַגע פון דער יוגנט.

ער אָבער האַלט זיך אומרויִק. ווי עפּעס האָט ער באַמערקט בײַ מיר אין צימער. איך האָב אויף אים דערקענט די אומרויִקייט און אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן זײַנע בליקן.

— סיר, אַ קאָבראַ האָט באַוויליקט צו באַזוכן דײַן צימער. אַ גוטער סימן, סיר!

איך בין אויפגעשפּרונגען פון אָרט, פאַר מיר איז דאָס גאָר קיין גוטער סימן ניט געווען. אָט די דאָזיקע שלאַנג מיט דעם פלאַכן קאָפּ, וואָס הויבט אַזוי אויף דעם אייבערשטן טייל גוף, דער קאָפּ פאַרדים געבויגן, ווי דער קאָפּ פון אַ שוואַן — — היט זיך פאַר אַזאַ שלאַנג!

— וואָס זאָל מען טאָן, פרעג איך אים, אפשר פּרווון זי הרגענען?

— אָ, ניין סיר, זאָל דיר גאָט באַהיטן, מיר טויטן ניט, סיר...

— זי וועט דאָך אונז טויטן!

— איז דאָס אונזער שיקזאַל אַזאַ. די שלאַנג איז ניט שולדיק.

— און אַז זי וועט מיך הרגענען, וועסטו זי יעמאָלט טויטן?

— ניין, סיר, איך זאָג דאָך דיר, מיר טויטן ניט.

די שלאַנג האָט זיך דערשראָקן פאַר אונזער דיספּוט און האָט ניט געוואַרט, אַז ער זאָל איר ברענגען מילך — זי איז זיך פאַרמעלעך אַרויס פון צימער, שאָקלענדיק מיט איר גאָפּלדיקן צינגעלע. זי איז פאַרשוואונדן ערגעץ צווישן די בלומען.

איך בין אַ ווײַלע געזעסן דערשטוינט, סײַ פון אים און סײַ פון דער שלאַנג. איך האָב קלאָר געהערט, ווי מײַן האַרץ קלאַפּט.

איך האָב מער מיט אים ניט געהאַט וואָס צו ריידן. איך וואָלט שוין אפשר געשוויגן ביז ער וואָלט אַוועקגעגאַנגען.

דערווײַלע באַווײַזט זיך פאַר מיר דער קערער. ער טרײַבט מיטן בעזים דאָס אומרײנע וואַסער פון רינשטאָק. דאָס איז די מלאכה פון אַ פּאַריער. טו איך מײַן גאַסט אַ פרעג:

– און וואָס וואָלסטו געטאָן, סיר, ווען דער קערער קומט איצטער אַרײַן, נעמט דיך אַרום און טוט דיך אַ קוש?

– ניין, סיר, אַזוינס וועט ער ניט טאָן, – ענטפערט ער, אַ ביסל צעטומלט פון מײַן פראַגע.

– מאָל דיר אויס, ווען ער קומט יאָ אַרײַן און טוט דיך אַ קוש...

– איך וואָלט אים דערהרגעט, סיר!

– סטײטש?!

– ער איז דאָך אַ פּאַריאַ.

אָבער אַ לעבעדיקע באַשעפעניש איז ער דאָך!

– ניין, ער איז ניט.

– וואָס מיינסטו, ער איז ניט?

– ער האָט קיין נשמה ניט. ער איז גאָרניט. אַ פּאַריאַ איז אַ אומרײנע זאַך און מער גאָרניט – – –

אָט דאָס איז דער ווידערשפרוך אין כאַראַקטער פון אַ גרויס פאָלק, וואָס האָט אין לעבן אַרויסגעשטעלט דעם דעוויז:

„מיר טויטן ניט“.

אַגב איז מײַן שרעק צוליב דער קאָבראַ-שלאַנג געווען אַ אומזיסטע, ווײַל ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, איז זי געווען אַ „היימישע“, אַ אומשעדלעכע.

# ערדענע קריג

## (בלעטער פון מיין טאָגבוך)

באָמביי, 12טער אַפּריל

היינט ביינאַכט האָב איך באַזאָרגט אַ שיפס־קאַרטע. אין צוויי טעג אַרום גייט אָפּ מיין שיף קיין מצרים. ווי שנעל עס זיינען אַוועק די זיבן חדשים, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין אינדיע. אין דער אייגענער צייט ציען פאַר מיר מיינע אייגענע איבערלעבונגען דאָ אין לאַנד.

ווי אַ פרעמדער בין איך דאָ אומגעגאַנגען צווישן די מאַסן, וואָס טרעטן באָרוועס די ברוינלעכע ערד. איך האָב זיך באַמיט, אַז מיינע טריט זאָלן קיינעם ניט שטערן און קיינעם ניט אָפּטרעטן די פיס. אַז איך וויל איצטער אַרויסנעמען אַ בילד, וואָס האָט באַוועגט מיין געמיט, ביז צום פאַרטראַכטן זיך איבער מיין אייגענעם גורל, אַלס מענטש, ווען עס איז באַשערט צו לעבן מיט זיין אומרויִקן געמיט אין היינטיקן יאָרהונדערט – קומט מיר אויפן זינען אַ בילד ביים פאַרברענען די טויטע אין אינדיע, ביי די ברעגעס פון די הייליקע טייכן. און ניט דאָס פאַרברענען גופא בין איך אויסן; דאָס איז דאָך סיי־ווי דער סוף פון מענטשן. וואָס איז דער חילוק, צי מען פאַרברענט אים, צי מען באַגראָבט אים, צי מען וואַרפט אים אין וואַסער אַריין? מיך האָט דאָ גערירט דאָס בילד, ווי נאָך דעם, ווען פון מענטשן איז שוין געבליבן קויל און אַש, יעמאָלט ברענגען די נאָענטע, וואָס האָבן זיך געזעגנט מיטן פאַרברענען, זיי ברענגען פון הייליקן טייך וואַסער אין ערדענע קריג, גיסן דאָס וואַסער אויפן גליענדיקן אַש און צעברעכן דערנאָך די קריג אויף די איבערבלייבעכצן פון מענטשן. דאָס איז אַ טרויעריקער סימבאָל. און דאָס איז דער שווערער צייכן, וואָס שטייט דאָ פאַ׳ן לעבן:

— „גאָרניט ביסטו ווערט נאָכן טויט, ווי גאָרניט ביסטו ווערט געווען ביים לעבן, אַ ערדענער קרוג. אַט אַזוי וועסטו צעבראָכן".

פאַר די אינדוסן האָט עס געווים ניט אַזאַ באַטייט. דאָס האָב איך אַליין פאַר מיר פאַרטייטשט. געשעפּט האָב איך עס פון הי[illegible] לעבן.

וואָרעם, אויב אין די מערב-לענדער זיינען נאָך די ברייטע פאָלקס-מאַסן אונטערגעדריקט פון אַ האַנט אַ שטאַרקערע, אַ ברוטאַלערע — ווייסן די מאַסן, אַז אַ פּאַראַזיט האָט זיך אָנגעזעצט אויף זייער מבטעלן גוף. מען שפּירט דייטלעך דעם פּאַראַזיט. אַז די צייט וועט קומען, וועט מען אים אַראָפּרייסן. ווייל דאָס לעבן אין מערב-לאַנד רופט צום מענטשן און זאָגט אים:

— „דו ביסט גאָט און באַשעפער".

דאָ, אין אינדיע קען נאָר דער בראַמינער זיך באַטראַכטן פאַר אַ גאָט. דאָס פאָלק — דאָס איז דער ערדענער קרוג, וואָס ווערט צעבראָכן, ווען די צייט קומט. און די צייט מוז קומען. דער מענטש ביים לעבן האָט ניט קיין ווערט. אַטראָפירט זיינען די מוסקלען, ניט צו פילן די קייטן אויף די הענט; ניט צו שפּירן די קלעצלעך אויף די פיס.

איך האָב געזען, אַז אין כינע האָט דער קולי קיין שום ווערט ניט. איך האָב געזען אין כינע, אַז אַ מענטש פאַלט אין גאַס אונטער זיין משא און קיינער דערנעענטערט זיך ניט צו אים, באַהילפיק צו זיין. נאָך מער — איך האָב געזען אין אַ הייסן זומער-טאָג, אין פּעקין, ווי אַ מענטש איז געפאַלן אין מיטן גאַס, אַ באַגאָסענער מיט שווייס און מיט אַ שוים אַרום מויל און קיינער איז ניט צוגעגאַנגען צו אים. דאָ, — אין אינדיע, האָב איך אַזעלכעס ניט געזען. פאַרקערט, דאָ האָב איך דערקענט די מידה פון רחמנות שטאַרקער ווי אומעטום. אין פונדעסטוועגן האָב איך אין כינע געשפּירט, אַז ווען עס וועלן די, וואָס פאַלן אונטער זייער משא, זיך אויפהויבן, אויסגלייכן די פלייצעס — יעמאָלט וועלן זיי אויסשטרעקן די רעכטע האַנט צו דער אייגענער גאַס און זאָגן:

— זייט וויסן, אַז אַ מענטש איז אויפגעקומען פון דעם שטויב צו לעבן און אים קומט דאָס לעבן!

און דאָ, אין אינדיע: — ערדענע קריג. דאָס איז דער סוד פון מענטשנס לעבן אויף דער ערד. אַ נשמה איז פאַרהאַנען, וואָס באַדאַרף זיך פּלאָגן טויזנטער און טויזנטער יאָרן, דורך טויזנטערליי גילגולים, אָבער קיין גוף איז ניטאָ, וואָס זאָל קענען פאָדערן זיין רעכט. אַ ערדענער קרוג, וואָס מוז צעבראָכן ווערן, יעמאָלט ווען מען האָט פון אים דאָס היילקע וואַסער אויסגעגאָסן.

און עס ווילט זיך מיר זאָגן צו די אַלע, וואָס איך זע אפשר צום לעצטן מאָל אין די גאַסן פון זייער אייגענעם לעבן דאָ:

— „דער ערדענער קרוג, וואָס איז געווען אָנגעפילט איינמאָל — קען אָנגעפילט ווערן אַ צווייטן מאָל. און ווי איז צום מענטשן, וואָס גייט זיין גאַנץ לעבן טריט ביי טריט, אַלץ נעענטער צום שייטערהויפן פאַרברענט צו ווערן. און דאָפּלט ווי, אויב אַ גאַנץ פאָלק וואַשט דעם גוף און רייניקט אים, כדי ער זאָל וואָס ריינער קומען צו שייטערהויפן".

גרויס וועט זיין דער דור, וואָס וועט באָרן זיין לייב פאַר'ן לעבנסוועג און אָנפילן די ערדענע קריג מיט לעבנספרייד. דאָס וועט זיין דער צייכן, אַז דאָס גרעסטע פאָלק פון מזרח האָט דערוואַכט צום לעבן.

---

# גאַרבן פון שטילשווייגן

## (בלעטער פון מיין טאָגבוך)

באָמביי, 14טער אַפּריל

היינט באַגינען בין איך אַרויסגעגאַנגען אין די ווייטיקע גאַסן פון באָמביי, צום לעצטן מאָל זיך אָנקוקן אין די טיפע, טונקעלע און לויטערע אויגן פון אַ גרויס פאָלק, וואָס איך האָב ליב געקראָגן ביז צום פאַרדריסן; ביז צום נעמען זיך דאָס רעכט אויפצוּוואַרפן און טאַדלען.

איצטער, אַז איך בין שוין אויפן שוועל, מיטן פּנים געווענדט צו דער מערב־וועלט, וויקלען זיך פונאַנדער פאַר מיין דמיון, ווי אַ קינאָ־לענטע, אַלע לענדער, וואָס איך האָב דורכגערייזט אין די לעצטע יאָרן. וואו איך האָב באַמערקט די דערוואַכונג פון פעלקער און וואו — דאָס אומקערן זיך צו אַ לעטאַרגישן שלאָף. וואו איך האָב באַמערקט דערוואַקסנקייט און וואו — קינדערשקייט.

אינדיע וויקלט זיך נאָך אין וויקעלעך; קלייבט זיך אויפעפענען די אויגן, און ווען דאָס פאָלק ברייט די אויגן אויפעפענען, וועט עס זיין ווי אַ יונג קינד, וואָס עפנט אויף די אויגן פון שלאָף און באַטראַכט די וועלט מיט אַ פרידלעכן שמייכל. אינדיע איז אויך אָפטמאָל געגליכנט צו אַ פאַרשטענדלעך קינד, וואָס שטייט אין אַ ווינקל צעטומלט, ווען די גרויסע און דערוואַקסענע אין שטוב קריגן זיך, שלאָגן זיך, רעשן און ליאַרעמען. עלטערע ברידער — און דאָס קינד האָט פאָרכט פאַר זיי. דערוואַקסענע און אייגן בלוט — דאָס קינד האָט מורא, עס זאָל ניט ווערן צוגעדריקט צום וואַנט. דעם אויסדרוק פון קינדערשער שרעק האָב איך אָפט באַמערקט אין די אויגן פון אינדישן פאָלק. די דאָזיקע שרעק און

אומרויִקייט קען מען דאָך אַראָפּלייענען פון פּנים פון איעדן וואַכן און אויפגעקלערטן אינדוס.

---

שיין איז די דערוואַכונג פון די איינציקע. איך גלייב זיי און זע דורך זיי דאָס גאַנצע פאָלק, בשעת זיי ריידן פון ציטן, ווען אייביקער פרידן וועט הערשן אויף דער ערד. איך גלייב זיי, ווייל אין בלוט ביים פאָלק לעבט אַ ליכטיקע וועלט, וואָס וואַרט אויף דער צוקונפט. אַ מורא פונאַנדערצוויקלען די וועלט פאַר דער צייט, פאָרכט פאַר דער מערב־וועלט מיט אירע אַגרעסיווע פעלקער. די פאָרכט פון אַ פאַרשטענדיק קינד, וואָס דריקט זיך צו דער וואַנט, בשעת די עלטערע פירן אַ קריג צווישן זיך און רעשן און ליאַרעמען.

איך, וואָס האָב זיך געהאָדעוועט און בין אויסגעוואַקסן צווישן מערב־גרענעצן — מיין בלוט זינגט אויך צום גאַנג פון אַלע פרידלעכע געזאַנגען, וואָס האָבן אויך זייער קוואַל אין מערב און וואָס אין מזרח האָבן זיי ביים אינדישן פאָלק דעם קלאָרסטן אויסגאַנג.

די ליניע, וואָס צעטיילט מזרח און מערב, דער אידעישער קאָנטראַסט אין היינטיקע טעג — ליגט צווישן דעם מערב און אינדיע. ווייל אין גאַרבן פון שטילשווייגן איז געבונדן דאָס אינדישע פאָלק; גאַרבן פון שטילשווייגן, געבונדן מיט שטריק פון שטילשווייגן. עס צייטיקן נאָך אַלץ די קערנער אין די דאָזיקע גאַרבן, כאָטש דערווילע טרייבן אָן פרעמדע די אָקסן, וואָס טרעטן אויף דעם, נאָך אינגאַנצן ניט אויסגעשטאַנענעם שווייגן.

גאַרבן פון שטילשווייגן, אין ענגשאַפט געבונדן. דאָס אינדישע פאָלק — עס הערט זיך איצטער איין צום פולם פון אייגענער דערוואַכונג; הערט זיך איין צו די שווערע און ברוטאַלע טריט פון אַ מערב־פאָלק, וואָס טרעט, וואו ס'איז צאַרט, וואו ס'לייב קאָטשעט זיך פאַר פיין.

איצטער פאַרנעם איך דעם באַזינגענדיקן ווינט, וואָס ציט און באַוועגט די „גאַרבן פון שטילשווייגן“.

---

שוין נאָכן דריטן סיגנאַל. אַראָפּגענומען דאָס בריקל, וואָס פאַראייניקט די שיף מיטן ברעג. צוויי אינדוסן, וואָס האָבן עמעצנס פעק־

לעך נאָכגעטראָגן, האָבן די לעצטע אַראָפּגעאײַלט פון שיף. איצטער שטייען זיי בײַם ראַנד פון לאַנד. צוויי נאַקעטע פּלייצעס, זייט בײַ זייט. זיי קוקן, ווי די שיף דערווייטערט זיך פּאַמעלעך פון ברעג. מײַנע בליקן האָבן זיך פאַרבונדן מיט זייערע און זיי לאָזן מיך ניט אָפּ. שווייגנדיק קוקן זיי מיך נאָך.

קיינער שווייגט ניט אַזוי ווי די אינדוסן.
גאַרבן פון שטילשווייגן...

אינדיע, 1927

---

# אינהאַלט:

זייט

# תיקון-טעות

אין דעם קאַפּיטל „דער יאָגי״, זייט 67, דאַרף נאָך דער שורה 14, וואָס ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „אָדער סאַניאַסי נעמט אויף זיך״ — קומען פאָלגנדיקער אָפּזאַץ:

„איינער האָט דערגרייכט פון דער יוגנט די השלמה צו קענען האַלטן די רעכטע פוס אויפן נאַקן, איבערן קאָפּ און אַזוי איז אים די פוס איינגע־טריקנט געוואָרן אויפן נאַקן. אַ נדר אַזאַ. אַ תשובה פאַר זינד, וואָס ער וועט נאָך טאָן. און דער אַנדערער האָט אַזוי לאַנג געהאַלטן אַ האַנט אין דער הויך, ביז ער האָט זי שוין ניט געקענט צוריק אַראָפּלאָזן. אויך אַ נדר געווים. אײנ־דיע האָט זיי געגעבן אַ שטול אויף דער ערד. דאָס פאָלק פאַרגעטערט זיי״.